# אינהאַלט:

# אַ לאַנגע נאַכט

אַן אויסגעשטערנטער הימל איז געהאנגען איבער דער זויבערער שטאָט ווין. די לבנה איז ווי אַרומגעשוואומען. אַלעמען באַגלייט. אין אַ יעדן פענצטער, אין אַ יעדן באַהעלטערל האָט זי אַריינגעבליקט. געשעפט נחת פון פּאָרלעך מיט צעפלאַמטע באַקן און הייסע ליפּן, וועלכע האָבן זיך געשושקעט צווישן די ביימער אין שטאָטישן גאָרטן, הנאה געהאַט פון די פּאָרלעך אין ווייסע קליידער ווי מלאכים, וועלכע האָבן אַרומגעשוועבט אויף די גלאַטע דילן אין די טאַנץ־זאַלן.

די מוזיק, די וואַלצן זיינען געווען ווייך, פּשוט געגלעט אין די אויערן. פּנימער האָבן געשיינט מיט דאַנקבאַרקייט. זיי זיינען געווען צופרידן וואָס אַמאָל איז געווען אַ יאָהאַן שטראַוס, אַ פעליקס מענדעלסאָן, וועלכע האָבן זיך פאַר זיי געזאָרגט, געשאַפן מוזיק אַז אַלע זאָלן אַזויפיל נחת־רוח האָבן . . .

בלויז אויף דעם יידישן קוואַרטאַל, אויף דער „שיף־אַמטס"־גאַס איז געווען אומעטיק. הער פריד האָט באַגעגנט זיינעם אַ שכן מיט אַ טרויעריקן גוטנאָווונט. ער האָט מיט אַ ציטער אין זיין קול געפרעגט:

— געלייענט דעם אָוונטבלאַט, הער זילבער? — באַלד זיך צו אים צוגעבויגן און שטיל פאַרענדיקט, — בערלין רוקט זיך! . . .

הער זילבער האָט אַ גלעקלדיקן לאַך געטאָן אים אין פּנים אַריין, און גראָד גערעדט הויך אויפן קול:

— אָט דאָס איז דאָך מיט אונדזערע יידן, באַלד שרעקט מען זיך . . . דעם ימח־שמוניק אַדאָלפן ליגט דאָס אַפילו ניט אין דער פּיאַטע . . .

— אָבער עס טומלט זיך דאָך פאָרט! — האָט זיך פריד מיט אים ווי געדונגען.

זילבער האָט אים גוט־ברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע:

— הער פריד, גייט אַהיים און שלאָפט זיך בעסער גוט אויס! אונדזער רעגירונג איז געזונג שטאַרק דערוויל . . . אַ גוטע נאַכט!

פריד איז געשטאַנען אַ ווײַלע, נאָכגעקוקט זילבערן ביז ער האָט יענעם שוין מער ניט אָנגעזען. דערנאָך האָט ער אַ יאָושדיקן צי געטאָן מיט אַן אַקסל און שווער אָפּגעזיפצט.

דאָס מילד ווינטל פון יענעם אָוונט האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם יידישן

זיפץ און וויץ, ווייט אָוועקגעטראָגן, — אויסגעמישט מיט דער פרייד פון שטאָט, ווי אַ טראָפּן אין אַ ברויזנדיקן ים . . .



ביי דעם יונגן יידישן אַדוואָקאַט בערנע איז דער קאַנטאָר (אָפּיס) געווען אויסגעפּוצט לויט דער לעצטער מאָדע. ער איז געזעסן אויבנאָן ביי זיין שרייב־טיש זיכער און צופרידן. ער האָט געהאַט ביי זיך אַן אָנגעלייגטן גאַסט, הער מאַגיל, אַן אָפּיצער וועלכער איז מיט אים צוזאַמען געגאַנגען אין אוניווערזיטעט. בערנע האָט זייער הנאה געטאָן וואָס ער איז געקומען. ערשטנס, האָט ער זיין חבר שוין ניט געזען אַ צייט; צווייטענס, ווייל ער אים טאַקע איצט איבערצייגן אַז ער איז ניט גערעכט, ווען ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון לערנען. ס'האָט זיך זיי ביידע געלוינט צו קנייטשן די שטערנס . . . איצט זיינען זיי ביידע צוויי בויטיקע מענטשן פאַר דער מלוכה.

מאַגיל איז געזעסן אַ פּאַרטראַכטער. אים איז ניט געגאַנגען אין קאָפּ אַריין בערנעס רייד. ער איז דאָך גאָר געקומען אַהער צוליב אַן הלוואה און ער ווייסט ניט ווי אַזוי דאָס אַרויפצוברענגען און אפשר וועט ער אים גאָר אָפּזאָגן . . . ער האָט געקוקט עטלעכע מאָל צו דער פייערקאַסע. געטראַכט זיך, אַז גוט וואָלט געווען, ווען ער קאָן צוגיין און אַליין זיך נעמען די סומע וואָס ער דאַרף אַט איצט האָבן . . .

בערנע האָט אים עטלעכע מאָל געפרעגט פאַרוואָס ער זעט אויס אַזוי אומעטיק. ס'איז גאָר ניט זיין טבע . . . אויב אַזוי, האָט שוין מאַגיל געקראָגן קוראַזש און בערנען געלאָזט וויסן וואָס אים קוועטשט, און בערנע האָט אים געלאָזט וויסן אַז ער וועט אים שוין ניט אַרויסלאָזן מיט קיין ליידיקע הענט. מאַגיל האָט אויסגעצויגן זיין האַלדז און אַ צופרידענעם שמייכל געטאָן.

דערנאָך האָבן שוין ביידע געשטיפט און געלאַכט. דערמאָנט זיך וועגן זייערע סטודענטישע יאָרן. ווי אַזוי מאַגיל איז אַמאָל געווען שיכור און נאָכגעלאָפן אַן עלטערן יידן, נאָר געוואָלט אים אָפּשערן די באָרד . . . בערנע האָט אים דאַן געמוסרט אַז ס'איז ניט שיין, ניט טאָלעראַנט . . . און ער, מאַגיל, האָט נאָר געשריען, אַז ער וויל ברענגען דעם טאַטן זיינעם אַ מתנה . . . דער ייד איז גראָד געבליבן שטיין אַ שטאָלצער, און מאַגיל איז דאַן אַנטלאָפן . . . בערנע האָט אים אויך דערמאָנט אין פאַרשיידענע ליבעס וואָס ער האָט שוין דאַן געפירט. ווען ניט זיינע אַ קאַמ־

פּאָזיציע, וואָלט מאַגיל געוועזן דורכגעפאַלן ביי דעם עקזאַמען . . .

מאַגיל האָט אָפּגעשטאַרק אָנגעקוואָלן פון זיינע יוגנט־טעג, ווייל ער האָט געהאַלטן אין איין לאַכן. הויך און נאָך העכער. זיך פּשוט גע־הוידעט, אָט פאַלט ער אַרונטער פון דער שטול. די אויגן זיינען ביי אים געווען פאַרגאָסן מיט פריילעכע טרערן. עס איז געווען דערפאַר, וואָס ער האָט זיך שוין אין איין וועג דערמאָנט אין זאַכן פון וועלכע בערנע האָט נישט אָנגעהויבן וויסן . . .

אַביסל שפּעטער האָט בערנע געפירט מאַגילן אין שטוב אַריין. זאָל ער זען זיינע ערשט־אויסגעמעבלירטע צימערן! עס וועט אים פרייען, האָט ער זיך געטראַכט.

מאַגיל האָט גלייך באַלייגט זיינע פאַרשייטע בליקן אויף דער שלאַנ־קער טערעסע, בערנעס פרוי, מיט וועלכער ער האָט זיך אָט־ערשט די מינוט באַקאַנט. אין דער מחשבה זיינער האָט ער גלייך זיינע הענט אַרום איר טרייסלענדיקן בוזעם. זיינע צעצונדענע ליפּן אויף איר בלאָסן האַלדז . . . לפּנים, אָבער, האָט ער זיך פאַרנויגט. מיט גרויס העפלעכ־קייט האָט ער אַרונטערגעצויגן אַ ווייסע האַנדשוי פון זיין רעכטער האַנט, און אַריינגעכאַפּט טערעסעס קליינע האַנט, וואָס מ׳האָט קוים אַרויסגעזען. זי האָט זיך באַלד ווי געבעטן מיט אירע בלויע אויגן, אַז ער זאָל באַ־פרייען איר האַנט . . .

שפּאַצירן די מענער און טערעסע נאָך זיי. עס ווילט זיך איר זייער פרעגן: ווי געפעלט דעם הער מאַגיל איר געשמאַק? דאָס האָט זי אַלץ אליין אויסגעקליבן. איז אין גאַנץ ווין פאַראַן אַ שענערער בופעט ווי דער־אָ, וועלכער שטייט דאָ? ניין, זי וויל זיך ניט באַרימען, נאָר באַלד זינגט זי אויס:

— פאַרוואָס עטאַבלירט זיך ניט דער הער מאַגיל?

בערנע גיט אים גוט־ברודעריש אַ גלעט איבער אַן אַקסל:

— דו זעסט דעם בחור, מיין טייערע, פון דער ירושה וואָס אים איז פאַרבליבן, וואָלט ער געקאָנט האָבן אַן אייגן הויז, און נאָך שענערע מעבל פון אונדזערע . . .

טערעסע האָט זיך קינדעריש פאַררויטלט:

— וואָס האָסטו געזאָגט, דו שלעכטער? שענערע מעבל פון אונד־זערע? איך פּראָטעסטיר!

בערנע, אַביסל צעטומלט:

— איך מיין, פאַרשטייסט? לויט דער סומע . . .

מאַגיל:

— דערפאַר האָב איך אָבער אַזאַ מאַדאַם נים געקאָנט קריגן . . . —
ער טראַכט בעת־מעשה, אַז ער פאַרגינט טאַקע ניט דעם יידן אַזאַ רחבות, ניט געקוקט דערויף וואָס ער איז אויך אימשטאַנד געווען דאָס צו באַווייזן. ער האַלט אין איין וואַרפן זיינע בליקן אויף טערעסען. אים האָט נאָר וואָס זיך דערמאָנט, אַז זיין פאָטער פלעגט זאָגן, אַז ס'איז אַ מצווה אַוועקצונע־מען אַ קריסטלעכע פרוי פון אַ יידן . . .

טערעסע, ווי זי וואָלט געלייענט זיינע מחשבות, האָט זיך פלוצים אָנ־גערופן:

— ווען דער הער באַשליסט נאָר צו היראַטן, וואָלט איך אים פאַר־געשטעלט פאַר אַ פריילין, פאַר וועלכער ער וואָלט מיר אין אַלע צייטן געווען דאַנקבאַר . . .

— אָט אַזעלכע ווי איר? — האָט מאַגיל כלומרשט אין שפּאַס גע־פרעגט.

— אַז איר וועט זי נאָר דערזען, וועט איר שוין אויף מיר ניט וועלן קוקן מער . . .

דער טעלעפאָן אין בערנעס קאַנטאָר האָט אָנגעהויבן קלינגען. בער־נע האָט געפילט ווי זיך ביי דעם מאָמענט צו שאַפן מיט טערעסען, אַז זי זאָל גיין ענטפערן דעם טעלעפאָן, אָבער עס פּאַסט אים ניט, איז ער נאָכ־לעסיק אַוועקגעגאַנגען.

טערעסע איז געבליבן שטיין אויף אַן אָרט, ווי געוואַרט ביז בערנע וועט קומען צוריק. איר איז ניט געפעלן געוואָרן מאַגילס בליקן אויף זיך . . .

מאַגיל האָט אויפגעלעבט. ער וואָלט וועלן אַז בערנע זאָל זיך פאַר־זאַמען וואָס לענגער. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן טערעסען אונטערן אָרעם, אַז זי האָט אַזש דערפילט אַ ברי. ער האָט איר אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן אַריין:

— איז ווען, צום ביישפּיל, וועט איר מיר באַקענען מיט דער פריי־לין? ווי אַזוי הייסט זי דאָרט?

טערעסע: — פריילין ליזע. זי שטאַמט פון לויטער פּאָליטיקער, מיט וועלכע מיר זיינען ניט דורכאויס איינשטימיק. מיר שיינט, אַז מיט זייערע אָנשויאונגען וועלן זיי פאַרטאַכלעווען אונדזער פרייהייט . . .

מאַגיל:

— אָך, די פרייהייט! אַמאָל איז זי גוט, און אַמאָל ניט . . .

טערעסע באַטראַכט אים מאָדנע:

— וואָס מיינט איר צו זאָגן ?

מאַגיל פאַררעדט איר :

— מוזן מיר רעדן וועגן פּאָליטיק ? מיר ווילט זיך ביי דעם מאָ־מענט פרעגן אייך אַ פּאָר פּערזענלעכע פראַגן . . .

טערעסע שטעלט אים אָפּ :

— איך האָב פּיינט אָפּגעהאַקטע פראַזן. ביי מיר איז פרייהייט אַ וויכטיקער ענין . . .

מאַגיל צעלאַכט זיך. לייגט אַרויף אַ האַנט אויף איר אַקסל. טערע־סע דערוויטערט זיך אַביסל.

— אַט זעט איר שוין ווי מענטשן קאָנען האָבן פרייהייט ? מיין פריינט בערנע, ער מעג. ווען איך זאָל אייך וועלן אַ קוש טאָן, וואָס וואָלט שוין געווען ?

זי רוקט זיך אָפּ נאָך אַביסל ווייטער.

— איר האָט אַ רעכט צו וועלן . . . אָבער לאָמיר זיך בעסער אַוועק־זעצן ביז הער בערנע וועט קומען צוריק, וועלן מיר אַלע צוזאַמען אַביסל שמועסן.

זי זעצט זיך אַוועק און ער גלייך נאָך איר. ער זיפצט אָפּ שווער, ווי אין ווייטיק, טראָגט אַרום זיינע בליקן איבערן צימער, און לאָזט זיי אַ ווײלע הענגען אויף די שווערע פּליושענע פאָרהאַנגען איבער די פענצ־טער, כלומרשט רעדט ער צו זיי :

— נישטאָ קיין פרייהייט ביי אונדז, אַ שיינע קריסטין פּאַלט אַריין צו . . . — טערעסע לאָזט אים ניט פאַרענדיקן — ווען בערנע זאָל דאָס הערן ! — זי וואָלט אים וועלן זאָגן, אַז ער מאַכט זיך שוין אַביסל צו היימיש . . .

מאַגיל האָט זיך אַפּנים געכאַפּט, אַז פאַר אַן ערשטן מאָל איז דאָס גע־ווען צו האַסטיק, האָט ער זיך עטלעכע מאָל אַנטשולדיקט :

— אַך, די צונג, די צונג, פּלאָנטערט זיך אַמאָל. — ער טראַכט, אַז מיט איר דאַרף מען רעדן אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן : „אייל זיך צו איידער יענער קומט אַריין".

באַלד מיט אַ שמייכעלע : ער וואָלט וועלן וויסן, צי וואָלט ער, אַ שטייגער, געקאָנט אויסקומען מיט אַ יידישקע . . .

טערעסע האָט אים גאַרניט געענטפערט.

אָט איז שוין דאָ הער בערנע. ער איז געבליבן שטיין פאַרקלערט : „גיב נאָר אַ קוק ווי מען זיצט דאָס די גאַנצע צייט אויף איין אָרט ? וועגן וואָס אַ שטייגער האָבן זיי דאָס גערעדט ? ער וואָלט זייער וועלן וויסן"...

פונדעסטוועגן האָט ער געמאַכט אַן אָנשטעל:

— אָט אַזוי נעמסטו דאָס אויף אַ גאַסט, מיין טייערע? כ׳האָב געדענקט, אַז דו האָסט אים שוין געוויזן אַלע צימערן. קום, מאַגיל, וועל איך דיר ערשט ווייזן!

מאַגיל האָט אים שוין איצט דערמאָנט אַן דער הלוואה. בערנע האָט זיך אַביסל געקרימט ווען ער האָט דערהערט די סומע: וואָס מיינט ער, אַן אַדוואָקאַט איז אַ גביר ביי היינטיקע צייטן? אָבער פאַרפאַלן, ער האָט אים צוגעזאָגט!

אַביסל שפּעטער האָט זיך מאַגיל אויף אַ מיליטערישן שטייגער אָפּגעזעגנט. זייער שיין באַדאַנקט און אַוועקגעגאַנגען.

בערנע און זיין פרוי זיינען אַ ווײַלע געזעסן שטיל. ערשט איצט האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז זיי האָבן עטלעכע זייגערס אין זייערע צימערן. יעדער מיט זיין טיק־טאַק האָט געוואָלט ווייזן ווי נוצלעך ער איז מער פאַר אַן אַנדער זייגער. פאַרוואָס זיינען זיי געזעסן אַזוי שטיל? בערנע האָט געטראַכט, אַז ער וואָלט באַדאַרפט דערציילן זיין פרוי, אַז מאַגיל איז אַ לייכטזיניקער מענטש, כדי דאָס זאָל פאַר איר זיין אַ מוסר־השכל, ניט צו האַלטן זיך צו־נאָענט צו אים . . . אויב ער וועט דאָס ניט טאָן באַצייטנס, וועט זי זיך נאָך אויסגליטשן, און דאָס וועט דאָך אויסגיין צו זיין קאָפּ . . . זי, ווידער, האָט געטראַכט: אָט האָסטו צוויי פריינט. אויבנאויף איז, דאַכט זיך, אַלץ שיין, און דער אמת איז, אַז מאַגיל פאַרגינט ניט איר מאַן. פאַרוואָס זאָל דאָס אַזוי זיין? זי האָט פּלוצים איבערגעריסן די שטילקייט. זי וויל וויסן וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איז אָט־דער מאַגיל?

„זאָג איר זאָג איר, זאָג איר!״ — האָט בערנען געטריבן אַ געדאַנק. ער האָט מורא געהאַט, אַז זי איז שוין פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אוניפאָרם, ווי דער שטייגער איז מיט פרויען . . . זיין טערעסע איז טאַקע אַ פרוי מיט אַ פאַרנעם, אים זייער געטריי, אָבער דאָך . . . ניין, ער קאָן איר ניט זאָגן! ניט שיין צו באַרעדן אַ פריינט . . .

נאָך עפּעס. אויב ער איז יאָ אַזעלכער, וועט זי דאָך וועלן וויסן צוליב וואָס ער חברט זיך מיט אים. יאָ, זיין פּרעסטיזש וועט פאַלן ביי איר אין די אויגן. „אָבער וואַרט, נאַר!״ ער קאָן דאָך איר דערציילן דעם ריינעם אמת, אַז דער מאַגיל איז אַ צוטשעפּעניש צו אים נאָך פון די בחור־יאָרן. ער קאָן אים פּשוט ניט מדחה זיין. זי זעט דאָך אַליין, אַז זעלטן, זעלטן קומען זיי זיך צונויף. אפשר איר אויך דערציילן, אַז ער איז גאָר געקומען נאָך אַן הלוואה?

נאָכדעם ווי טערעסע האָט עטלעכע מאָל זיך אַלץ באַכגעפרעגט וועגן

מאַגילן, האָט זיך בערנע ערשט געכאַפּט, אַז דאָס איז גאָר צוליב ליזען. ווי באַלד אַזוי, האָט ער אַ האַלבן שמייכל געטאָן, אַביסל לייכטער אָפּגע־אָטעמט:

— ער איז אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשן, — האָט ער זיך צו־פרידן געזאָגט.

— אָבער פאַר ליזען — — —

— פאַרלאָז זיך אויף איר! זי וועט שוין אַליין אויסגעפינען . . . —

איצט האָט ער שוין געלאַכט גאַנץ פריי, געווען צופרידן וואָס ער דאַרף ניט טרייבן קיין רכילות אויף מאַגילן. ער האָט אַרומגענומען טערעסען, אָוועקגעשטעלט זיין קיילעכדיק פּנים אויף איר אַקסל און געזאָגט:

— דו ווייסט, מיין טייערע, מיר דאַכט זיך, אַז דיין אַרבעט איז אומ־זיסט. מאַגיל וועט זיך אַזוי שנעל ניט פאַרבינדן מיט קיין פרוי. אָט אַזוי זיינען אַרמיי־מענטשן . . .

טערעסע האָט געשוויגן. איר האָט שוין באַנג געטאָן, וואָס זי האָט דערמאָנט ליזעס נאָמען פאַר אים. דערנאָך זיך געטרייסט, אַז ער וועט מסתמא פאַרגעסן אָן איר. מאַגיל האָט דאָס זיכער אויפגענומען ווי אַ זשעסט.

2

יענע נאַכט איז מאַגיל געלעגן אויף זיין בעט און ניט געקאָנט אַנט־שלאָפן ווערן. דאָס לענגלעכע פּנים מיט די שאַרפע אויגן פון טערעסען האָט נאָך אַלץ געשוועבט פאַר אים. „פרייהייט", האָט ער זיך איצט אין זיין מחשבה מיט איר אויסגעטענהט. „אָט וואָלט ער וועלן, אַז זי זאָל איצט זיין לעבן אים; נו, קאָן ער דאָס אויספירן? פאַרוואָס ניט? גע־זעץ און אָרדענונג . . . אַז אַך און אַז ווי צו אים, אַז דער ייִד בערנע דאַרף דאָס פאַר אים טייטשן דאָס געזעץ . . . ווי קלוג ער איז דאָס, גלייך אין זיינע אויגן דערציילט פאַר טערעסען וועגן דער ירושה זיינער. וואָס האָט ער מיט דעם געמיינט, אַז ער, דער קריסט, איז אַ טויגעניכטס . . . ווער ווייסט וואָס נאָך ער האָט איר שפּעטער אַנדערציילט וועגן אים? זי וועט שוין אפשר ניט וועלן מיט אים זיך באַגעגענען מער" . . . ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין. „זאָל זיך דאָס אַרויסווייזן צו זיין אמת, וועט אים גאָר זיין בעסער. ער דאַרף ניט האָבן זיין פרייַנטשאַפט מער . . . די הלוואה וואָס ער האָט היינט ביי אים געמאַכט איז צו ווייזן פאַר זיינע אַנהענגער, אַז אַפילו יידן שטיצן זיין פּלאַן פון דעם אַנשלוס מיט בערלין...

ער האָט דערפילט אַ טריקעניש אין האַלדז. זיינע נערוון האָבן זיך

צעשפּילט. באַלד האָט ער ליכטיק געמאַכט אין זיין צימער, זיך אַ יאָג געטאָן צו אַ פאַרשלאָסענער שאַפקע, אַרויסגענומען אַ פלאַש בראַנפן, ליידנשאַפטלעך אַריינגעכאַפּט דאָס שמאָלע פּיסקל צווישן די ליפּן און עט־לעכע זיפּ געטאָן. געקוקט מיט באַדויער וואָס אין פלאַש ווערט ווייניקער, און ווייניקער.

שאַ, אָט האָט ער שוין אַ נייעם פּלאַן. צום ביישפּיל ? ער וועט באַ־גײגענען טערעסען, אַרויפוואַרפן אַלע זיינע אַפּערעס אויף בערנען . . . אָך וועט דאָס אַרבעטן . . .

דאָס האָט שוין מאַגילן צום איבעריקן ניט געלאָזט שלאָפן. ער האָט געשטופּט שטיקער נאַכט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט נאָך פאַר זיך קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ לאַנגע נאַכט. ער האָט באַצייטנס גע־קליבן מאַטעריאַל צווישן זיינען זכרונות, אַזעלכע וועלכע וועלן דעם יידן מיאוס מאַכן אין די אויגן פון טערעסען . . .

גאַנץ פרי איז מאַגיל געזעסן שטאַרק פאַרטיפט, געשריבן אַ בריוו צו טערעסען. פאַרזיכטיק געווען מיט יעדן אויסדרוק, וועלכער לאָזט זיך טייטשן אַנדערש. מערסטנס גערעדט וועגן ליזען. ער האָפט, אַז זי וועט אים העלפן זיך עטאַבלירן. ער שטימט איין צו באַגעגענען זיך מיט איר, ווייל זי, ליזע, איז איר פריינדין . . . דאָס האָט ער טאַקע אונטערשטראָכן. פאַרטיק געוואָרן, האָט ער עטלעכע מאָל דעם בריוו איבערגעלייענט און צעריסן אויף שטיק־שטיקלעך. געכאַפּט זיך, אַז לויט דעם דאָזיקן נוסח וועט נאָך טערעסע קומען מיט ליזען. ניין ! דאָס וויל ער ניט ! ליזע איז דאָך בלויז אַן אויסרייד. ער וועט איר שרייבן גאַנץ פשוט, איר אַליין וויל ער באַגעגענען. פאַרוואָס ? ווייל ער וויל ביי איר צום ערשטן זיך גוט אָנפרעגן וועגן ליזען איידער ער גייט מאַכן אַזאַ „וויכטיקן שריט" . . . שפּעטער וועט ער איר אפשר דערציילן וועגן זיין באַזוך אין בערלין. אַז די רייכסטע לייט זיינען מיט אים פאַר דעם אַנשלוס. ער וויל זי פשוט ראַטעווען איידער עס ווערט צו שפּעט . . .

ער האָט זיך באַלד אַליין אַ קניפּ געטאָן אין באַק — מאַגיל, ביסט פונקט אַזוי קלוג ווי דער ייד בערנע, ער וועט שוין לאַנג ניט פלאַפּלען . . .



ווען טערעסע האָט דעם בריוו דערהאַלטן, איז בערנע אין גאַנצן ניט געווען אין שטאָט. זי האָט זיך געטראַכט, אַז זי האָט זיך ניט באַדאַרפט פאַרטשעפּען מיט מאַגילן. איר לעבט זיך צופרידן. ווער ווייס וואָס איר

דערוואַרט צוליב ליזען? און אפשר וועט אויך ליזע ניט לעבן מיט אים צופרידן און האָבן טענות צו איר אויפן גאַנצן לעבן? זי האָט מורא אַז איר בערנע פאַרבאַהאַלט פון איר זאַכן וועגן דעם אַפּיצער מאַגיל. ער האָט עפּעס צופיל געטראַכט, ווען זי האָט אים געפרעגט זיין מיינונג. באַלד קלינגט ביי איר אָפּ זיין ענטפער: „אַ מענטש גלייך מיט אַלע מענטשן"...

ווי באַלד אַזוי וועט זי זיך מיט אים באַגעגענען. אויב ער וועט זיך ניט אויפפירן ווי געהעריק, וועט זי זיך גלייך אומקערן צוריק און דאָס וועט זיין אַ טובה פאַר איר פריינדין ליזע... אָט רופט זי אים שוין אויפן טעלעפאָן, אַז זי קומט.

יענעם טאָג האָבן זיך די סאָלדאַטן ניט געקענט אָפּוואונדערן פון דער גוטסקייט, וואָס זייער אַפּיצער מאַביל האָט צו זיי אַרויסגעוויזן. זיינע גראָבע רייד זיינען געווען זעלטענער. ער האָט זיי ניט שטאַרק געמאַטערט ביי דער רעוויזיע, ניט געחוזקט אַזוי פון דעם און פון יענעם, ווי אַזוי מען שטייט.

אָט ערשט נעכטן:

— יאַהאַן, וואָס שטייסטו אַנגעבלאָזן ווי אַן אינדיק? קאַרל, דיין ברוסט וועט ביי דיר פּלאַצן! פריץ, איז דיין ביקס איז פינצטער! אַ פּאָר טעג אַרבעט אין קיך וועט דיר אויסלערנען...

היינט, אָבער, גלייכט ער אַליין אויס דעם אָדער יענעם, און אויף די ביקסן קוקט ער זיך אַפילו ניט אום. עפּעס גייט ער אַרום אַ פאַרטראַכטער.

אין דער פרייער צייט האָבן די סאָלדאַטן צווישן זיך גערעדט וועגן דעם:

— ער קריגט שוין מסתמא אַ פריש טייבעלע...

— זאָל אים וואויל באַקומען, אַבי ער זאָל צו אונדז ניט זיין קיין חזיר...

— ער וועט שוין אַזוי פגרן... מאָרגן וועט ער איר ערגעץ פאַרלירן און ווידער אויסלאָזן דאָס האַרץ צו אונדז...

— אָט דאָס איז דאָס לעבן פון אַ סאָלדאַט!

דערנאָך האָבן זיי זיך געשושקעט וועגן דעם, אַז מאַגיל איז געווען אין בערלין... איינער האָט אַ זעץ געטאָן מיט אַ פויסט אין זיין קעסטל:

— עסטרייך וועט בלייבן עסטרייך! מיר האָבן שוין געהערט וועגן די בערלינער דום־קעפּ...

— היט זיך, ברודערקע, דיינע רייד זאָלן נאָר ניט אָפּגעטראָגן ווערן...

אַן אַנדערער האָט שווער אָפּגעזיפצט:

— נישטאָ קיין געהעריקער באַלעבאָס ביי אונדז אין לאַנד . . . עפּעס שאָקלט זיך די ערד . . .

— ווייל זי איז קיילעכדיק, — האָט איינער אויסגערופן, און באַגלייט געוואָרן מיט אַ הילכיק געלעכטער.

טערעסע איז געקומען צו דער באַשטימטער צייט. זיי האָבן זיך גע־טראָפן לעבן אַ קאַפע־הויז. מוזיק האָט געשפּילט, דאָס פידעלע האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן. זיי האָבן זיך באַזעצט צווישן צוויי ווענטלעך, וואָס טיילן אָפּ פון אַנדערע געסט. מאַגיל האָט אַריינגעשושקעט דעם הויפּט־קעלנער אין אויער אַריין, אַז יענער זאָל אים פאַרלייקענען, אויב עמיצער פרעגט זיך נאָך אויף אים, — כ'בין נישטאָ, פאַרשטייסט ? — דער קעלנער האָט ממזריש אַ קוועטש געטאָן מיט זיינע קאַליע אויגן — נישטאָ !

מאַגיל האָט שוין ביי זיך אין מוח געענדערט דעם צוגאַנג צום געשפּרעך : אפשר זאָל ער גאָר וואַרטן ? זאָל זי צום ערשטן ריידן. באַ־לעקן זיך ווי גוט ס'איז ווען מען עטאַבלירט זיך, דאַן וועט ער אַריינפאַלן מיט זיינע רייד . . .

טערעסע האָט אויף אים אַנגעשטעלט אַ פּאָר קאַלטע אויגן. ביי אים געפרעגט, וואָס אייגנטלעך ווילט זיך אים וויסן וועגן ליזען ? דערויף, אָפּנים, האָט זיך מאַגיל ניט געריכט, ווייל ער האָט זיך גלייך פאַרלוירן :

— איך וועגן ליזען ? — האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען, באַלד זיך געכאַפּט, אַז ער פירט איבער זיין פּלאַן, — יאָ, יאָ, וועגן ליזען — וואָס זאָל ער פרעגן ? — ער האָט באַלד אַ יאָושדיקן מאַך געטאָן מיט דער האַנט :

— ווי אַזוי קאָן מען עפּעס אויסגעפינען, אַז פון שלעכטע זאַכן ווערט־ציילט דאָך קיינער ניט . . .

מאַגיל האָט פּשוט אַנגעקוואַלן וואָס ער האָט דעם געשפּרעך אַזוי קונ־ציק פאַרפירט. אָט וועט זי ביי אים פרעגן וואָס ער מיינט און עס וועט שוין גיין אַ גאַנג . . .

בערנע איז שוין געהאַט אַהיים געקומען. איבערגעלייענט דאָס צעט־טעלע וואָוהין טערעסע איז געגאַנגען, האָט זיך אים פּשוט אָנגעהויבן מישן אין קאָפּ. ער האָט היינט אויסגעפונען אין פּאָליטישן קלוב, אַז אָט־דער מאַגיל שטעלט צונויף הפקר־עלעמענטן פאַר זיין נייער אָרגאַניזאַציע. אפשר וועט נאָך זיין אייגענע פרוי מיט אים גיין ! ער ווייסט טאַקע אירע אַנשויאונגען, אָבער ווער קאָן וויסן וואָס ביי איר אין האַרצן ליגט טיף

פאַרבאָרגן ? . . . זי איז דאָך פאָרט אַ קריסטין און ער איז אַ ייד . . . ס'איז אים גלייך געקומען אויף דער מחשבה די לעגענדע פון חומש וועגן שמשון און דלילה . . .

ער איז נערוועז אַרומגעלאָפן איבערן צימער. פאַרדריכערט איין סי־גאַרעטל נאָך אַ צווייטן, געקוקט אויפן זייגער אָקעגנאיבער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער זייגער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער איז גלייך צו, גענו־מען אים אין האַנט אַריין, צוגעלייגט דעם אויער, ווי אַ דאָקטער צו אַ חולהס האַרץ: „וואָס איז מיט מיר ?" — האָט ער זיך פאַר דעם זייגער ווי פאַרענטפערט. באַלד אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש. זאָל ער נאָך אַ מאָל אַ טראַכט טאָן: וואָס אייגנטלעך מאַטערט אים אַזוי ? איז דאָס די פּאָלי־טישע לאַגע פון זיין לאַנד, צי די געפאַר וואָס לויערט אויף זיין טערעסען, וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק ליב ? לויט זיין מיינונג, וועט עסטרייך בלייבן עסטרייך, מעגן טויזנטער לומפּן ווי מאָגיל זיך אָרגאַניזירן . . .

„ניין, ער וועט זיך ניט גיין לייגן שלאָפן, ביז ער וועט זי זען צו־ריק !" ער חוזקט פון זיך וואָס ער האָט נאָך מאָגילן געליען געלט צו קאָ־נען גיין פאַרברענגען מיט זיין פרוי . . .

ער וואָלט איצט אַהין געלאָפן, ווען ער ווייס אַז ער וועט זי מיט דעם ניט ווי טאָן. דאָס הייבט אָן מאַטערן זיין מוח נאָך מער ווי פריער. באַלד פאַרענטפערט ער זיך, אַז אים וואָלט גאָר ניט געאַרט ווען זי גייט פאַר־ברענגען מיט אַ פריינט, וועלכער האָט ריינע אַבזיכטן . . . ער וועט איר זאָגן, אַז ס'איז זיין אייגענע שולד. דערציילן איר, אַז מאָגיל איז אַ זשור־ליק. דאָס וועט ער טאָן פאַר איר טובה וועגן . . .

שאַ, אַט גייט אַ קליענט ! בעסער אַזוי. ער וועט זיך פאַרשפּאָרן אַזויפיל אַריינקלערן. ער ציט גלייך אַרויף אַ שמייכל אויפן פּנים און לויפט אַקעגן:

— גוטנאָוונט, הער נוסבוים ! — ביידע דריקן זיך די הענט און גייען אַריין אין קאַנטאָר. בערנע באַזעצט זיך אויבנאָן, און גלייך לויפט אים דורך אַ מחשבה, אַז ער וואָלט זייער וועלן זיין דערביי, ווען טערעסע וועט אַריבערטרעטן די שוועל. ער וויל איר אַריינקוקן אין די אויגן . . .

נוסבוים האָט זיך דערווייל אָוועקגעזעצט און מיט גרויס דרך־ארץ באַטראַכט די שאַפּעס ביכער. געקוקט אויף בערנען און באַקומען אויף אים רחמנות: צי ווייסט דער מענטש וואָס עס רוקט זיך אויף זיין קאָפּ ? ער האָט זיך אַביסל אָנגעלענט אויפן טיש און געזאָגט:

— וואָס אַ שטייגער האָט מיך געבראַכט אַהער, ווייסט איר ?

בערנע האָט אַ נעבעכדיקן קוק געטאָן אויף אים. געטראַכט זיך, אַז

דער מענטש פֿאַרנעמט זיך צו רעדן לאַנג, און אַז ער האָט איצט ניט קיין געדולד, אָבער פֿאַרפֿאַלן . . .

זאָל ער טאַקע הערן:

וועגן פּאָליטיק איז ער געקומען רעדן. ער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון קעשענע אַ צייטונג און זי אויסגעשפּרייט פֿאַר בערנעס פּנים. בערנע האָט גלייכגילטיק געלייענט: „בערלין מאַכט לעצטע פֿאַרבאַרייטונגען!"

— נו, וואָס זאָגט איר איצט, הער בערנע?

— איר ווייסט מיין מיינונג! איך גלויב נאָך אַלץ ניט, אַז בערלין וועט קאָנען נעמען אַ פֿאָלק קעגן זיין ווילן. זיי האָבן דאָך ביי זיך אַליין דאָס ניט געקאָנט טאָן, ווען ניט הינדענבורג . . . דאַרטן האָט מען זיי גערופֿן צו דער מאַכט, איר פֿאַרשטייט?

— מען רופֿט זיי דאָ אויך! — בערנע האָט זיך אויפֿגעשטעלט און אויסגעשריען:

— ווער?

— אַפֿילו אייער פֿריינט מאַגיל!

בערנע האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן. אים איז געקומען אַ געדאַנק, אַז נוסבוים ווייסט אוודאי וואָס ביי אים טוט זיך איצט. ער איז צוגעקומען גאַנץ נאָענט, אים געגומען גלעטן:

— הער נוסבוים, אָט אַזעלכע לומפּן ווי ער זיינען ניט פֿייאיק דאָס צו טאָן! און לאָמיר זיך אויפֿהערן אַליין איבערשרעקן! אַז איך גיב אַ קוק אויף אונדזער פֿריילעכער שטאָט ווין איז פּשוט אַן עבֿרה אַריינצוברענגען אַזעלכע סענטימענטן . . . דערווייל רעגירט ביי אונדז דער וואַלץ; אפֿשר ניט אַזוי?

נוסבוים האָט אָנגעהויבן צונויפֿציען זיינע געדיכטע ברעמען, געבליבן זיצן פֿאַרחידושט; צי זיינען אָט־די ווערטער געקומען פֿון דעם אַדוואָקאַטס מויל? און באַלד טאַקע איבערגעפֿרעגט:

— דענקט איר, הייסט דאָס, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו שרעקן זיך?

— וואָס קאָנען מיר איבערהויפּט טאָן?

— אַ בונד שאַפֿן! — שרייט נוסבוים אויס, און בייסט די ליולקע אין זיין מויל.

— מיט וועמען אַ שטייגער? — ווילט זיך גראָד בערנען וויסן, און ביי נוסבוימען ליגט אויף די ליפּן דער ענטפֿער:

— מיט אַלע קעגנער פֿון בערלין! — האָט נוסבוים דראַמאַטיש אויסגערופֿן.

ביי בערנען אין מוח איז געוואָרן אַ מיש־מאַש פֿון געדאַנקען, אָבער

באַלד האָט ער זיך געגומען ווי אָפּטרייסלען פון זיי, זיך אָנגעכאַפּט אין זיינעם אַן אַלטן טעזיס, מיט וועלכן ער האָט זיך די לעצטע צייט ביי פּאַר־שיידענע געלעגנהייטן באַנוצט. אָט־דער טעזיס ליגט ביי אים אויף די ליפּן און ער וועט גילטן אויך ביי דעם מאָמענט, טראַכט זיך בערנע.

אָט זאָגט ער:

— איר ווייסט מיין מיינונג . . .

— יידן דאַרפן זיך ביט מישן . . . — כאַפּט נוסבוים אונטער און שמייכלט סאַרקאַסטיש.

ביידע האָבן דערנאָך לאַנג גערעדט. אַפילו אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער. עס האָט אויסגעזען ווי איינער וואָלט דעם צווייטן נאָכגעלאָפן. בערנע האָט שוין עטלעכע מאָל געזאָגט:

— די ביטערע דערפאַרונג האָט אונדז געלערנט . . . — און נוסבוים האָט דערויף יאושדיק אָפּגעענטפערט:

— נאַאיווער מענטש . . .

די צעשיידונג איז געווען אַ קאַלטע. נוסבוים האָט ווי לפנים אַ שליי־דער געטאָן „אַ גוטע נאַכט!" — די ווערטער זיינען געווען אין אַ שטרענגן טאָן.

ער איז באַלד געלאָפן, געלאָפן אַן אַן אָפּשטעל, ווי ס'וואָלט אים באַנג געטאָן וואָס ער איז אַהער געקומען.

בערנע איז געבליבן זיצן מיט גרויס פאַראיבל אויף נוסבוימען. ער האָט זיך געטראַכט, אַז ער האָט געדאַרפט אים זאָגן, אַז דאָס גאַנצע יידיש פאָלק איז נאַאיוו . . . דערלאַנגט דער וועלט די בעסטע מענטשן און אַז מען באַצאָלט זיי מיט שטיינער, הערן זיי דען אויף זיין אַנדערש? טאַקע אַ שאָד וואָס ער האָט דאָס אים ביט געזאָגט. נו, פאַרפאַלן! ער וועט דאָס אים זאָגן אַ צווייטן מאָל . . .

טערעסע איז שוין געזעסן אין אַ צווייטן צימער אַן אָנגעכמורעטע. איצט פאַרשטייט זי שוין וואָרום איר מאַן האָט גאָרניט געוואָלט דערציילן וועגן זיין פריינט מאָגיל . . . דאָס האָט ער געטאָן פאַר זיין אייגענער טובה וועגן . . .

בערנע האָט זיך אַוועקגעזעצט נאָענט צו איר און זי באַשמעקט מיט זיינע נייגעריקע בליקן. געחלשט צו וויסן צי איז זי, חלילה, ביט באַלעס־טיקט געוואָרן . . . ער האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו שמייכלען און ביט גע־קאָנט. דאָס האָט ער אָפּנים געוואָלט איר ווייזן, אַז אים אַרט ביט וואָס זי איז געגאַנגען פאַרבערענגען . . . וואָרום איז זי עפּעס אַזוי אומעטיק?

פּאַרוואָס פרעגט ער איר ניט? אָט דערציילט ער איר ווי שטאַרק ער האָט איבערגעטראַכט...

טערעסע, ווידער, האָט געהאַט אַזאַ רעכענונג: זיין שווייגן אַצינד איז אַ סימן, אַז ער האָט מורא צו הערן דאָס וואָס זי האָט ערשט אויסגעפונען... זי האָט אַ סך געטראַכט וועגן דעם נפשל וואָס צאַפּלט זיך שוין באַצייטנס אונטער איר ברוסט... זי האָט פּלוצים שווער אָפּגעזיפצט.

ערשט איצט האָט בערנע ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. ווי באַלד אַז טערעסע זיפצט, האָט זי עפּעס איבערגעלעבט און ער וואָלט וועלן, אַז זי זאָל אים טאַקע גלייך אַלץ דערציילן. ער האָט זי פּאַטערלעך אַרומגענומען. זאָל זי קריגן מוט צו ריידן... טערעסע, ווידער, וואָלט געמען שוואוירן אַז זיין רוקן זיך אַזוי היינטערווייליעכס איז פון אַ פאַרשולדיקטן. אָט הערט זי אים שעפּטשען „פאַרגיב מיר, טערעסע, ס'איז געווען אין יענע צייטן ווען די בלוטן קאָכן"... און זי, שטרענג: „פאַרוואָס האָסטו מיר קיינמאָל וועגן דעם ניט דערציילט?" ער, מיט עכטע יידישע מאַניערן: „ווייסט דאָך, געשעמט זיך... איצט דאַרף זי באַשליסן וואָס צו טאָן!

מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן גיט זי אַ קוק אויף בערנען און ס'ווילט זיך איר עפּעס ניט גלויבן, אַז אָט־דער מענטש איז דאָס געווען אַזוי אויסגעלאַסן, ווי מאַגיל האָט איר היינט וועגן אים דערציילט. ער האָט זיך שוין אין איין וועג, צעלאָזט וועגן אַלע יידן: „איר ווייסט דאָך, די בלוט זייערע איז ווי ביי די נעגערס. זיי בייסן זיך איין ווי שלאַנגען אין די צאַרטע לייבער פון פרויען"... ער וועט איר ווייזן אַ בוך וועגן דעם. דאָס האָט איר פאַרדראָסן. זי האָט אים מער ניט געלאָזט רעדן.

— הער מאַגיל, מיין מאַן איז ניט דער, וועמען אייער בוך שילדערט!

ביידע האָבן יענע נאַכט ניט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט זי רחמנותדיק געפרעגט, פאַרוואָס זי קערט זיך אָפּ פון אים, און זי האָט געענטפערט קורץ און שאַרף:

— כ'בין מיד, כ'וויל שלאָפן. מאָרגן וועלן מיר רעדן...

דאָס וואָרט „מיד" האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין בערנעס מוח. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, געדריקט די שלייפן אַרום שטערן, געוואָלט אָפּשטעלן די פליסנדיקע געדאַנקען זיינע. אָט דאַכט זיך אים, אַז מאַגיל שטייט אין שאָטן און לאַכט. ווי קומט ער אַהער? וואָס וויל ער? אָט הערט ער זיין קול: „יודע, מיין עלטער־זיידע טאָרקוועמאַדאַ האָט מיר געשיקט צעשטערן דיין שטיל לעבן!" אָט שטייט נוסבוים און טייטלט אויף אים: „באַאיוועער מענטש!" ער הערט דאָס געשריי פון

אַ מיטגליד ביי אים אין קלוב: „בערלין לויערט אויף אונדז!" אַ רחמנות־געפיל נעמט אים אַרום אויף טערעסען, וועלכע וועט צוליב אים ליידן . . . אויף דעם נפשל וואָס דאַרף אָנקומען . . . ער האָט זיך גלייך צוגעבויגן צו טערעסען, דערפילט ווי אַ קינד וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר דער פינצטערער נאַכט.

— שלאָפסט?

— יאָ, זי שלאָפט!



דער פרימאָרגן האָט זיך צעשפרייט מיט גרויס פּאַרנעם. דער הימל — אַ זילבערנער, האָט אַ לאַך געטאָן דער שטאָט אין פּנים אַריין, און אַלץ האָט זיך מיט פריידן צעטאַנצט. די ביימער האָבן זיך געגרויסט מיט זייערע צווייט־קליידער, ווי קינדער בעת מען פּוצט זיי אויס אויף אַ יום־טוב. די פייגעלעך האָבן געצופּט די צווייגן מיט זייערע שמאָלע פּיסקלעך און שטיפעריש געזונגען.

דאָס דינסט־מיידל אַנאַ, וועלכע איז ערשט ניט לאַנג אָנגעקומען צו בערנען, האָט פון קיך געלאָזט הערן איר יונגע שטימע, געזונגען הויך אויפן קול, פאַרשריען דאָס געבראַזג פון דעם זילבערוואַרג וואָס זי האָט געפּוצט.

טערעסע איז נאָך אַלץ ניט געווען באַפרייט פון אירע נעכטיקע געדאַנקען. פונדעסטוועגן האָט זי פון צייט־צו־צייט געכאַפּט אַ קוק אויף בערנען און אַ רחמנות־געפיל האָט איר איצט אַרומגענומען. אָט וועט זי אים באַלד אַלץ מוחל זיין.

בערנע איז געזעסן פאַרטיפט אין אַ מאָרגן־צייטונג, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט אויפן טיש: „בערלין מאַכט שוין די לעצטע רעפּעטיציע פאַר דער פאַרכאַפּונג פון עסטרייך". — „גאָט מיינער", — האָט זיך אים געוואָלט אויסשרייען, און ער האָט גאָר אײַנזינען צו קריגן אַ שמייכל פון זיין פרוי, וועלכע איז שוין אפשר זיין שונא . . . זי וועט אים נאָך אפשר העלפן אָנטאָן דעם צוואַנג־יאַק, ווי אין סטרינבערגס דראַמע „דער פאָטער". דאָרטן האָט דאָס די דינסט געטאָן, און דאָ — אפשר זיין אייגענע פרוי . . . אַ זיפץ האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַוועק צו זיך אין קאַנטאָר אַריין.

טערעסען האָט דאָס וויי געטאָן ביז גאָר; פאַרוואָס איז ער אַזוי אַוועק פון טיש.



מאַגיל איז נאָר־וואָס אַרויסגעקראָכן פון זיין וואַרימען בעט, געצויגן זיך זיינע גלידער און געגענעצט, שיעור ניט צעריסן זיין מויל. באַלד האָט ער אַ קלונג געטאָן מיט אַ גלעקל, וואָס איז לעבן אים אויף אַ טישל געשטאַנען. דאָס האָט ער גערופן זיין דינער. מיט אַן אויסגעגענעצטן באַפעל האָט ער אים געלאָזט וויסן, אַז ער וויל האָבן די מאָרגן־צייטונג, טאַקע די מינוט. דערווייל האָט זיך צעגאָסן אַ שמייכל אויף זיין פנים. ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַ פּאָר גוטע זאַכן: ווי די רייכסטע לייט פון שטאָט קלעפּן זיך דאָס אַרום אים, מען גיט געלט פון אַלע זייטן פאַר זיין אָרגאַניזאַציע . . . ווי אָנגעזען זיין נאָמען הייבט אָן ווערן. ער דערמאָנט זיך ווי הער בלומבערג, דער גרעסטער גביר פון שטאָט, האָט צו אים געזאָגט, אַז ער וועט זיין אַ בעסערער מאַיאָר ווי די ביז איצטיקע... דער דריטער רייך מוז ווערן אונדזער פאָטער . . .

דערנאָך האָט מאַגיל געטראַכט, אַז ער וועט לאָזן וויסן דעם יידן בערנען, אַז ער זאָל ניט וואַגן צו דערציילן פאַר עמיצן אַז זיי זיינען אַמאָל געווען פריינט. דאָס וועט שעדיקן זיין איצטיקע רעפּוטאַציע. דאָס אַדוואָקאַטל וועט זיך שטעלן אויף די פיס, זיך וועלן מיט אים אויסטענהן; איז וואָס־זשע וועט ער אים זאָגן?

דער דינער האָט שטום, אָן לשון, אַוועקגעלייגט די מאָרגן־צייטונג. מאַגיל האָט זי אויסגעשפּרייט אויפן טיש און גענומען לייענען. ער האָט כמעט ווי געשלונגען די ווערטער און זיך באַלעקט, ווי מיט עפּעס אַ גוטן מאכל. אין מוח ביי אים האָט אָנגעהויבן לויכטן. אָט שרייט ער אויס: „יודע בערנע, פּאַק זיך! אַך, וואָס פאַר אַ גוטע מעבל ער האָט פאַר דעם נייעם מאַיאָר אָנגעגרייט . . . כאַ־כאַ־כאַ! כי־כי־כי!



פונקט ווען טערעסע האָט זיך געלאָזט גיין צו בערנען אין קאַנטאָר אַריין איז אָנגעקומען ליזע: אַ צעפּלאַמטע, אַ לאַכעדיקע, אירע געלע האָר האָבן ניט געוואָלט איינליגן אויף אַן אָרט. זי האָט געטראָגן אַ מענער־אַביאַר מיט לאַקירטע שטיוול. בלויז געוויסע טיילן פון איר קערפּער האָבן איר פאַרמוסרט, אַז זי איז אַ פרוי . . . זי איז געווען גרייט פאַר איר מאָרגן־רייט. איר פערד האָט פון דרויסן זיך געלאָזט הערן, געהירזשעט אָן אויפהער. אַפנים געלאָזט וויסן ליזען, אַז זי טאָר זיך דאָ לאַנג ניט פאַרזאַמען.

ביידע פרויען האָבן זיך צעקושט. אפשר זאָל טערעסע באַפעלן מיט

דער דינסט־מיידל צו דערלאַנגען עפּעס אַ בייס? ניין, זאָגט ליזע, זי איז איבערזעטיקט. זי איז נאָר אַריינגעקומען אויסגעפינען וואָס די פאַרהייראַטע פרוי מאַכט; אפשר איז זי שוין געלעגן געוואָרן?

טערעסע האָט זיך פאַררויטלט. טאַקע ערשט־אָ האָט זי דערפילט אַ וואָרפעניש אין בויך . . .

ליזע צעשמייכלט זיך. אָט זאָגט זי איר, אַז זי, טערעסע, וואָלט געמעגט מיט איר מיטגיין רייטן אויף אַ פערד, וועט סנפּשׂ גיכער קומען אויף דער וועלט . . . און טערעסע פילט ווי איר צו זאָגן, אַז פון דעם וואָרפעניש אין בויך האָט זי מער פאַרגעניגן ווי זי רייטנדיק אויף אַ פערד. זי וואָלט דאָס געמעגט וויסן . . .

ליזע איז אייגנטלעך ניט געקומען בלויז זיך אַ רייץ טאָן מיט טערעסען. זי האָט נאָך אַ פּאָר זאַכן אויפן קאָפּ. יאָ, וואָס דענקט זי צו טאָן פאַר זיך, ווען עסטרייך וועט ווערן אַ טייל פון בערלין; צי ווייסט זי כאָטש, אַז דאָס איז שוין אומפאַרמיידלעך? זי האָט גרויס מיטלייד מיט איר. וואָס, אַ שטייגער, קאָן טאַקע ווערן פון איר אַפילו ווען זי פאַרלאָזט בערנען? מען וועט אויף איר אַלעמאָל טייטלען מיט די פינגער, אַז זי האָט געלעבט מיט אַ יידן . . . און וואו וועט זי דאָס קינד אַהינטאָן? דאָס לאָזן צו אים? זי שמייכלט צו זיך אַליין — בערנע וועט ניאַנטשען אַ קינד! אָדער, אפשר וועט ער זיך גאָר גיין לאָדן מיט בערלין? . . . ניין, זי וועט איצט וועגן די זאַכן מיט איר ניט רעדן. אַן אַנדערש מאָל! דערפאַר מוז זי אָבער ביי איר אַ פרעג טאָן וועגן דעם בחור וואָס זי האָט איר געשריבן. דאָס איז פאַר איר אַ וויכטיקער ענין. און באַלד מיט אַ שמייכעלע:

— ווי עס קוקט אויס, טערעסע, ווילסטו מיר וואָס גיכער פאַרקנסן? ווער איז דער בחור?

טערעסע, ווי זי וואָלט וועלן דאָס איבערקומען, האָט איר אַלץ אין איין אָטעם דערציילט. און אַז ליזע האָט נאָר דערהערט דעם נאָמען מאַגיל, האָט זי זיך אָנגעהויבן קאָרטשען, אַזש אַ ציטער געטאָן. די נאָזלעכער האָבן זיך ביי איר גענומען אויסשפּרייטן. דאָס פּנים אירס אַזוי בלאַס, די אויגן — אָט־אָט וויינען זיי. זי האָט כמעט אָן לעבן דערלאַנגט טערעסען אַ קאַלטע האַנט און זיך געלאָזט גיין. טערעסע האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג. זי וועט איר ניט לאָזן גיין, ביז זי וועט איר ניט זאָגן וואָס זי ווייסט וועגן דעם הער מאַגיל. ס'איז איר זייער נויטיק צו וויסן.

ליזען איז שווער געווען צו רעדן. זי האָט זיך געבעטן, אַז אַ צווייטן

מאָל וועט זי איר אַלץ דערציילן. איצט איז איר שטאַרק טרוקן געוואָרן אין האַלדז.

טערעסע האָט גערופן דאָס דינסט־מיידל אַנאַ, זי זאָל זיין אַזוי העפ־לעך און דערלאַנגען אַ טרונק דעם ליבן גאַסט, געגלעט ליזען ווי אַ מוטער:

— דערצייל, מיין טייערע, עס וועט דיר לייכטער ווערן!

ליזע האָט ווי אַ קינד געטרונקען פון דעם געטראַנק, וואָס אַנאַ האָט געבראַכט פאַר איר, ליידנשאַפטלעך געגאָסן אין האַלדז אַריין. דערנאָך האָט זי זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און אַנגעהויבן רעדן זייער שטיל, ווי אַ סוד דערציילט. זי האָט דערמאָנט טערעסען אין אַ צייט ווען זי איז געווען גרייט צו פאַרלאָזן איר היים, אַז דאָס איז געווען דורך אַט־דעם הער מאָגיל. ווי אַזוי ער האָט זי געסטראַשעט ניט אויסצוגעבן זיין נאָ־מען, אַז ניט וועט ער איר נאָמען אויף אייביק פאַרשמירן . . . און זי האָט געליטן און געשוויגן . . . אָך, ווי זי וואָלט וועלן נעמען נקמה אָן דעם דאָזיקן לומפּ. מער האָט זי ניט געקאָנט רעדן. זי האָט זיך אויפגע־הויבן און גיך אַרויסגעלאָפן.

טערעסע האָט איר אַ ווײַלע נאָכגעקוקט. געהאַט גרויס מיטלייד מיט איר. געטראַכט זיך, אַז זי האָט דעם דאָזיקן מענטשן אַלץ געגלויבט וועגן איר מאַן. זי האָט איצט דערזען בערנען אין דער סאַמע הויכקייט זיינער. אַט די מינוט וועט זי אַריינגיין צו אים אין קאָנטאָר אַריין, אים בעטן פאַר־געבונג פאַר די שלעכטע מחשבות וועגן אים, וועלכע האָבן איר אַזוי פאַר־פאָלגט . . .

3

סוף זומער. אין מיטן העלן טאָג. די זון ראַנגלט זיך מיט גרויע וואָלקנס און קאָן זיי ניט בייקומען. אַ קילער ווינט יאָגט פאַרוועלקטע בלעטער, וואָס טוליען זיך צו די פיס פון דיביימער. די בלעטלעך שוש־קען זיך און קערן זיך אום צוריק.

די שטאָט לויפט מיט איר געוויינלעכן אימפּעט. עס טראַסקען שווע־רע באַלאָדענע פורן. יאָגן זיך אויטאָס, טראַמווייען אַהין און צוריק. אין דער לענג און אין דער ברייט. אָט אַזוי די פוסגייער אין די גאַסן, ווי אין איין גרויסן טאַנץ. געשעפטסלייט זיינען פאַרשמייעט. קונים אַהער, קונים אַהין. די אויסגעפּוצטע קאַפייען פוצן זיך. מוזיקער רעפעטירן, גרייטן זיך פאַר דעם אָוונט צו געבן אַביסל פאַרגעניגן צו די לויפנדיקע מוחות. אָט וועט די נאַכט אָנקומען, וועלן עלעקטרישע לעמפּלעך מיט

לבנה און שטערן זיך פֿאַרמעסטן. שושקערייען פֿון פֿאַרלעך אין די פּאַרקן וועלן זיך פּלאָנטערן צווישן די ביימער ווי אַלע נעכט . . .

פּלוצים — וואָס האָט אַזוינס פּאַסירט? מענטשן גייען אַרום אַזוי צעטומלט! קרעמער ווייסן ניט וואָס די קונדן רעדן צו זיי. אפשר ווייסן די קונדן אויך ניט וואָס זיי ווילן? די גאַסן זיינען איבערפּילט מיט צע־שראָקענע אויגן. די פּנימער בלייכע. טרויער ווייעט אין די גאַסן. אַ געשושקעריי: — געהערט? בערלין האָט געזיגט! זיי קומען אַהער! עס שאָקלען זיך פּנימער ווי אין שבעה־טעג . . . ביי יעדער סקריפּע פֿון אַ טיר, ביי יעדער בראַזג פֿון שטאָל, ביי יעדן פֿאַל פֿון אַ שווערן קאַסטן קאָרטשען זיך קערפּערס איין. ציטערנדיקע בליקן פֿרעגן: פֿון וועלכער זייט וועט דער שונא קומען? פֿאַרדאגהטע הענט פֿרעגן: וואָס וועלן מיר טאָן? . . . עס רייסן זיך אין די אויערן אומעטיקע ניגונים פֿון פֿאַר־פֿייניקטע ברידער; ביסטרע אויסגעשרייען: שווייג, יודע! לאָז זיך ברענען און בראָטן! גיב דיין האָב און גוטס און שמייכל! זאָל די וועלט פֿון דעם ניט וויסן!

די נאַכט איז צוגעפֿאַלן. קיינער האָט אַפֿילו ניט געזען, אַז איבער זיי בלייכט זיך אַ לבנה. די מוזיק האָט געשפּילט פּונקט ווי נעכטן, אָבער עס האָט זיך גערדאַכט, אַז דאָס שפּילט מען אַ טרויער־מאַרש . . . די פּאַרקן זיינען געווען כמעט ליידיק. יונגוואַרג האָט באַצייטנס געמאַכט פּלענער ווי אַהינצוטאָן זייערע לעבנס. קינדער ווייסן ניט וואָס צו טאָן, לאַכן אָדער וויינען; קיינער קוקט זיך אויף זיי ניט אום. טאַטעס, מאַמעס זיצן פֿאַרגליווערטע. ביטערע מחשבות פּלאָגן זיי. גזירות רעות, קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן, געלע לאַטעס, געטאָס . . . פֿאַרפּיענטע מיילער יעכצן יודע, גיי אונטער! דערשראָקענע אויגן זעען סינאַגאָגן אין פֿלאַ־מען. ספֿר־תורהס ברענען. „שמע־ישראל"־געשרייען. אַט וואַרפֿן זיך זקנים צו ראַטעווען זייער תורה, און היידאַמאַקעס שמייסן מיט נאַגייקעס איבער די פּלייצעס זייערע. שפּרייטן זיך בלויע הענט צום הימל. לאַכט מען ווילד פֿון זיי — ס'האָט אונדזער פֿירער אייער גאָט יעהאָוואָן אויס־געמעקט . . . באַלד וועט מען דעם פֿירערס בילדער פֿאַר איקאָנעס קויפֿן, און אַלע, אַלע וועלן זיך צו אים בוקן . . .

פֿאַרברענט איז דער „לא תרצח"; איצט מעג מען אַלץ טאָן . . .
כאַ־כאַ־כאַ! כע־כע־כע! און כי־כי־כי!

⁂

ביי הער מאַגילן אין הויז איז געווען פֿריילעך. דאָרטן האָבן זיך

געהאַט פאַרזאַמלט מיליטער און געשעפט־לייט גרויסע, צו פראַוועןזייער זיג. דער ריח פון ווײַן און בראַנפן האָט זיך ווייט אין דרויסן געלאָזט הערן. די ווענט זײַנען געווען באַצירט מיט סוואַסטיקעס, וואָס האָבן גע־שראָקן פאַרבײַגייער. מאָגיל איז דערהויבן געוואָרן. די יידן זײַנען איצט אין זײַנע הענט.

קושן זיך דאַמען און הערן. דאָ און דאָרט פאַררויטלט זיך איינע פון אַ ניט־עסטעטישן וויץ. טראָגן זיך אין לופטן נײַע מעלאָדיעס, זינגען אַלע מיט און הייבן די הענט דערבײַ. ס׳איז אַלעמען אַזוי גוט אויפן האַרצן, אַ שאָד נאָר וואָס די נאַכט לויפט אַוועק.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען אייניקע האָבן זיך שוין געקליבן צו גיין אַהיים, האָט איין אָפיצער פאָרגעשלאָגן אַ ספּעקטאַקל, וואָס וועט אַמוזירן די שטאָט ביז גאָר. זאָלן זיך אַלע אָוועקזעצן, וועט ער זיי דערציילן וועגן דעם. עס איז אים נאָר־וואָס אײַנגעפאַלן. ער האָט געלאַכט נאָך איידער ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן. זאָלן טאַקע די דאַמען און הערן זײַן צוגעגרייט פאַר דעם.

— אין וואָס וועט באַשטיין דער ספּעקטאַקל ? — זײַנען שוין אַלע געוואָרן בייגעריק.

און דער דערציילער האָט זיך אָנגעהויבן קוויקן ווי מיט אַ גוט ביסל ווײַן :

— אָט אַזוי וועט דאָס זײַן : מיר וועלן צונויפרופן אַ צאָל יידן מיט ביבלס אין די הענט, אַוועקמאַרשירן מיט זיי צום דונאַי און אויספּרובירן צי קאָנען זיי שווימען . . .

דאָס הויז איז באַלד פאַרטרונקען געוואָרן פון געלעכטער. אויפגע־הערט און ווידער אַמאָל אָנגעהויבן. מאָגיל האָט דעם אָפיצער אַרומגע־כאַפּט קושן. הערצער האָבן זיך געצאַפּלט, געוואָלט אַז עס זאָל טאַקע שוין פּאַסירן . . . דאָס הויז איז פאַרהילכט געוואָרן מיט הורא־געשרייען. דאָ און דאָרט האָט זיך שוין אַ צווייטער געהאַט פאַרטראַכט וועגן נאָך אַ שענער ספּעקטאַקל ווי דעם ערשטנס. אָט וועט ער זיי באַלד אויסזאָגן.

פאַרטאָג צו. אויף דער יידישער גאַס האָט זיך עמיצן פאַרוואָלט כאַפּן דעם ערשטן דרעמל. האָבן פּלוצים שויבן אָנגעהויבן ציטערן. ברעכן זיך. דאָס געבראַזג איז געמישט געוואָרן מיט ביטערע אויסגע־שרייען. דאָ און דאָרט האָט זיך אַ קאַלטער שטיין פאַרקליבן אין אַ וואַ־רימען בעט, מיט אַ טויט־קרעכץ זיך דאָרט באַגעגנט . . .

פריד האָט מיט אַ פלאַטערדיק האַרץ אַריבערגעקוקט צו זײַן שכן זילבער, פון וואַנען דער ערשטער געפילדער האָט זיך געטראָגן. אים האָט

זיך געדאַכט, אַז יענער לאַכט גאָר צו אים, ווי מיט אַ צייט צוריק, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט. אָט הערט ער זיין שטימע: „הער פריד, גייט אַ היים, שלאָפט זיך אויס. אונדזער רעגירונג איז געגוג שטאַרק דערוויילע"...

באַלד האָבן טירן געקרעכצט הינטער שוואַרץ־העמדלדיקע פּלייצעס און געבליבן צעפּראַלט:

— שוויינען, די מינוט אין גאַס אַרויס! מיר ווילן זען אַ יידן טאַנצן!

— האָבן זיי גלייך באַפוילן.

— מיר זיינען דאָך ניט אָנגעטאָן! — נאַגייקעס האָבן זיך אויף אַקס־לען צעלייגט. מיט ווילדע אויסגעשרייען באַגלייט:

— שוויינען דאַרפן קיין קליידער ניט טראָגן! . . .

יונגוואַרג האָט זיך מיט אימפּעט געריסן אַקעגנצושטעלן זיך פאַרן כבוד פון זייערע טאַטעס, פאַרן כבוד פון זייער פאָלק. האָבן זיך מאַמעס פאַרן טויט דערשראָקן און געשטעלט זיך זייערע קינדער אין וועג. האָבן אויסגעמוטשעטע פּיס געפּלאָנטערט זיך אין אַ וואַנזיניקן טאַנץ און די פרויען האָבן באַוויינט דעם שטאָלץ פון זייערע מענער, וועלכער איז נאָר־וואָס געשטאָרבן . . . און דער מאָרגנשטערן האָט זיך אונטער אַ גרויען וואָלקן באַהאַלטן, געשעמט זיך אויף דער ערד אַרונטער צו קוקן...

⁂

יענעם פרימאָרגן איז מאַגיל געזעסן פאַרטיפט אין שרייבן. דאָס האָט ער אויסגעשטעלט אַ צעטל פון יידן, וועלכע זאָלן היינט גיין וואַשן די טראָטואַרן פאַר די געהויבענע געסט פון בערלין . . . אָט זעט ער זיך צוזאַמען מיט די פירער פון דעם דריטן רייך שפּאַנען איבער די גאַסן. ער דערציילט זיי וועגן עס האָט די גאַסן גערייניקט און יענע לאַכן הויך אויפן קול, און ער מיט זיי צוזאַמען. ער פילט באַצייטנס ווי זיי גלעטן אים אי־בער דער פּלייצע: „בראַוואָ, הער מאַגיל!"

יעדעס מאָל ווען ער שטעלט אַוועק אַ נאָמען פון אַן אָנגעזעענעם יידן אויף זיין צעטל, טוט אים גוואַלדיק הנאה. ס'איז אים אַזוי גוט אַצינד, ער פילט פּשוט, אַז ער וועט פּלאַצן פון פרייד. אים ווילט זיך אויסשרייען, אַז איצט איז פאַראַן פרייהייט . . .

מער פון אַלץ האָט אים געפרייט דער נאָמען בערנע. ער האָט זיך געטראַכט, אַז איצט איז געקומען די צייט פון אים פּטור צו ווערן. ער וועט ביי אים „אָפּקויפן" די מעבל און דערצו וועט טערעסע ווערן זיינע.

זי וועט זיך נאָך אפשר בעטן ביי אים, אַז ער זאָל זי נעמען אונטער זיין שוץ . . .

סאָלדאַטן שטייען אויסגעצויגן. אַט וועלן ביי זיי די ברוסטן פּלאַצן. זיי וואַרטן אויף מאַגילס אַ באַפעל. און מאַגיל זיצט עפּעס פאַרטראַכט. וועגן וואָס טראַכט ער דאָס? טאָקע וועגן בערנען, אַז ער איז ניט קיין שלעכטער מענטש. ער וואָלט אים אפשר געדאַרפט העלפן זיך אַריבער־פּעקלען אין אַן אַנדער לאַנד. ער קוקט אין צעטל אַריין: אפשר אים אַרויסנעמען? און באַלד, ווי עמיצער וואָלט אים אין די אויערן אַריינ־געשריען: ניין, ניין, מען מוז ברעכן זיין שטאָלץ! אויב ניט, וועט בערנע זיך פון אָרט ניט וועלן רירן!... ער שטעלט זיך אויף און דערלאַנגט דאָס צעטל צו די סאָלדאַטן און באַפעלט:

— געגאַנגען!

עס טראָגן זיך הענט אין דער לופטן. סאָלדאַטן סאַלוטירן אויפן נייעם שטייגער, און מאַגיל ענטפערט אַפּ שטרענג מיט זיין האַנט, ווי אַדאָלף אַליין . . . און די סאָלדאַטן מאַרשירן אַרויס.



ביי בערנען אין הויז האָט זיך שוין אַ ניי לעבן געצאַפּלט. טערעסע האָט דאָס קינד אויסגעקושט יעדעס גליד. מיט פאַרגאַסענע אויגן פון פרייד רעדט זי צו דעם:

— דו קליינער שטיפער, דאַרפסט שוין גיין שלאָפן! — אָבער דעם קינד ווילט זיך נאָך ניט שיידן מיט דער מאַמען. ער טענהט זיך אויס אויף זיין לשון, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט און שוין טיילוויז דער מאַמען אויסגעלערנט. זי טוט אים צוליב און שפּילט זיך מיט אים נאָך אַביסל. באַלד קומט איר אויפן זינען איר מאַן, בערנע, וועלכער זיצט איצט אין זיין קאַנטאָר. זי מוז אַריינגיין צו אים. ער איז עפּעס צופיל צערודערט די לעצטע צייט. זי וויל וויסן וועגן זיינע מחשבות . . . באַלד רופט זי:

— אַנאַ, ביטע, לייג דעם שטיפער שלאָפן! — קיין ענטפער האָט זי ניט. רופט זי אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל. דערנאָך לאָזט זי זיך אַהין גיין און עס קומט איר אַנטקעגן אַנאַ מיט אַ רענצל אין די הענט. זי בלייבט שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. טערעסע קוקט אויף איר מיט דערשראָקענע אויגן:

— וואוהין פאַרט אַנאַ? — פרעגט טערעסע מיט אַן אומעטיקער שטימע.

אַנאַ ענטפערט כמעט מיט טרערן אין די אויגן, אַז זי פאַרט אין ער־געץ ניט. זי פאַרלאָזט זיי . . .

— פאַרוואָס ?

— די מאַדאַם ווייסט שוין . . .

טערעסע ווערט בלייך. זי קוקט זיך אַרום איבערן צימער, קוקט אויף דעם צאַפּלדיקן קינד, דריקט דאָס שטאַרק צו זיך. אָט שרייט זי אויס: זאָל געפאַר ניט וואַגן אַריינקומען אַהער . . .

זי שטאַרקט זיך און זאָגט אין אַ היימישן טאָן:

— איך בין דאָך אויך אַ קריסטין ווי דו . . .

אַנאַ שטאַמלט:

— אָבער דער הער! עס טוט מיר זייער לייד! איר זענט געווען גוט צו מיר, — זי לאָזט זיך גיין, צום ערשטן פאַמעלעך און דערנאָך לויפט זי שוין, ווי זי וואָלט מורא געהאַט ס׳זאָל ניט ווערן צו שפּעט . . .

טערעסע קוקט איר נאָך און עס רייסט זיך ביי איר אַרויס אַ טיפער זיפץ. זי לאָזט זיך גיין מיטן קינד אין אַ צווייטן צימער און האַלט זיך אין איין אַרומקוקן. אַנאַס לעצטע ווערטער קלינגען אומעטיק אין אירע אויערן. זי זינגט דעם קינד אַ טרויעריק וויג־ליד און הוידעט זיך דער־ביי, ווי זי וואָלט תפילה געטאָן. זי איז מאַט, אויסגעשעפּט און דרעמלט איין. באַלד כאַפּט זי זיך אויף מיט שרעק. זי וואָלט געשוואוירן, אַז זי הערט בערנעס שטימע. זי שטעלט אָן די אויערן. יאָ, די שטימע איז הויך און באַלד נאָך העכער. טערעסע לויפט אָן אָטעם אין קאַנטאָר אַריין. אָט זעט זי ווי צוויי סאָלדאַטן שלעפּן בערנען און ער טומלט זיך:

— צי זיינען זיי פאַררוקט דאָרטן? וואָס מיינען זיי, איך זאָל גיין וואַשן די גאַסן? איך בין דאָך אַן אַדוואָקאַט!

— אַ יודע, אַ יודע! — שרייען אים די סאָלדאַטן אין פּנים אַריין, — אָט דאָס איז דער באַפעל!

טערעסע שוידערט אויף:

— באַפעל!

בערנע בעט זיך:

— לאָזט מיר רעדן צו אַ פּריוואַט אויפן טעלעפאָן!

די סאָלדאַטן כאַפּן אַוועק פון בערנען דעם טעלעפאָן און קלאַפּן אין טיש אַריין:

— נישטאָ קיין צייט יודע! קיינער פון אייך וועט זיך איצט ניט אַרויסדרייען! . . .

ביי טערעסען צינדן זיך די אויגן. זי קוקט אויף זאַכן, אַט כאַפּט זי עפּעס און וואַרפט זיי.

די סאַלדאַטן שושקען זיך: — אפשר איר אויך מיטנעמען? אפשר!

— דערווייל שלעפּן זיי בערנען מיט שטורעם אַרויס.

עס דערטראָגט זיך פּלוצים אַ געקלאַגעריי פון קינד, ווי ער וואָלט דערפילט, אַז עמיצער טוט שלעכטס דעם טאַטן זיינעם... טערעסע שטייט אַן אומבאַהאָלפענע ביי דער צעפּראַלטער טיר. איר האַרץ וויינט אין דער שטיל, בעת זי קוקט צו ווי די צוויי סאַלדאַטן האָבן צעקנייטשט איר אויסגעפּוצטן מאַן. זי הערט ווילדע געשרייען. פריילעכע געלעכ־טערס. זי זעט אומעטיקע פּנימער בליקן אַרויס דורך פענצטער. שאַנדע און עקל מישט זיך פאַר אירע אויגן... זי לויפט צוריק, כאַפּט דעם טעלעפאָן אין די הענט אַריין. ווען זאָל זי רופן? וועמען? אפשר ליזען? די הענט ציטערן ביי איר. צי וועט זי איצט קאָנען רעדן? די בלוטן לויפן, לויפן! זי וועט רופן די געזעצלעכע פּאָליציי.

— וואָס? קיינער נישטאָ? — ווי באַלד אַזוי וועט זי רופן מאַגילן. זאָל ער זאָגן, וואָס דענקט ער צו טאָן מיט זיי!... — נישטאָ מאַגיל?

— זי שליידערט אַוועק דעם טעלעפאָן און דערפילט אויף זיך אַ שווערע האַנט.

מאַגיל מיט אַ זיגרייכן שמייכל:

— וואָס דענקט איר צו טאָן, מאַדאַם בערנע?

טערעסע לויפט אַוועק צום קינד, וועלכעס רייסט זיך אויף די הענט־טע אַקטאַוועס. מאַגיל גייט איר נאָך און וואָרטשעט צו זיך: „צום טייוול, אַט האָסטו דיר אַ קינד אין דער מיט; וואָס זאָל ער איצט טאָן?״...

טערעסע ווישט דעם קינד די טרערן און רעדט צו דעם:

— נו, שאַ, מיין קינד! שלעכטע מענטשן זיינען געקומען...

מאַגיל שלאָגט איר איבער:

— ווען איך בין אויף אייער פּלאַץ... — טערעסע לאָזט אים ניט אויסרעדן. זי שרייט אויס:

— איך פרעג אייך ניט!

— אַזוי, נאָך אַלץ דעם שטאָלצן אַדוואָקאַטס פרוי? איך בין אייך געקומען העלפן...

טערעסע האָט אַ ווײַלע געטראַכט. אַ מיש־מאַש פון פאַרשיידענע געדאַנקען האָבן זיך ביי איר אין קאָפּ געדרייט. זי האָט דעם מענטשן פיינט ביז גאָר. זי קאָן אויף אים גלייך ניט קוקן. אָבער זי דאַרף צו אים אָנקומען; אין וואָס פאַר אַ טאָן זאָל זי צו אים רעדן? און באַלד

— פאַרוואָס העלפט איר ניט אייער פריינט ? ער וועט דאָך די שאַנ־דע ניט אויסהאַלטן . . .

עס האָט טערעסען גלייך באַנג געטאָן, וואָס זי האָט די געבעט־ווער־טער אויף אירע ליפּן אַרויסגעבראַכט. זי האָט זיך נאָר־וואָס דערמאָנט אָן זיין מייבונג וועגן יידן פון אַ צייט צוריק, ווען זי האָט זיך מיט אים געהאַט באַגעגנט. אויך האָט זי דערקאָנט פון זיין טאָן רעדן, טאָקע דאָ ביי זיך אין הויז, אַז ער פאַרגינט ניט בערנען זיין צופרידן לעבן . . . זי האָט זיך ווי פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, וואָס נאָך דעם אַלעמען וויל זי הילף פון אים . . .

מאַגיל האָט געפילט ווי פלענער קערן זיך ביי אים איבער אין קאָפּ. טערעסעס לעצטע ווערטער האָבן אים דערמאָנט, אַז דער ייד בערנע האָט אים זייער ווייניק אויפגערעגט, אַז ער זאָל קאָנען איצט נעמען נקמה מיט דער פולער האַנט . . . פאַרקערט, ער האָט אים צייטנווייז אַרויסגעהאָלפן. און באַלד, ווי עמיצער וואָלט אים אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין: „בערנע האָט זיכער געאַרבעט די גאַנצע צייט קעגן דיר. הינטער דיינע פלייצעס ! ער איז דאָך אַ ליבעראַל ! נו, וועסטו אים שווייגן דערפאַר ?״ די אויגן האָבן זיך ביי אים צעפינטלט. ער זעט שוין נאָך אַ מאָל דעם וועג זיינעם . . . יאָ, אַ ייד איז דאָך אַ שונא פון זיין באַוועגונג . . . אויב אַזוי, מעג ער מיט אים אַלץ טאָן . . . אָבער וואָס זאָגט ער איר ? ער וואָלט וועלן זי האָבן אויף זיין זייט. ביי אים האָבן זיך נאָר־וואָס געריסן ווערטער צו לאָזן איר וויסן, אַז דאָס לאַנד איז איצטער זיין פריינט. ער קאָן פאַר בערנען גאָרניט טאָן. זיין שיקזאַל איז אין די הענט פון דער נייער מאַכט. איר, אָבער, קאָן ער יאָ העלפן, ווייל זי איז אַ קריסטין. ער האָט אָבער חרטה געהאַט און ווי צוריק געשטופּט די ווערטער אין האַלדז אַריין און געזאָגט איר, אַז ער איז גרייט צו העלפן בערנען. ער וועט פאַר אים צוגרייטן אַ וויזע, זאָל ער פאָרן אין אַנדער לאַנד . . . ער האָט זיך אַ נעם געטאָן איבערצייגן טערעסען, פאַרוואָס דאָס מוז גע־טאָן ווערן. אָבער טערעסע האָט אים ניט געלאָזט פאַרענדיקן. אירע אויגן האָבן אויפגעפלאַמט:

— הער מאַגיל, איר האָט זיך צופיל צעפלאַפּלט אויף אונדזער חשבון . . . — זי האָט געפילט ווי אים זאָגן, אַז ער זאָל פאַרלאָזן איר הויז אָט־די מינוט. אָט צעווײנט זי זיך ! פאַרוואָס האָט זי ביי דעם מענטשן געפאָדערט הילף ? זי וועט זיך דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעבן !

דאָס קינד ביי טערעסען אויף די הענט, וואָס האָט ערנסט געבליקט, דאָ אויף דער מאַמען, דאָ אויף דעם פרעמדן, האָט פּלוצים אַרויסגעשאָסן

אין אַ געוויין. ווי איינער רעדט: כ'האָב שוין ניט קיין געדולד איינצו־האַלטן זיך מער. טערעסע האָט דעם קינד געהאַלדזט און געקושט, גע־פילט ווי פאַרענטפערן זיך פאַר אים וואָס זי האָט אים אויף דער וועלט גע־בראַכט אין אַזאַ ניט־מזלדיקער שעה . . .

מאַגיל האָט געשמייכלט. געוואָלט איר זאָגן, אַז יידישע קינדער לערנען זיך אויס וויינען פון קליינערהייט אָן, אָבער אָנשטאָט דעם האָט ער איר אָנגעהויבן געבן מוסר. אַז זי איז יאָ אַזאַ געטרייע מוטער, וואָלט זי איצט געדאַרפט טראַכטן וועגן זיך און איר קינד. זי מוז וויסן, אַז איצט איז עסטרייך ניט מער קיין יודן־שטאַט . . . ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער טערעסעס פּלוצימדיקע איבערגעקערטע אויגן האָבן אים אָנגעהויבן שרעקן. זי האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט, נאָר מאָדנע אַרומגעטראָגן אירע שטעכעדיקע בליקן, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. מאַ־גיל האָט זיך געלאָזט גיין מיט גיכע טריט, און זי מיטן קינד אויף די הענט — נאָך אים. עטלעכע מאָל האָט מאַגיל אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף צו־ריק, ביז ער איז אַרויס אויפן גאַס.

ווען די טיר האָט זיך צוגעמאַכט האָט זיך טערעסע שווער אַרונטער־געלאָזט אויף אַ שטול. לאַנג געטראַכט וועגן דעם הילפלאָזן יידישן פאָלק, פון וועלכן זי איז איצט איינע. אין איר טרוקענעם גומען האָבן זיך ווער־טער געדרייט: „פאַרוואָס זיך ניט אַקעגנשטעלן?" — אַ בייזע מחשבה האָט איר אָנגעהויבן פאַרפּאָלגן ביז גאָר .. . . זי וועט ניט פאַרשווייגן . .

פול מיט צאָרן איז מאַגיל געשטאַנען אַ ווײַלע פאַרן הויז און גע־טראַכט זיך, אַז דערפאַר וואָס טערעסע האָט אים פון הויז אַרויסגעטריבן, וועט ער זיך דורכשפּאַצירן דורך דער גאַס, וואו בערנע וואָשט די טראָ־טואַרן און זיך קילן דאָס האַרץ זיינס אָן אים . . . באַלד האָט ער אָבער חרטה געהאַט. ער וויל ניט, אַז בערנע זאָל אין גאַנצן פאַרלירן דעם צו־טרוי צו אים. היינט ביינאַכט וועט ער מיט אים דאַרפן דורכפירן אַ מסחר... דערפאַר האָט ער אָבער ניט געוואָלט פאַרפעלן צו האָבן דאָס פאַרגעניגן צו זען אַנדערע שטאָט־יידן, וועלכע וואָשן די גאַסן. און באַלד שאַרט ער זיך צו צו איינעם און דערלאַנגט אים אַ שטורך מיטן שפּיץ שוך:

— יודע, נאָר ניט באַשווינדלט!

צעשראָקענע אויגן הייבן זיך פאַמעלעך אויף און שפּיזלען אים דורך. מאַגיל איז שוין לעבן אַ צווייטן:

**היי, מאָשקע, ריר זיך! — און ווידער באַלייגן זיך אויף אים אַ פּאָר** שאַרפע אויגן. מאַגיל האָט זיך אָפּגעקערט און גערופן איינעם פון די סאָלדאַטן צו זיך, אַריינגעשושקעט אים אין אויער:

— אַט דאָרט געפינט זיך דער יודע בערנע, ברענג אים צו מיר אין קאַזאַרמע! פאַרשטאַנען?

הענט הייבן זיך פלינק:

— יאַוואָהל, גרייט צו דינען!

מאַגיל האָט זיך געלאָזט גיין אהיים. געטראַכט זיך, אַז ער וועט דעם יידן בערנע איבערגעבן אין אַנדערע הענט. ער וועט כלומרשט קומען ראַטעווען זיין לעבן . . . אַט אַזוי וועט ער אים זאָגן: „אין נאָמען פון אַמאָל טו איך דאָס פאַר דיר; זיי־זשע ניט איינגעשפאַרט, ווייל דו וועסט נאָך מאַכן ערגער! . . .

⁂

דאָס צימערל וואוהין בערנע איז געבראַכט געוואָרן איז געווען אָנגעשטעקט מיט מורא. אויף די ווענט זיינען געהאָנגען סוואַסטיקעס, וואָס האָבן ביי אים אויסגעזען ווי ווילדע קראָען. פון אַ צווייטן חדר האָט ער געהערט גוואַלדן. אפשר וועט מען אים אויך פייניקן? — איז בערנע געקומען אויף דער מחשבה. דאָס צעטומלטקייט פון בייטאָג, בעת מ׳האָט אים פון זיין קאַנטאָר אַרויסגעשלעפּט האָט נאָך אַלץ ביי אים אָנגעהאַלטן ווי עפּעס אין אַ וויסטן חלום. ס׳איז אים זייער שווער צו טראַכטן. זיינע געדאַנקען לויפן אַזוי גיך אַריין און אַרויס, ווי שדים אין אַ פוסטן וואַלד. ער איז געזעסן אונטערגעשפאַרט דעם מידן קאָפּ זיינעם, געדריקט די שלייפן ביז גאָר. וואָס אייגנטלעך האָט מען אים אַהער געבראַכט? ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך געוואָלט צעווייגען. פּלוצים — אַ שווערע האַנט אויף זיין אַקסל:

— דו דאַוונסט, יודע? — בערנע האָט זיך ניט געאיילט צו עפענען די אויגן זיינע. ס׳איז אים בעסער אַזוי; ער קאָן ניט קוקן אויף די סוואַסטיקעס, עס כאַפּט אים אַרום אַ גרוויל . . . דער גאַסט האָט מאָדנע געקוקט אויף בערנען: „צי איז דער יודע טויט? ער וועט אים אַ נעם טאָן אַט אַזוי, אַהאַ, ער רירט זיך דאָך!” בערנע האָט אַ ציטער געטאָן און צעעפנט אַ פּאָר בעטנדיקע אויגן, באַגעגנט זיך מיט אַ שורה מעשענע קנעפּ.

באַלד איז אַריינגעקומען אַ צווייטער אָפיצער מיט אַ פּאַפּיר אין די הענט. צעשריען זיך אויף בערנען, ווי אויף אַ קליין יינגל:

— זאָל זיך דער יודע אויפשטעלן! — אָבער בערנע פילט, אַז די פיס זיינע ציטערן. ער איז דאָך אַ גאַנצן טאָג געלעגן אָנגעלייגט אויף זיי, געמאַכט זויבער די גאַסן פאַר די „זויבערע געסט” פון בערלין . . .

— פאַרוואָס שטייט ער ניט גלייך? — האָט דער זעלביקער אָפיצער

טענות צום ערשטן. בײדע נעמען אים אָן פֿאַר די הענט און שטעלן אים אװעק, װי ער װאָלט געװען אַ מאַריאָנעט.

— װאָס שרײַבט זיך אין פּאַפּיר, װעלכן דער אָפּיצער האָט נאָר־װאָס געבראַכט?

בערנע איז אונטער שװערע קלאָגעס. ער האָט געהאָלפֿן גרינדן אַ בונד קעגן דעם אנשלוס. אָט איז זײַן נאָמען פֿאַראַן אױף די פּאַפּירן, װאָס מ׳האָט פֿאַרכאַפּט בײַ נוסבוימען.

— װאָס האָט בערנע צו זאָגן װעגן דעם?

— גאָרניט! — זאָגט ער.

— אױב ער װיל זײַן פֿרײַ, זאָל ער גלײַך זאָגן, װער נאָך ס׳איז פֿאַרמישט. װאָס שװײַגט ער?

שאַרפֿע צײַן בײַסן ליפּן. צאָרנדיקע אױגן קוקן אױף דעם יידן בערנע. זײ װאָלטן אים אָט־די מינוט צעריסן אױף צװײען. צו װאָס דאַרפֿן זײ אים האָבן? האָט אָבער מאַגיל, זײער עלטסטער, זײ אָנגעזאָגט, אַז זײ זאָלן ניט גײן צו װײַט . . . זײ שושקען זיך, בײדע האָבן אַ חשד אױף זײער עלטסטן. עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק . . . זײ װעלן מוזן אױסגעפֿינען די אורזאַך . . .



טערעסע איז געזעסן בײַם אָפֿענעם פֿענצטער און געגלאָצט אין דער פֿינצטערער נאַכט. זי האָט זיך ניט געקאָנט באַפֿרײַען פֿון מוראדיקע מחשבות װעגן איר מאַן בערנע. אַז זי האָט געכאַפּט אַ דרעמל אױף דער האַרטער שאַלעװאַניע, האָט זי געהאַט אַ מאָדנע זעאונג. ער גלאָצט אױף איר אַזױ מאָדנע, ער דערקאָנט זי גאָר ניט! זי כאַפּט זיך אױף מיט אַ שרעק און לױפֿט צום קינד. װען זי קערט זיך צוריק, שטײט בײַם טיר ליזע אַ בלײַכע, װי זי װאָלט געװען אַ שאָטן. זי כאַפּט אַרום טערעסען קושן. טערעסע װיל זיך אױף איר צעשרײַען; דאָס האָט זי און איר פֿאַמיליע געבראַכט צו אָט־דעם װיסטן צושטאַנד . . . זי קאָן אָבער ניט רעדן. דערפֿאַר אָבער רעדט ליזע. זי האָט ניט געמײנט אַזאַ הפקר־צושטאַנד; װאָס האָט מען צו אַזאַ מענטשן װי בערנע? אָט זאָגט זי איר גלײַך, אַז זי איז איר געקומען נעמען צו זיך אין הױז אַרײַן. דער פֿאָטער אירער שרעקט זיך צו העלפֿן זײַנע יידישע פֿרײַנט, אָבער זי האָט ניט מורא . . .

טערעסע האָט איר איבערגעשלאָגן. געבעטן זיך בײַ איר, אַז זי זאָל גײן אַהײם. ס׳איז איר שיקזאַל אַזױ און זי איז ניט גרײט זיך פֿון דעם

אַפּצוטרייסלען. זי, ליזע, דאַרף זיך ניט מאַכן שווער דעם לעבן צוליב איר. ווען עס קומט צורייד וואָלט זי איר אַפּילו געזאָגט, אַז איצט פילט זי זיך נאָך מער צוגעבונדן צו די יידן ווי פריער.

שאַ, אַט הערן זיך קלאַנגען פון אַפּצאַסן! ווער גייט דאָס? דער קלאַנג פון שטאָלענע שפּאָרן ווערט אַלץ נעענטער. נו, דאָס איז דאָך ניט בערנעס גאַנג! אפשר פירט מען אים אַפּ?ביידע פרויען לויפן אַקעגן. דאָס איז מאַגיל. וואָס וויל ער? עס ווילט זיך אים אויסגעפינען, צי ברעקלט זיך ניט טערעסע שטאָלץ, אָדער זאָל זי אים ווידער אַרויס־טרייבן פון הויז, וועט אים זיין לייכטער אַפּצופּאַרטיקן זיך מיט בערנען.... דערנאָך וועט זי זיך דערוויסן, אַז ער איז אין אַן אַנדער לאַנד, וועט זי זיך ביי אים בעטן צו נעמען איר אונטער זיין שוץ . . .

טערעסע האָט אים ניט געלאָזט אַריבערטרעטן די שוועל. זאָל ער איר גלייך זאָגן וואו בערנע געפינט זיך איצט? מאַגיל מאַכט אַן אַנ־שטעל. ער האָט גאָר געדענקט צו טרעפן אים אין דער היים. צוליב אים איז ער דאָך אַהער געקומען . . . געוואָלט אים זען . . טערעסע שרייט אים אַריין אין פּנים, אַז ער איז אַ ליגנער. דאָס פאַרדריסט אים ביז גאָר: צי דענקט זי, אַז ער איז נאָך אַלץ גלאַט אַן אַפּיצער? צי ווייסט זי, אַז דער גאַנצער ראַיאָן דאָ איז אונטער זיין רשות? דערצו נאָך קאָן זיך לי־זע מער ניט איינהאַלטן. זי פּלאַצט היסטעריש אַרויס:

— הער מאַגיל איז אַ העלד צו צעשטערן פאַמיליע־לעבנס!

ווי קומט זי אַהער? ווילט זיך אים פרעגן. דער טאַטע אירער, דער באַראָן, האָט דאָך געקראָגן אַ וואָרענונג ניט אָנצונעמען זיך פאַר זיינע יידישע פריינט . . . ער פרעגט אָבער גאָר ניט. ער דערפילט זיך עפּעס אין אַ נאַרישן צושטאַנד: וואָס אייגנטלעך קומט ער אַהער איינגאַנצן אַצינד? אָבער צוריק געשמועסט, פילט ער זיך מאָדנע צו זיצן אין דער היים. עפּעס טראָגט דאָס אים אַרום. די פרייד מיט וועלכער ער איז באַ־לאָדן געוואָרן איז עפּעס אַ מאָדנע. עס ציט נאָר איבערצוקערן אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פּיס אַרויף . . . ער ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס! אים דאַכט זיך, אַז ביי דעם מאָמענט ווען די יידן־פראַגע איז נישטאָ, וואָלטן אַזעלכע ווי ער פּשוט אַרונטער פון זינען . . .

אָבער ליזע שטייט נאָך אַלץ און וואַרט אויף אַן ענטפער. לאָזט מאַ־גיל זיין צונג פריי און זאָגט, אַז די יידן זיינען פייגלינגען. זיי לויפן אַי־בער די גרענעצן; ווער ווייסט, אפשר איז שוין אויך בערנע אַריבער? . . .

טערעסע קאָן דאָס ניט הערן. זי פאַרהאַקט גלייך די טיר. מאַגיל בלייבט שטיין מיט אַ פּויסט אין דער לופטן. ער קאָן ניט באַשליסן וואָס

צו טאָן. זאָל ער אפשר אַנקלאַפּן און איר זאָגן, אַז זי האָט נאַר־וואָס גע־האַנדלט זייער געמיין צו אים; אַז זי וועט זיך דאַרפן צוגעוואוינען צו האָבן דרך־ארץ פאַר אים . . . באַלד אָבער ווערט ער אַנגעצונדן. ער שאָקלט זיך אַזש פאַר גרויס צאָרן. ער וואָלט געוואָלט אַריינשרייען צו איר, אַז איצט וועט ער גאָר קיין רחמנות ניט האָבן אויף בערנען, און אַז מאָרגן וועט ער קומען נעמען די מעבל, וואָס ער גייט איצט „אָפּקויפן״ ביי איר מאַן . . .

דער קלאַנג פון מאָגילס שפּאָרן האָט זיך אַנגעהויבן דערוויטערן און טערעסע האָט אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין, געטראָגן זיך דורך אָפענע פענצטער און אויסגעמישט מיט אַנדערע געוויינען פון יענער נאַכט . . .

⁂

די אָפּיצערן זיינען שוין מיד געוואָרן זיצנדיק לעבן בערנען. זיי האָבן אויף אים מער ניט געקאָנט קוקן. עפּעס איז ער אַזאַ מאָגערער. דער־לאַנגט אים איינער אַ זעץ, בלייבט שוין ניט קיין פלאַץ פאַרן צווייטן . . . זיי האָבן אים שוין אַזוי אויף עטלעכע מאָל אָפּגעמונטערט . . . בעת מעשה געחוזקט: — זע נאַר, ווער ס׳האָט געהיט דאָס געזעץ! . . .

ביי בערנען איז כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן דער לוסט צום לעבן. מיט אַ פּאָר שעה פריער איז ביי אים געווען אַ פאַרלאַנג צוזאַמען צו נע־מען זיינע לעצטע כוחות און זיך אַרויפוואַרפן כאַטש אויף איינעם פון זיי. עס האָבן פאַר זיינע אויגן געטאַנצט פייערדיקע ביבל־ווערטער: „הבא להרגך השקם להרגו״. אָט טוט ער דאָס . . . באַלד אָבער האָבן זיך אַ יאָג געטאָן אַנדערע געדאַנקען און געוואָרנט אים, אַז ער וועט מאַכן ער־גער פאַר זיינער ברידער. פון וואַנען שטאַמען אָט אַזעלכע געדאַנקען? — האָט זיך בערנען געוואָלט וויסן. פאַרוואָס דאַרף ער אין אַזאַ חרפּה־צושטאַנד אַלעמען באַרעכענען? . . . זיינע שאַרפע ציין האָבן אויסגע־לאָזט דעם צאָרן צו זיין אייגענער ליפּ. געביסן ביז בלוט. אָט שטעלט ער זיך אויף און שרייט אויס, אַז ער וויל ניט אַז זיין נשמה זאָל אויסגע־שפּיגן ווערן ווי ביי אַ הונט . . . נו, וואָס שווייגט ער? צו לעצט האָט ער געטראַכט וועגן זיין פרוי און קינד; זיי וועלן צוליב זיין לעצטן אַקט ליידן! און נאָך: אפשר איז גאָר טערעסע ניט מער אויף זיין זייט? און דאָס קינד וועט אויסוואַקסן גאָר אַ שונא פון זיין פאָלק!

ניין, ער וועט זיך פאַרלאָזן אויף דעם רחמנות פון דער וועלט! זאָלן זיי טאָן מיט אים וואָס זיי ווילן! אפשר גאָר באַגיין זעלבסטמאָרד, ווי אַ

סך פון זיינע ברידער האָבן דאָס געטאָן? האָ? גאָר ניט קיין שלעכטע זאַך... מען פילט זיך דאָך אונטער די הענט פון שונא קלענער פון אַ מוראַשקע. ער האָט לאַנג געטראַכט וועגן דעם. באַלד אָבער איז אים גע־קומען אויפן זינען, אַז אפשר איז פאַראַן אַ יענע וועלט, מ׳האָט אים קליי־נערהייט אַזויפיל דערציילט וועגן דעם. אויב אַזוי, איז דאָך דאָס אַ זינד...

די אַלע געדאַנקען זיינען ביי אים געפלאָסן פריער, איידער ער האָט געכאַפּט אַ שטאַרקן זעץ אין מוח אַריין. איצט איז שוין ביי אים אַלץ פאַרקילט. ער טראַכט גאָרניט. ווען מען פרעגט ביי אים ווי ער הייסט, קאָן שוין זיין, אַז ער ווייסט ניט. ער איז געזעסן ווי אַ גולם. זיינע אויגן ווי שטיקער גלאָז האָבן געגלאָצט אין איין ריכטונג.

מאָגיל האָט געהאַט גרויס פאַראיבל אויף די צוויי אָפּיצערן. ער האָט זיי אויפגעוואָרפן, אַז זיי האָבן זיך צופיל רעכט גענומען: ווער האָט דאָס געטאָן? קיינער ניט. דער ייד האָט זיך אַליין געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין. זאָלן זיי ביידע אַזוי לעבן, — האָבן זיי זיך ביידע אויף אַ מאָל פּשוט געשוואוירן.

מאָגיל האָט זיך געטראַכט, אַז ער וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען אַ צווייטן מאָל. זיינע באַפעלן דאַרף מען אָפּהיטן. ער האָט באַלד געבראַכט אַ פלאַש מיט ווין און געגעבן בערנען צו טרינקען. ער מוז דאָך אים צוריק אויפלעבן. די אָפּיצערן האָבן אויף אים געקוקט נאָך מיט מער חשד ווי פריער. זיי האָבן זיך איצט דערמאָנט, ווי ער האָט ביי פאַרשיי־דענע פאַרזאַמלונגען צוגעזאָגט, אַז ער וועט אָוועקנעמען ביי די יידן די פאַרמעגנס, די פּראָפּעסיעס און זיי אָוועקגעבן... וואָס טראַכט ער זיך איצט? וועט מען אים דען שווייגן?...

בערנע האָט אַפילו ניט געוואָלט אַ שמעק טאָן צום ווין, אָבער מאָגיל האָט דאָס אים אַריינגעגאָסן אין מויל אַריין, ווי עפּעס אַ מעדיצין צו אַ חולה. דער ווין האָט זיך באַלד געהאַט צעגאָסן איבער בערנעס נאַקעטער ברוסט, עס האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט גערונען בלוט פון דאָרט. מאָגיל האָט אין אים אַזוי לאַנג געגאָסן, ביז ער איז געוואָרן מער לעבעדיק, דער־נאָך האָט ער געהייסן די אָפּיצערן, אַז זיי זאָלן גלייך פאַרלאָזן. ער קען זיך שוין אַליין ספּראַוועןן.

באַלד האָט מאָגיל גערעדט אין אַ פריינטלעכן טאָן צו בערנען: ניש־טאָ פאַר אים מער קיין צוקונפט דאָ. די בעסטע זאַך פאַר אים איז זיך אַריבערצופעקלען דעם גרענעץ. ער וועט אים העלפן טאַקע היינט ביי־נאַכט. ווי אַזוי? דאָס זאָל ער שוין לאָזן צו אים. וואָס בערנע דאַרף טאָן, איז אָט וואָס: ער האָט אַרויסגעצויגן פון אַ קעשענע אַ באַשריבן

בייגעלע פּאַפּיר, דאָס אויסגעשפּרייט אויף אַ טישל און אים צוגעזאָגט אויסצושטיין אַלע זיינע הוצאות. בערנע דאַרף בלויז אונטערשרייבן, אַז דאָס מעבל זיינס געהערט צו אים. אין איין וועג אים שוין געלאָזט וויסן, אַז טערעסע האָט אים שוין סיי־ווי־סיי פאַרלאָזט ; איז וואָס זאָגט ער?

בערנע האָט גאָרניט געוואוסט וואָס מאַגיל רעדט צו אים. מאַגיל האָט זיך געבייזערט, אַז ער מוז זיך לאָזן „ראַטעווען״ . . . און באַלד אים אַריינגעשטעקט אַ פּען צווישן די פאַרגליווערטע פינגער. בערנע האָט זיך גאָרניט געוואָרט. ער שרייבט אונטער. מאַגילן פאַרדריסט נאָר וואָס די הענט ציטערן ביי אים. ער וויל אַ קלאָרע האַנטשריפט, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אַדוואָקאַט . . . באַלד האָט בערנע אויפגעהויבן זיין הויכן שטערן און שטאַלענע בליקן האָבן אָפּגעמאָסטן מאַגילן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט ער אים מיט דער פּען אויסשטעכן די אויגן. מאַגיל האָט זיך דערשראָקן און זיך אָפּגערוקט אַביסל פון טיש. אָבער בערנע האָט גאָרניט געטאָן צו אים. ער האָט אונטערגעשריבן און דערנאָך אַ ווײַלע נאָך געהאַלטן די פּען צווישן די פינגער, ווי ער וואָלט געוואָרט אויף נאָך פּאַפּירן אונטערצושרייבן . . .

מאַגיל איז אַ צופרידענער אַריין אין אַ צווייטן צימער, וואו די אַנדערע אָפּיצערן האָבן זיך געפונען און זיי געזאָגט, אַז גלייך מאָרגן אין דער פרי מוז געמאַכט ווערן אַ רעוויזיע ביי בערנען אין הויז. עפענען די פייער־קאַסע און קיין איין דאָקומענט ניט איבערלאָזן . . .

ווי באַלד אַזוי האָבן זיי שוין צו אים גאָרניט. זיי האָבן הילכיק געלאַכט, פאַרטרונקען דאָס קרעכצעריי פון די קעמערלעך אַרום, וואו הילפלאָזע יידן האָבן אַ פינצטערע נאַכט געשטופּט.

מאַגיל אזי געגאַנגען שלאָפן. געטראַכט זיך, אַז די מעבל וועט עמיצער פאַר אים ברענגען. ער וועט זיך מיט טערעסען אַזוי שנעל ניט באַגעגענען. ער וועט זי אפשר שטעלן צום געריכט . . .



גאַנץ פרי האָט אַ קיל ווינטעלע געווייעט איבער טערעסען, געשפּילט זיך מיט אירע האָר, מיט די פאַרהאַנגען, געוואָרפן זיי אַהין און אַהער. דורך אַ צעפּראַלט פענצטער פון קאַנטאָר האָט דאָס ווינטעלע, ווי אומזעבאַרע הענט, געשאַרט פּאַפּירן פון טיש אַרונטער אויפן רויט־געפאַרבטן דיל. טערעסע איז געזעסן אַ באַצערטע לעבן טעלעפאָן און געהאַלטן אין איין רופן פאַרשיידענע פּאָליצײ־סטאַנציעס און געקראָגן אויסגעגענעצטע

ענטפערס. אַ סך זעלבסטמאָרדן געווען פאַריקע נאַכט. די נעמען דער־וויל אומבאַקאַנט. דאָס טעלעפאָן־טרייבל איז אַרויסגעפאַלן פון אירע הענט. זי איז געבליבן זיצן אַ פאַרגליווערטע. געוואָלט אויסשרייען און ניט געקאָנט, ווי עמיצער וואָלט איר געוואָרגן.

ווען די צוויי אַפּיצערן זיינען אַריינגעקומען מאַכן זייער רעוויזיע, האָבן זיי איר געטראָפן דעם קאָפּ פאַרוואָרפן. זיי האָבן שוין עטלעכע מאָל צו איר גערעדט און זי האָט ניט געענטפערט. דער ייִנגערער פון זיי ביידע גלעט איר און זי שווייגט. ווי באַלד אַזוי וועט ער זי אַ קוש טאָן . . . און ווידער האָט זי גאָרניט געזאָגט. ער דערשרעקט זיך און לויפט צום צווייטן, וועלכער פאַרקעט זיך ביי דער פייער־קאַסע. זיינע אויגן גלאַנצן אַזש פאַר פרייד, ער וויל זיך גאָר אויסהיטן פון זיין באַגלייטער . . . אָבער יענער מאָטערט אים: — פראַנז, וואָס דענקסטו איז מיט איר?

פראַנז, שטאַרק פאַרטיפט אין זיין אַרבעט, זאָגט זיך גלאַט אָפּ:

— מסתמא איז זי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. זאָלן זיי דאָס אַלע טאָן.

דער ייִנגערער גיט אַ ציטער און הייבט אָן אויסשפּייען:

— גאָט מייַנער, זי איז טויט און איך האָב זי געקושט . . . לאָמיר זי אַוועקנעמען פון דאַנען!

פראַנז רירט זיך פויל און ביידע טראָגן זי אַריין. דער ייִנגערער שפּריצט אויף איר קאַלטע וואַסער און באַדויערט:

— אַ שאָד, אַ שאָד, מען דאַרף גלייך מעלדן.

שאַ, טערעסע האָט אירע אויגן געעפנט. זי לעבט. זי וויל נאָר וויסן וואו זי געפינט זיך . . . ביידע קוקן זיך איבער. זיי ווייסן ניט וואָס איר צו זאָגן. באַלד גיט פראַנז אַ וואונק און זיי גייען צוריק צו זייער אַר־בעט. דער ייִנגערער קראַצט זיך אין קאָפּ און זאָגט:

— דו ווייסט, פראַנז, ס'איז אַ רחמנות אויף דער פרוי.

— אַ רחמנות זאָגסטו, דו דום־קאָפּ! זי האָט דאָך אונדזער ראַסע פאַרקרעציקט! זאָל זי גיין צום טייוול!

אויפן וועג אַהיים האָבן זיי זיך וועגן איר געוויצלט אויף אַזאַ אויפן, אַז דער הימל האָט זיך אַזש געטרויטלט . . . דער יונגער האָט געטראַכט, אַז מען דאַרף פאַרבלאָנדזשען צו איר אין אַן אָוונט . . .

טערעסע האָט אָנגעהויבן ביסלעכוויז קומען צו זיך. זי האָט זיך געוואָלט דערמאָנען אָן די פרעמדע מענטשן, וועלכע זיינען דאָ געווען. וואָס האָבן זיי געוואָלט? אפשר גנבים געווען? זי איז גלייך אַריין צום קינד אין צימער, זיך צוגעבויגן צום בעטל און עטלעכע מאָל ס'געקושט. דערנאָך איז זי צוריק געקומען אין קאַנטאָר אַריין, דערזען אַז דאָס טע־

לעפאַן־טרייבל איז גאַר אַרונטערגענומען. אַלץ איז איבערגעדרייט. זי האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, אַז בערנע איז ניט אַהיים געקומען שלאָפן. און באַלד איז מאַגיל איר געקומען אויף דער מחשבה. זי האָט אַ ציטער געטאָן. דערנאָך זיך לאַנג, לאַנג פאַרטראַכט. באַלד האָט זי מיט שטור־רעם אַ נעם געטאָן דאָס טעלעפאָן־טרייבל און גערופן מאַגילן. מיט אַ גע־מאַכטער רואיקייט האָט זי אים געלאַדן צו זיך, זי וויל מיט אים עפּעס רעדן. דער טאָן איז געווען כמעט אַן העפלעכער. עס האָט שיעור ניט געקלונגען ווי זי אַנטשולדיקט זיך פאַר אים.

מאַגיל איז געווען זייער אויפגעלייגט ווען ער האָט דערהערט איר קול. ער האָט איר געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער לייגט אַוועק אַלע אַרבעטן און קומט גלייך צו איר.

טערעסע איז דערווייל אַרומגעלאָפן איבערן הויז אַן אומגעדולדיקע. זיך פּשוט קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. זי איז שוין עטלעכע מאָל גע־ווען ביים קינד. געקושט און געגלעט אים. טרערן האָבן געגלאַנצט אין די ווינקלען פון אירע אויגן. עטלעכע מאָל האָט זי שוין געהאַלטן אַ פּען מיט פּאַפּיר אין די הענט, אָנגעהויבן שרייבן און באַלד אַוועקגעלייגט. אַ פּאָר מאָל אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, דאָס פאַרמאַכט און אויפגע־מאַכט . . .

אָט הערט זיך דער קלאַנג פון שפּאָרן. טערעסע איז אויפגעשפּרונ־גען. זייער געשיקט זיך אויסגעווישט די אויגן, פאַרקעמט אירע האָר און אַקעגנגעלאָפן מאַגילן. דאָס האַרץ האָט ביי איר זייער שטאַרק געקלאַפּט.

מאַגיל איז אַריינגעקומען דעם קאָפּ פאַרריסן. זי האָט אים אַקעגנגע־טראָגן אַ שמייכל. ווי באַלד אַזוי, האָט מאַגיל אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל. זי האָט זיך גאַר ניט געוועהרט. איז פאַרוואָס זאָל מאַגיל זי ניט אַרומנעמען? אָרט איר דאָס אויך ניט. שמייכלט מאַגיל. אויפן האַרץ איז אים אויפגעלייגט. ער האָט געבראָכן איר שטאָלץ. אין זיינע מחשבות איז ער שוין ווייט, ווייט . . . געטראַכט אַ ווילע וואו אַהינצו־טאָן דאָס קינד. אים ווילט זיך איר זאָגן עפּעס. אָט טוט ער אַ בלעטער צווישן זיינע מחשבות: צי ווייסט זי אַ שטייגער, אַז זי איז איצט פּונקט אַזוי שיין ווי דאַן, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל באַגעגנט . . . זי שמייכלט.

דערנאָך לאָזט שוין מאַגיל זיין צונג פריי. דערציילט איר, אַז בער־נע האָט זיך געראַטעוועט זיין פעל, אים דאָס מעבל פאַרקויפט. אָט האָט ער דאָס שוואַרץ אויף ווייס. ער וויזט איר דאָס פּאַפּיר. זי גלאָצט אויף דעם אַ ווילע און גיט דאָס אים צוריק. פאַרוואָס איר ניט אַ קוש טאָן?

— פאַלט אים איין. און אַז זי האָט זיך גאַרניט געוועדט, איז ער דאָך שוין מיט איר זיכער. וויל ער טאַקע, אַז זי זאָל וויסן, אַז דאָס מעבל בלייבט דאָ . . . ער צעלאַכט זיך הויך אויפן קול. באַלד פאַלט אים איין: פאַרוואָס האָט זי נאָך קיין איינציק וואָרט ניט אַרויסגערעדט ? אָט פרעגט ער זי טאַקע.

טערעסע האָט אים פּלוצים אַרומגענומען. מיט איר רעכטער האַנט אַרויסגעשלעפּט זיין פּיסטויל און ביסלעכוויז, ביסלעכוויז אָנגעהויבן זיך דערווייטערן פון אים — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לויפן דערשראָקענע שכנים אַן אָטעם אַרום:

— וואו האָט מען דאָס געשאָסן ?

— וואו ?

טערעסע איז אַ ווײַלע געשטאַנען מיט צעשויבערטע האָר אַ פאַר־פיענעטע. די סלונע פון איר צעקרימטן מויל האָט זיך געצויגן ווי דינער דראָט. זי האָט זיך געהוידעט אַרום דעם נאַר־וואָס פאַרוואונדעטן אָפּי־צער מאָגיל און באַלד מיט אַ טראַך אומגעפאַלן . . .

# אַן אַפּשייד־אָוונט

די הויז ביי דער פאַמיליע יאַפּע איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן, די מערסטע נאָענטע קרובים. מען איז זיך געקומען געזעגענען מיט דעם יונגן בוני יאַפּע, וועלכער האָט באַדאַרפט אַוועקגיין פאַר אַ סאָל־דאַט אין אייניקע טעג אַרום.

אויבנאָן ביים געגרייטן טיש, לעבן בונין, איז געזעסן אסתר, זיין כלה־מיידל. זי האָט געשמייכלט. פול מיט חן, און אין האַרצן געאַמ־פּערט זיך מיט אַ בענקשאַפט וואָס האָט זיך אויף איר אָנגעזעצט. זי האָט זיך צייטנווייז ווי אַ קינד געטוליעט צו בונין. אירע בלויע אויגן האָבן אויסגעזען מאָס און קליין, איר שמאָלע נאָז, בלאַס. צייטנווייז האָט זי אויסגעגלייכט איר הויכן האַלדז און מיט אַ מין גדלות זיך צע־זונגען.

נאָך אסתרן זיינען געזעסן נאָענטע חברים בוניס און שכנהשע קינ־דער פון איין בלאָק, מיט וועלכע ער איז אויפגעוואַקסן צוזאַמען. אַמ ערשט זיך געשפּילט מיט זיי אינמיטן גאַס, געוואָרפן אַ האַרטע פּילקע און געליאַרעמט ביז גאָר. מ׳האָט געטרונקען איין לחיים נאָכן צווייטן און בעת מעשה זיך געוויצלט:

— באַלד וועט מען זיך זען!

— הלוואי שיקט מען זיי אַלעמען אין איין קעמפּ אַריין . . .

אסתר האָט זיי מקנא געווען מיט זייערע רייד. זי האָט גראַ־ציעז באַנעצט אירע דינע ליפּן מיט טראָפּנס וויין און זיך לאַנג פאַר־קלערט.

יאַפּע, בוניס פאָטער, וועלכער איז מיט יאָרן צוריק אַליין געווען אַ סאָלדאַט, האָט געהאַלטן אין איין דערציילן עפּיזאָדן פון דעם אַרמיי־לעבן אין זיין צייט. ער האָט דערציילט ווי אַזוי ער איז איינמאָל גע־שטאַנען אויף פּאָסט אין אַ פינצטערער נאַכט, אַז מ׳האָט דאָס וואַסער נישט אָנגעזען. מיטאַמאָל, טריט: עמיצער קומט! ער האָט אַרונ־טערגעכאַפּט די ביקס פון זיין אַקסל און אַקעגן געשריען, אַז יענער אומ־געבעטענער גאַסט זאָל זיך אָפּשטעלן, אָבער אַ נעכטיקער טאַג. דריבנע טריט הערן זיך שאַרפער. אים איז באַלד געקומען אויפן זינען: אַ אַ שפּיאָן!

דער עולם איז געווען זייער שטיל, מ׳האָט זייער געוואָלט הערן

דעם סוף פון דער געשיכטע. יאַפּע האָט זיי באַטראַכט און זיך צע־שמייכלט:

— אין יענער מלחמה האָבן זיך סאָלדאַטן נישט געאײַלט צו שיסן און איידער וואָס ווען, האָט זיך צו מײַנע פּיס געטוליעט מײַן קאַפּי־טאַנס הונט . . .

— אַ הונט גאָר! — האָט מען זיך ווי געבייזערט אויף יאַפּען: מ׳האָט דערוואַרט גאָר אַן אַנדערן סוף . . .

דערפאַר האָט זיי יאַפּע באַפּרידיקט מיט די שטרענגע מיטלען וואָס ער האָט אָנגענומען קעגן די פּאָר אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן געוואָלט אויפהויבן זייערע קעפּ. דאָ האָט ער זיך דירעקט געווענדט צו בונין: זאָל ער עס נעמען אין קאָפּ אַרײַן, אַז מיט קיין אַנטיסעמיטן ביי זיך אין די רייען, געווינט מען ניט אונדזער סאָרט מלחמה . . .

דערנאָך האָט יאַפּע דערציילט ווי אַזוי ער האָט געפירט דײַטשי־שע געפאַנגענע און שטילערהייט האָט ער זיי צוגעטיילט פון אַלעם גוטן, זיך פּשוט אײַנגעשטעלט דאָן. ער האָט אַרונטערגעזונקען דעם קאָפּ זײַנעם און מיט ביטערקייט אין זײַן טאָן האָט ער פאַרענדיקט: הײַנט וואָלט ער זיי געגעבן סם. זײַנע ווערטער זײַנען באַגלייט געוואָרן מיט צײַן־קריצעניש.

— אַ פאָלק קומט אָפּ פאַר די זינד פון איר רעגירונג, — האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ.

— נישט אַלע זײַנען שולדיק אין דעם חורבן . . .

— זאָלן עס די אומשולדיקע באַווייזן!

די פרוי יאַפּע, וועלכע איז די גאַנצע צײַט געזעסן פּונקט אַנטקעגן איר זון בוני, נישט אַראָפּגענומען אירע בליקן פון אים, ווי זיך וועלן מיט זײַן אויסזען גוט אָנזעטיקן איידער ער פאַרלאָזט. זי האָט דער־פילט אַ שווערקייט אויפן האַרצן. זי האָט געטראַכט: עס איז אַ צײַט אַזאַ ווען אַ מאַמע דאַרף זיך שעמען אַ זיפץ צו טאָן. האָט זי זיך אויפ־געהויבן פון טיש און איז געגאַנגען אינדרויסן אַרויס אויף דער פרישער לופט, ווי זי טוט עס פאַר אַ צײַט שוין: זי וויל זײַן מיט זיך אַליין, האָט זי געפילט ווי צו זאָגן צו די וועלכע האָבן איר נאָכגעקוקט. פאַר־וואָס זאָל מען זי נישט וועלן פאַרשטיין, אַז איר קינד שטייט אין קאַן און איר לעבן איז שווער?

אויף דער גאַס שפּאַצירנדיק, איז זי ווי איבערגעגאַנגען אויפסניי אירע מאַמע־געדאַנקען נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל — זי מוז קומען צו אַ טאָלק . . . דער מאַן אירער האָט דאָך ליב בונין פּונקט ווי זי. דאָך

— ווי בראַוו ער האַלט זיך. ער קאָן רעדן צו די מענטשן, אַפילו זיי מאַכן צום לאַכן, נאָר זי זיצט ווי אַן איבעריקע, ווי אַ שטומע. זי האָט זיך דערמאָנט דעם מאַנס טענות פאַר דער לעצטער צייט: ווי אַזוי קאָן מען צוגלייכן די איצטיקע מלחמה צו יענער ווען ער האָט געדינט? דעמאָלט איז ער אַליין אויך געווען גלייכגילטיק, ווייל די שונאים מיט וועלכע מ׳האָט זיך געשלאָגן, זיינען נישט געווען דעם סאָלדאַטס שונאים. צי געדענקט זי נישט, אַז מען פלעגט אַרויסקריכן פון די טראַנשייען און זיך ברידערן? און היינט זאָגט איר מאַן, אַז ווען ער כאַפּט אַריין אַ באַנדע נאַציס, וואָלט ער זיי געסמט.

פאַר אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן שורות פון צייטונגען מיט גרויסע ווערטער: „נאַציס ברענגען אויף דער תליה קינדער״ . . . זי האָט אַ ציטער געטאָן: ווי קאָן מען טאַקע לעבן ווען באַנדיטן הערשן? און ווידער האָט זי געהערט איר מאַנס קול: די געלע לאַטעס מיט וועלכע מ׳האָט זיך שוין אַפילו געשעמט אין די ביכער, האָבן די נאַציס פון דאָס ניי אויפגעלעבט אויף די פּלייצעס פון די יידן . . . מענטשן וואָס לעכצן נאָך פרייהייט, ברענגט מען אום״.

אירע געדאַנקען האָבן זי פאַרטראָגן אויף יענער זייט ים און זי האָט דערזען פאַר זיך בתי־מדרשים אין פלאַמען. יידן מיט בערד ווערן געשמיסן אויף נאַקעטע לייבער ביז בלוט. מען לאָזט נישט ראַטעווען די ספרי־תורות. זי פילט ווי שרייען הויך אויפן קול אין דער נאַכט אַריין. עס קומט איר אויפן זינען איר אייגענע פאַמיליע: ווער ווייסט, אפשר האָט מען שוין אַלע אייגענע אומגעבראַכט?

די ביטערע געדאַנקען האָבן זי צערייצט ביז גאָר: נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי צו נעמען אַ ביקס אין דער האַנט . . . האָט ווי עמיצער איר אין אויער אַריינגעשריען.

דבורה האָט זיך געלאָזט צוריק אין הויז אַריין מיט צעכעסטע טריט: זאָל מען אויפהערן איר נאַכצוקוקן. זי האָט געטראַכט — זי וועט טרינקען אַ כוס צו בונין און אים ווינטשעווען ער זאָל מצליח זיין. זאָל ער אַלץ דערציילן אין פריידן גאָר איינגיכן.

זי האָט זיך אָנגעהויבן צו טרייסטן: נישט אַלע פאַרלירן דאָך זייערע לעבנס . . . נו, מער וועט זי נישט טראַכטן. זי וועט האַלטן אין איין רעדן און רעדן.

ביים טיש האָט דבורה געהערט איר מאַן כליפּען. אַלע זיינען געזעסן שטיל און ער האָט גערעדט:

— הערט מענטשן, מיך האָט מען אָפּגענאַרט! איך בין צוויי מאָל

פאַרוואונדעט געוואָרן. כ׳האָב געדענקט, אַז קיינמאָל וועלן שוין קיין מלחמות אויף דער וועלט נישט זיין. כ׳וועל האָבן אַ זון וועט ער לעבן און לאַכן . . . לחיים, בוני, דיך וועט מען שוין נישט אָפּנאַרן . . . דו הערסט ? ס׳וועט אַ רוח אין דער וועלטס טאַטן אריין . . .

דער עולם האָט הילכיק אַפּלאָדירט. מ׳האָט זיך געהויבן פון די ערטער, מיט גלעזער וויין אין די הענט געטרונקען צו יאַפּען, און ווען עס איז שטילער געוואָרן, האָבן נאָך דבורהס הענט נישט געהאָט אויפגעהערט צו פּליעסקען.

# צוריקגעוויזן

ביים קיך־טיש זיינען טאַטע־מאַמע געזעסן באַטריבטע, באַזאָרגטע. דאָ האָט זי אַ זיפץ געטאָן, דאָ ער, אויף אַזאַ אופן זיך דורכגעשמועסט. יעדע ווײַלע האָט מען געכאַפּט אַ קוק צו דער שטומער טיר אַנטקעגן פון דעם חדר, וואו זייער בן־יחיד מילטאָן איז געזעסן אָן אָפּגעשלאָסענער: אפשר וועט ער פאָרט אַרויסקומען!

די פרוי האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— אַ טאַטע זאָל עפּעס נישט טאָן צו דעם!

— וואָס זאָל איך אַשטייגער טאָן?

— ווען איך ווייס וואָס וואָלט איך אַליין עפּעס געטאָן...

— אַבי ריידן!

— זלמן, ס׳טוט אַזוי וויי...

— און מיר נישט?

— אפשר גאָר איבערציען זיך אין אַן אַנדער געגנט, וועט זיך מילטאָן נישט שעמען זיין פּנים צו ווייזן...

— ווער ווייסט?

פון יענער זייט טיר האָט זיך מילטאָן נאָר וואָס געהאַט דערמאָנט וועגן אַן אָפּשייד־פּאַרטי, וואָס מ׳האָט פאַר אים אין שאָפּ געמאַכט. די שיינע לאָרע מיט די גרויסע בלויע אויערינגען, וועלכע פּאַסן זיך אַזוי צו אירע פאַרחלומטע אויגן, האָט אים אַרומגענומען און אויסגעזונגען אירע ווערטער: „מילטאָן, ווען דו וועסט אויף אורלויב קומען, זאָלסטו שוין זיין אַן אָפיצער. געדענק!״ אָט הערט ער ווי דאָס פאַררויטלטע מיידל עלסי זאָגט אויפן אויער צו פעניו: „אָך, וועט ער זיין אַ שייבער סאָלדאַט!״ יענע וויל עס נישט ליידן: „אַלע וואַרפן אויף אים אוי־געלעך! אים גייען נישט אָפּ קיין מיידלעך איצט״...

„קוק זי נאָר אָן! ביזט דזשעלאָס!״ מוסרט איר עלסי.

און די מענער־אַרבעטער שווייגן אויך נישט:

„אַזאַ העלדישער בחור, אַז ער וועט דערלאַנגען אַ נאַצי, וועט זיין וואָס צו זען״...

„ער האָט נאָך ביי דער מאַשין זיינע פלייצעס נישט אויסגעבויגן״... אָט שטרעקן זיך אויסגעבלייכטע הענט צו אים:

„מילטאָן, מאַך פאַרטיק דעם ׳דזשאַב׳ און קום אַהיים אַ געזונטער״.

„איינמאָל פאַר אַלע מאָל, לאָמיר לעבן אין אַ שענערער וועלט. וועסט באַגעגענען מיינע צוויי זין, גריס זיי" . . .

אָט איז דער באַלעבאָס. ער דערלאַנגט אים אַ קליין קאָנווערטל זיין לעצטע וואָך שכירות, און טרינקט צו אים אַ לחיים:

„קום גיך אַהיים, טעדי, און נישט געזאָרגט. איכל מאַכן פלאַץ פאַר דיינעטוועגן" . . .

ער ענטפערט אים, אַז נאָך דער איצטיקער מלחמה דערוואָרט ער אַ בעסערן דזשאָב ווי פאַקן קליידלעך און אויסקערן דעם שאָפּ.

אַלע האָבן זיך שטורמיש צעלאַכט און דער באַלעבאָס איז גלייך אַנטרונען געוואָרן . . .

„אָך, האָט ער אים אַריינגעזאָגט!"

אָט קלינגט אָפּ אין זיינע אויערן דער מאַמעס געוויין. זי האַלט אים שטייף אין אירע אָרעמס. ער שטייט אויפן שוועל פון דער קיד־טיר גרייט אָפּצופאָרן אין קעמפּ אַריין: „מילטאָן, איך וויל דיר באַלד האָבן צוריק!" דער טאַטע האָט זי קוים אָפּגעריסן. און איצט איז ער דאָ צוריק, אָבער קיין נחת האָט מען פון אים נישט: וואָס זאָל ער טאָן, אַז ער פילט, אַז מ'האָט אויף אים דעם הימל אַרונטערגעוואָרפן. אַז ער טויג נישט פאַר קיין סאָלדאַט, מוז ער שוין זיין איינמאָל אַ חולה . . .

מילטאָן האָט ווי אַרויסגעשריען דורכן פענצטער אין גאַס אַריין: ער האָט דאָך פאָרט געפילט געזונט און מונטער; וואָס האָט מען צו אים געהאָט? און פאַרוואָס מאַכט מען פון אים חוזק, אַז אין אַזאַ צור־שטאַנד זאָל ער גיין אַרבעטן אין אַ מלחמה־אינדוסטריע? פון יענער רגע, וואָס מען האָט אים פון קעמפּ אָפּגעשיקט אַהיים, קאָן ער זיך אויף די פיס נישט שטעלן . . .

און ווי אַזוי קאָן ער זיך באַגעגענען מיט מענטשן! וואָס וועט זיך לאַראַ טראַכטן, ווען זי וועט אים דערזען צוריק אין די ציווילע קליידער? וואָס וועלן די מענער־אַרבעטער זאָגן? יענע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ העלד. ווי גוט מ'האָט באַצייטנס געפילט, אַז ער וועט דערלאַנגען אַ נאַצי, וועט עס זיין אויך פאַר זיי . . .

ער האָט זיך אויף אַזאַ שטראָף נישט געריכט: די גאַנצע שטאָט דאַרף וויסן, אַז ער איז אַ חולה . . . אים איז דאָך אַזוי נישט גוט צו זיצן דאָ אין חדר פאַרשפּאַרט ווי אין אַ תפיסה, אָבער ווי אַזוי קאָן ער זיך אויפן גאַס באַווייזן? ער איז זיכער, אַז הינטער זיינע פּלייצעס וועט מען ריידן וועגן אים, טייטלען מיט די פינגער: וואָס טוט ער אין דער היים?

מילטאָן אָט אויף אַ ווײַלע אויפגעהערט צו טראַכטן. געקוקט אין שפּיגל און פאַרקרימט זיך: ווי בלאַס ער איז! אַ וואונדער? אַז אים גייט שוין קיין זאַך נישט אָן. ער האָט שוין באַלד פאַרגעסן ווי אַזוי מען שמייכלט. אָך, ווי ער פלעגט זיך עס צעלאַכן אין שאַפּ פון עמיצנס אַ וויץ און לאָרע האָט אים געזאָגט, אַז אַזאַ סאָרט געלעכטער דריקט אויס גבורה . . . וואָלט ער עס איצט געקאָנט באַווייזן? זאָל ער נאָר פּרובירן! און מילטאָן האָט צו יענעם אין שפּיגל קרענקלעך געלאַכט...

אין שאַפּ איז געזעסן מילטאָנס פאָטער אַ פאַראומערטער. ער האָט געגנייט אַ מונדיר און געטראַכט וועגן זײַן אייגענעם זון. אין זײַנע אויערן דער פּרויס רייד, גלייך ווי זי וואָלט דאָ לעבן אים געזעסן:

„זלמן, דער זון אונדזערער גייט איין פון טאָג־צו־טאָג . . . וואָס שווייגסטו? קלער עפּעס צו! וואָלט ער שוין בעסער געווען אַ סאָל־דאָט. זי טראַכט אַזוי נאָך מער איבער" . . .

זלמן הייבט אָן צו פילאָזאָפירן: „טאַקע אַ מאָדנע וועלט! עפּעס אַלץ גייט דיר אַזוי צולהכעיסדיק. אַ קלייניקייט, ביז אַ מאַמע כאַוועט אויף אַ זון. פון ערשטן טאָג אָן, ווען ס'קינד קומט אויף דער וועלט, טרייבט זי בייזע מחשבות פון זיך: ס'גייט אַרום אַ שלאָפקייט, די שעה זאָל נישט זײַן . . . ווען ס'קינד וואַקסט אונטער, דאַרף זי היטן יעדן שפּאַן, טאָמער פאַלט דאָס נפשל אום. מ'האָפט, אַז ס'וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס קינד וועט ווערן אַ גרויסער, און מען וועט קאָנען כאַפּן דעם אָטעם. עס וועלן זיך אָנהייבן שעהן מיט נחת. צום סוף, אָט האָסטו דיר! אַ מלחמה און דער זון איז נאָך נישט גוט פאַר זיי"...

נו, וואָס איז דאָ צו קלערן, ס'אַ קראַנק וועלטל, אַזוי שווער זיך אַרײַנצופּאַסן . . .

אין מיטן דערינען פרעגט אים אַ שכן אין שאַפּ:

— זלמן, וואָס שרייבט דײַן זון?

זלמן כאַפּט זיך אויף ווי פון שלאָף:

— וואָס זאָל ער שרייבן?

— אין וועלכן קעמפּ געפינט ער זיך?

זלמן קלערט אַ ווײַלע און באַלד ענטפערט ער מיט כעס:

— דו מוזט עס אַלץ וויסן? עס איז אַ מלחמה־סוד, דו פאַר־שטייסט?

און ווען ער איז געפאָרן אַהיים, האָט אים באַנג געטאָן פאַרוואָס ער האָט אַזוי גערעדט צום אַרבעטער: יענער איז צו אים אַ פרײַנט,

אפשר אים געווען באַדאַרפט דערציילן דעם אמת און יענער וואָלט גע־
האַט אַ לייטישע עצה?

זלמן האָט צעעפנט די צייטונג. דערזען גוטע נייעס אויפן פראָנט.
ער האָט געטראַכט: מ׳דאַרף אַריינגיין צו מילטאָנען אין צימער און
אים ווייזן. ער האָט זיך דאָך אַזוי געריסן צו גיין שלאָגן די נאַציס,
וועט אים אוודאי הנאה טאָן... באַלד באַשליסט ער, אַז ס׳טויג נישט!
„מילטאָנען וועט זיך אויסווייזן, אַז ער, דער טאַטע, רייצט זיך מיט אים,
אַז מען וועט זיך שוין ספּראַווען אויפן שלאַכטפעלד אָן אים״. ער האָט
אָפּגעזיפצט. „אַך, זלמן, ווען דו ביזט אַביסל געלערנט, וואָלסטו שוין
געוואוסט ווי אַזוי צו ריידן צו דיין זון״... אין מוח האָט ער אַזעלכע
מחשבות, אָבער אַרויסבערענגען זיי אויף די ליפּן — דאָס נישט! אפשר
איז די פרוי זיינע גערעכט: צו דינגען אַ דירה ווייט פון דאַנען? דאָרטן
וועט קיינער ניט וויסן, אַז מ׳האָט מילטאָנען צוריקגעוויזן פון דער אַר־
מיי... דאָס שעמען זיך וועט אים אויף אַן אמתן קראַנק מאַכן.

בעת זלמן האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל, איז די טיר פון מיל־
טאָנס צימער געווען אָפן. די מוטער איז דאָרט געשטאַנען פּנים אל
פּנים מיט מילטאָנען:

— ביז ווי לאַנג נאָך וועסטו זיצן דאָ פאַרשפּאַרט? קום צו זיך,
מיין...

און מילטאָן האָט זיך ביי איר געבעטן, אַז זי זאָל אים לאָזן צורו.
אויב נישט, וועט ער צו זיך עפּעס טאָן און ס׳וועט זיין איר שולד...

זלמנען האָט אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן. ער האָט אַהין אַריינגע־
שפּאַנט. אַ וואונק געטאָן צו דער פרוי, אַז זי זאָל אַרויסגיין. ער האָט
פאַרמאַכט די טיר און גלייך אָן הקדמות אָנגעהויבן צו ריידן:

— דו ווייסט, מילטאָן, וואָס איך האָב געטראַכט פאַרנדיק אהיים,
אַז דאָס וועלטל איז קראַנק — נישט איך — נישט דו! פאַרשטייסט,
איך בין אַן איינפאַכער ייד און איך ווייס, אַז מירן פּטור ווערן פון די
נאַציס, וועלן מיר אויפגעריכט ווערן. אָבער וואו שטייט געשריבן, אַז
אַלע מוזן גראַדע גיין מיט די ביקסן? סאָלדאַטן דאַרפן האָבן קליי־
דער, ניי איך פאַר זיי! סאָלדאַטן דאַרפן שיך, שפּייז, און וואָס נישט?
אַז טאָמער קאָנסטו נישט לויפן גיך, ביזטו שוין קראַנק? ניין, זאָג
איך! דער מאַרשרוט פון דער וועלט איז קראַנק, מענטשן וואָלטן זיך
באַדאַרפט איינגאַנצן באַגיין אָן מלחמות...

ביי מילטאָנען האָבן די אויגן אָנגעהויבן נערוועז צו פינטלען. ער
האָט מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך אַ טאַטן אַ ריז. אַ שמייכל האָט זיך

באַוויזן אויף זיין קרענקלעכן פּנים: „הער נאָר רייד", האָט ער צו זיך געטראַכט. ער האָט דעם פֿאָטער געבעטן זיך אַוועקזעצן, און זאָל ער ריידן און ריידן . . .

ביים פֿאָטער האָבן זיך די אויגן צעלויכטן ווי צוויי ליכט. אַ קליי־ניקייט, מילטאָן אַליין בעט זיך ביי אים פֿאַר ווערטער! אָך, וואָלט ער וועלן די מינוט, אַז די מאַמע זאָל שטיין דערביי, אָבער ער ווייסט נישט וואָס פֿריער צו טאָן: אפשר וועט ער אַלץ איבערפֿירן . . . נו, ער וועט זיך פֿריער גוט דורכשמועסן מיט מילטאָנען, אפשר וועט ער ביי אים פּועלן אַריינגיין אין קיך שמועסן ביי אַ גלעזל טיי.

מילטאָן איז געלעגן אויפֿן בעט ביז העט שפּעט ביינאַכט. אַרויס־געקוקט דורכן פֿענצטער און דערזען פֿאַר זיך אַן אויסגעשטערנטן הימל — אַ לבֿנה. אין די אויערן האָבן זיך געזונגען דעם פֿאָטערס האַרציקע ווערטער: „נישט דו און נישט איך זיינען קראַנקע, נאָר דער מאָר־שרוט פֿון דער וועלט . . . אַז מען קאָן נישט שיסן מיט דער ביקס איז וואָס? אָבער מאַכן אַ ביקס . . . דאָס אַלץ איז דאָך בלויז דערווייל, ביז מיר וועלן די שונאים בייקומען, אָבער דאָס לעבן וועט זיך ציען און ציען . . . ביזט נאָך יונג, באַרעכן זיך גוט . . .

ווי די מוטער האָט זיך דערפֿרייט, ווען ער האָט זיך געזעצט ביים טיש! ער דאַרף זיך אַליין בייקומען, און ער האָט שוין געוואָלט, אַז דער פֿרימאָרגן זאָל אָנקומען, וועט ער זיך אַרויסלאָזן צווישן מענטשן... דעם טאַטנס רייד וועלן אים באַגלייטן . . .

# פֿאַרגעסענע העלדן . . .

אין דעם סאַניטאַריום וואו עס האָבן זיך געפֿונען אומהיילבאַרע סאָלדאַטן פֿון פֿאַבריקע מלחמות, איז דאָס לעבן געווען פֿאַרגליווערט. אַפֿילו אין פֿרילינג־צייט, ווען אַלץ אַרום אויפֿן ברייטן הויף צעבליט זיך, ריחות פֿון בלומען — פֿון ביימער־צווײַט שפּאַרט זיך דורך די גרויסע צעפּראַלטע פֿענצטער פֿאַרשיכורט צו ווערן, גייט עס וואָס ווייניק אָן די אייביקע חולאים דאָ. זיי נעמט אַרום אַ גרויס בענקשאַפֿט, אַ נאָגעניש און ווי אַ געוועט ווער פֿון זיי וועט לענגער שווייגן . . .

נאָר אין אָנהייב איז דער רו־אָרט געגאַנגען כאַדאָראַם. די שווערפֿאַרוואונדעטע מענטשן האָבן זיך געהאַלטן אין איין באַרימען מיט דעם נעכטן, אייערנעכטן. וועגן זייערע דערפֿאָלגן אין ציווילן לעבן. קאַרפֿאַראַל עדעמס האָט ווי דעקלאַמירט וועגן זיין ליבע־דערפֿאָלג: ווען ער איז צום באַן געגאַנגען, אָפּצופֿאָרן אין קעמפֿ אַריין פֿאַר סאָלדאַט, האָבן אים אַלע מיידלעך פֿון זיין שטעטל באַגלייט. אַפֿילו איצט, מיט זיינע צוגעמאַכטע אויגן זעט ער זיי אַלע. ער געדענקט נאָך זייערע אַלעמענס נעמען — אַפֿילו די צונעמען . . . עטלעכע אויף איינמאָל האָבן אים געקושט . . . מען איז לאַנג געשטאַנען מיט די האַנטיכלעך אין דער לופֿטן. אָפּטמאָל דאַכט זיך אים, אַז זיי שטייען נאָך און וואַרטן אויף אים . . .

אַן אַנדערש מאָל האָט מען זיך באַרימט מיט זייערע העלדישקייטן אויף די שלאַכטפֿעלדער. איינער האָט געוואָלט דעם צווייטן איבערשטייגן . . .

סאַרדזשענט ברעידי, וועלכער האָט זיך געהאַט אויסגעשטעלט מיט זיין יחוס, אַז זיין טאַטע איז געווען אַ באַנקיר אין זיין געבורטשטעטל, איז אַלעמאָל געווען דער לעצטער צו באַרימען זיך וואָס ער האָט אויפֿגעטאָן אויפֿן שלאַכטפֿעלד. צוערשט האָט ער צונישט געמאַכט יעדנס אויסשטעלן זיך, דערנאָך האָט ער עטלעכע מאָל געטרייסלט זיין מעדאַל. עס האָט געמיינט, אַז זיין אויסצייכענונג קומט ניט צו זייערע. זאָלן אַלע וויסן אַז דורך זיינעם אַ געניאַלן איינפֿאַל האָט זיין בעטערי „אָפּגעווישט" צוויי דייטשע רעגימענטן. הייַנט וואָלט ער עס ניט געטאָן. ער האָט זיך צופֿיל געשטופּט דעם שונא אין פּנים אַריין . . . האָט ברעידי פֿאַרענדיקט אין אַ טאָן פֿון חרטה . . .

מיט דער אויסנאַם פון ברעידין, האָבן זיך אַלע דאָ אין אַנשטאַלט אַרויסגעהאָלפן איינער דעם צווייטן. דער בלינדער קאָרפּאָראַל עדעמס האָט געטראָגן אויף זיינע ברייטע פּלייצעס גאָרינען צום טויער, וואָס גרענעצט זיך מיטן שטאָטישן לעבן. גאָרין האָט אַלץ באַוואונדערט און עדעמס האָט זיך געפּרייט ווי אַ קינד. ער האָט געפילט, אַז פון זיי ביי־דע איז איין מענטש געוואָרן. איינער אָן דעם צווייטן קאָן נישט לעבן. אַז גאָרין האָט געפלירט מיט אַ מיידל, וואָס איז פאַרביי געגאַנגען, האָט עדעמס אָנגעקוואָלן, גלייך ווי ער אַליין וואָלט עס געטאָן — גלייך ווי ער אַליין וואָלט זי מיט זיינע אייגענע אויגן געזען . . .

הענוואָוד, אַ געוועזענער כעמיקער, האָט פאַרגעלייענט זיינע אָנגע־קומענע בריוו פון זיינע נאָענטע, פאַר דעם עלנטן באָב, וועלכער האָט באַקומען אַ געפיל, אַז הענוואָודס קרובים זיינען אויך זיינע. יענע דאָרטן שרייבן צו זיי ביידע . . .

שפּעטער, ווען מען איז עלטער געוואָרן — דאָס לעבן שווערער, און אפשר האָט מען זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן חשבון־הנפש: וואָס האָט מען דאָ צו דערוואַרטן? מען בייט אויס אַ קראַנקן היינט אויף אַ קראַנקן מאָרגן, האָט מען אָנגעהויבן אונטערשווייגן. מען האָט געזען פאַרוואָר־פענע קעפּ אויף די זייטלעך פון די רעדל־שטולן צו וועלכע די מערסטע זיינען געווען ווי צוגעשמידט. דר. סילק איז געגאַנגען פון איינעם צום צווייטן, געטאַפּט אַ דופּק דאָ, אַ דופּק דאָרט, געקלאַפּט אין די פּלייצעס און געמונטערט.

סאַרדזשענט ברעידי האָט דאַן אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן טויט. וועגן אַ פאַראַדנער לוויה. מען וועט שטיין פאַר זיין אָרון מיט געבויגע־נע קעפּ און מיליטערישן אָנשטעל. מען וועט האַלטן רעדעס וועגן זיין העלדישקייט אויפן שלאַכטפעלד, צום לעצט וועט מען אויסשיסן פון אַ קאַנאָן, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ מענטשן ווי ער איז געווען. פונדעסטוועגן האָט ער קיינעם נישט געוואָלט צוגעבן, אַז זיינע כוחות לאָזן זיך ביי אים אויס. ער האָט געשריען אויפן קול ווען מ׳האָט זיך פאַרגעסן אים אָנצורופן מיטן טיטול: סאַרדזשענט.

דער סאַניטאַריום האָט אָנגעהויבן אויסצוזען ווי אַ קאָרידאָר צו אַ בית־עולם, וואו מתים ליגן און וואַרטן מען זאָל זייערע קברים אויס־גראָבן . . .

* * *

מיטאָמאָל איז געוואָרן לעבעדיק, נאָך מער ווי אין די ערשטע טעג, ווען מ׳האָט די אינוואַלידן אַהער אַראָפּגעבראַכט. דער דאָקטער, די

אויפזעער זיינען צעטומלט געוואָרן: דאַכט זיך ערשט אויסגעזען ווי מתים און איצט רעדט מען מיט אַזאַ פייער וועגן דער נייער מלחמה?

ביים אויסגעבלאָסטן, שוואַר־פאַרוואונדעטן גאַרין האָבן די באַקן געפלאַמט. ער האָט גערעדט הויך אויף דעם קול:

— אַמעריקע וועט איצט צונויפשטעלן נאָך אַ בעסערע אַרמיי ווי פריער. די היינטיקע יוגנט פאַרשטייט בעסער וואָס מען דאַרף טאָן צו ראַטעווען די וועלט. מ׳האָט זיך געכאַוועט אין אַ קריזיס. מ׳האָט גע־לערנט ווער די שונאים זיינען...

זיי וועלן פאַרניכטן די יאַפּאַנעזער, די יונקערס, וועלכע מען רופט איצט נאַציס... אויף אונדז, דאָ, ליגט אַ חוב צו העלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך די נייע העלדן צו פאַרענדיקן די מלחמה אויף אַ שענערן אופן ווי מ׳יר האָבן עס געטאָן... זאָל אונדזער העלדישקייט נישט אויסגע־מעקט ווערן פון דער געשיכטע פון אונדזערע שונאים... און אפשר איז טאַקע איצט די לעצטע מלחמה?

כמעט אַלע האָבן גערעדט. מ׳האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט פון ס׳ביי וויכטיק: אַ קליינינקייט, זייער לאַנד האָט געמאַכט אַזאַ ערנסטן שריט און זיי, דאָ, זיינען דאָך עפּעס מענטשן מיט דערפאַרונג... מען דאַרף דעם ענין גוט אַרומריידן!

סאַרדזשענט ברעידי האָט פּלוצים אָנגעהויבן צו טופּען מיט די פיס. ער האָט געחוזקט:

— דום קעפּ, מיט די היינטיקע בחורים גייט מען זיך פאַרמעסטן קעגן די דייטשן? יענע זיינען דאָך געבוירענע סאָלדאַטן! אונדזערע סטודענטלעך וועלן זיך אַפילו פוילן צו רייניקן די ביקסן. אַז זיי וועלן דערזען היטלערס אַ טאַנק וועלן זיי שרייען „מאַמע!״ — דערביי האָט ער זיך צעלאַכט מיט גרויס הנאה און געקוקט בייז פון אונטער זיינע גרויסע וויעס אויף די צוהערער, וועלכע ווילן אַפילו נישט אַ שמייכל טאָן...

דער בלינדער עדעמס האָט צום ערשטן אַרומגעזוכט ברעידין מיט די הענט, דערנאָך האָט ער געקלאַפּט מיט די קולאַקעס אויף זיין רעדל־שטול. ער האָט ווי אויסגעוויינט זיינע ווערטער:

— ברעידי, דו רעדסט נישט ווי קיין אייגענער מענטש...

— שאַטאַפּ דו! זאָלסט צו מיר נישט רעדן ווי צו דיין גלייכן. דו הערסט! מיך רופט מען סאַרדזשענט!

— דאָ זיינען אַלע גלייך, — האָט זיך גאַרין אַריינגעמישט.

— נישטאָ וואָס צו הערן, — האָט ברעידי זיך פון אַלעמען אָפּגע־

קערט, מיט זיין כמעט אַלעמאָל באַוואָקסענער מאָרדע. ער האָט פּונ־דעסטוועגן נישט פאַרפעלט צו הערן וועגן וואָס מ'האָט ווידער גערעדט. ער האָט זיך צוגערוקט צו עדעמסן און אָנגעהויבן צו רעדן מיט אַ וויי־כערן טאָן,

— וואָס אַרט דיך, ווען אַלע וועלן זיך די קעפּ אָפּרייסן, דו זעסט דאָך סיי־ווי־סיי נישט! וואָס וועסטו אָנווערן? צי אַ שטייגער איך אַליין? קומט צו גיין מיין פרוי: „העלאָו דאַרלינג!" מען איז פאַלש צו אונדז — זאָג איך דיר! מיר פילן דען דעם טעם פון לעבן?

גאָרין האָט געגעבן צו פאַרשטיין אויף זיין אופן, אַז גייסטיק קאָ־נען זיי געניסן פון לעבן גלייך מיט אַלע מענטשן: צי ווייסן זיי נישט אַז וויכטיק איז אַ מענטשנס פאַנטאַזיע, ווער לאָזט זיי נישט טראַכטן וועגן די שענסטע זאַכן אויף דער וועלט? די מלוכה וועט שוין געפּי־נען אַרבעט פאַר זיי . . .

ביים סאַרדזשענט ברעידי האָבן פאַר כעס די אויגן אַרויסגע־שטאַרצט. ער האָט געקריצט מיט די ציין:

— וואָס רעדט דער ווילדער נאַר?

— ער ווייסט שוין גאָר וואָס ער רעדט, — האָט אים עדעמס פאַר־ענטפערט — איך מיט אים קאָנען ביידוואויִנען אַ פריילעכן פּאַראַד. איך קאָן גיין, און ער קאָן זען. — די, ביי וועמען די פאַנטאַזיע איז קראַנק, די וועלט האָט פאַר זיי נישט קיין ווערט, דאַרפן אונדז נישט שטערן — האָט גאָרין שוין גערעדט מיט צאָרן.

— בראַוואָ, בראַוואָ! — האָבן עטלעכע הענט געפּליעסקעט און געקוקט צו ברעידין.

ברעידי האָט געקלאַפּט מיט די פויסטן אויפן טיש. ער האָט גע־רופן דעם אויפזעער און הויך אויפן קול געשריען, אַז מען זאָל אים ניט האַלטן דאָ צווישן די משוגעים. דער אויפזעער איז שוין פון פריער גע־ווען צוגעוואוינט צו ברעידין: נישטאָ וואָס צו יאָגן זיך — האָט ער זיך געטראַכט. ברעידין איז דערווייל דורכגעפלויגן אַ מחשבה: עס איז אים זייער נישט גוט, אַלע זיינען קעגן אים. אים האָט אָבער מער געאַרט וואָס אַלע זיינען אויף גאָרינס זייט. ער האָט געביטן פּלוצים זיין טאָן:

— אָבער קיינער האָט מיר נאָך נישט פאַרענטפערט וואָס אונדז איז דער חילוק ווען די וועלן געווינען די מלחמה, אָדער יענע . . .

עדעמס איז אויפגעשפּרונגען:

— איך וועל דיר ענטפערן: אַז די נאַציס וועלן געווינען, וועלן

זיי אַזעלכע ווי מיר דאָ אויסשיסן ווי די הינט . . . אונדזער העלדיש־קייט וועט זיין ביי זיי פאַרראַט . . . זיי דאַרפן האָבן שקלאַפן . . . פאַרשטייסט ?

— לאָמיר איצט נישט פּלאַפּלען, ווען זיי אונדז דערנאָך גוט באַ־האַנדלען . . .

קאַרפּאַראַל העיוואוד האָט זיך אַזש צעוויינט :

— איך וויל לעבן צווישן ציוויליזירטע מענטשן און קיינער פרעגט נישט ביים געוועזענעם סאַרדזשענט !

עדעמס האָט גערופן צו הילף דעם דאָקטער סילק, וועלכער איז גע־שטאַנען פון ווייטן און אונטערגעשטעלט אַן אויער צום געשפּרעך — זאָל דער דאָקטער אויך עפּעס זאָגן : צי וועט מען אים, למשל, לאָזן זוכן מיטלען צו פאַרלייכטערן זייערע לעבנס, ווען די געלע און בלאָנ־דע נאַציס וועלן האָבן די מאַכט ?

דר. סילק האָט אַ ווײַלע געטראַכט : ער וויל קיינעם פון זיי דאָ נישט אויפרעגן, אָבער גלייכגילטיק בלייבן צו ברעידיס רייד, קאָן ער אויך נישט. ער האָט גערעדט כמעט סודותדיק :

— פון יענער זייט טויער איז פאַר אַלעמען קלאָר וואָס מ'האָט צו דערוואַרטן פון די נאַציס. פאַר אַזעלכע ווי איר, אַפילו פאַר מר. ברעי־די, האָבן זיי אַזאַ „מעדיצין" וואָס איר נעמט איין „פרייוויליק", איר שלאָפט איין און פאַרגעסט אויפצושטיין . . .

אַלע האָבן אויפגעציטערט. מ'האָט זיך ווי פאַרשעמט וואָס איי־נער דאָ, צווישן זיי, דערוואַרט אַ גוטע מידה פון די נאַציס. בעת דער דאָקטער האָט פאַרענדיקט זיינע רייד, און געגאַנגען זיין וועג, האָבן זיך קעפּ אויסגעדרייט צו ברעידין, מ'האָט אין זיך געשמייכלט מיט שפּאָט : ווער עס שטעלט זיך אַרויס פאַר די שונאים ? ער איז דאָך שוין מיט אַ פוס אין קבר . . .

אין דער פינצטער, ווען די עלעקטריק איז שוין געווען אויסגע־לאָשן, האָט זיך ברעידי געקאָכט :

— איך וויל זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דעם נאַר גאַרין מיט זיין פרייער וועלט — און דער שכן זיינער, באַב, וועלכער באַקומט נישט איינמאָל אַ שווערן טראַט אויפן פוס פון ברעידין פאַר נישט האַלטן מיט אים, האָט פון יוצא וועגן אַ זאָג געטאָן :

— אפשר איז סאַרדזשענט ברעידי גערעכט ?

— דהאַטס דהי באַי ! — האָט ברעידי מיט קוראַזש אויסגערופן.

— וואָס גערעכט ? — האָט גאַרין זיך אויפגעזעצט אויפן בעט

און נאָך אים אַנדערע. באַב איז געוואָרן שטאַרק צעטומלט. ער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען:

— איך ווייס? עפּעס האָט ער דאָך געזאָגט! אפשר וועט מען טאַקע לאַכן פון אונדז וואָס מיר אַליין, צעבראָכענע באַשעפעניש, מישן זיך.

— אָט אַ מאַן מיט אַ קלאָרן קאָפּ! — האָט זיך ברעידי אָזש צע־הוסט פון פרייד.

דער אויפזעער איז אונטערגעקומען און דערלאַנגט אַ פּאַרציע מוסר: עס דאַרף זיין שטיל! עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וועלכע מוזן שלאָפן...

מען איז שטיל געבליבן. דאָ און דאָרט צו זיך געטראַכט וואָס צו זאָגן אַן אַנדער מאָל.

אויף מאָרגן, גלייך ביים ערשטן מאָלצייט, האָט מען זיך ווידער צערעדט. קאָרפּאָראַל הענוואוד האָט געדרונגען, אַז אַפילו ווען מען האַלט זיך אַזוי הילפלאָז ווי באַב, איז אויך לייכטער צוצומאַכן די אויגן, ווען מען פילט אַז אַנדערע מענטשן לעבן זיך גליקלעך. מיר שטאַמען דאָך נישט אַרויס פון שטיינער . . .

גאָרין האָט באַקרעפטיקט הענוואודס רייד:

— אָט אַ שטייגער, אַלטע לייט, זיי ווייסן, אַז היינט־מאָרגן וועלן זיי זיך שיידן מיט די לעבעדיקע. דאָך, זאָגן זיי אַ לעצט וואָרט, ווי אַזוי די פאַמיליע זאָל בלייבן באַוואָרנט: אפשר נישט אמת? האָט ער זיך געווענדט צו ברעידין?

ברעידי האָט אָזש געציטערט פאַר כעס: אָט־דעם מענטשן וואָלט ער וועלן צערייסן אויף צווייען. ער האָט זיך אָפּגערוקט פון טיש, און געפאָדערט פונעם אויפזעער צו געבן אים אַ באַזונדער פּלאַץ . . .

יענע נאַכט האָט ברעידי געהאַט אַ חלום: הויכע סאָלדאַטן מיט שטאָלענע שפּיציקע היטלען האָבן אים אַרומגערינגלט. ער האָט געציטערט און געשטאַמלט: אויף מיין ערן־וואָרט, איך האָב געהאַלטן מיט אייך. איינער פון די לעצטע באַפעלט: מיר דאַרפן זיי נישט האָבן! אַלעמען אויפהענגען! געוויס, זיי האָבן דאָך אומגעבראַכט אַזוי פיל פון אונדזערע קאַמעראַדן . . . כאַ־כאַ־כאַ! זע נאַר, פריץ, די העלדן! גיב זיי עפּעס צום שלאָפן . . .

ברעידי שרייט אויף די העכסטע קולות: נישט מיר, וואו איז באַב? ער איז מיין עדות, אַז איך האָב געהאַלטן מיט אייך! מיך לאָזט לעבן! איך וועל . . . איך וועל . . . גיט מיר אַ פּיסטויל, איך קאָן שיסן . . . איך וועל אייך באַווייזן . . . מיך לאָזט לעבן!

## אין גרויע טעג

דער אויפזעער האָט אים געטאָרעט:

— ברעידי, וואָס געוואָלדעוועסטו אַזוי? שוין צייט אַרויסצו־קריכן פון בעט. אַלע זיינען שוין אויפגעשטאַנען . . .

ברעידי האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרדאַכט. ער האָט מאָדנע גע־פינטלט מיט זיינע גרויע אויגן. געקייעט דעם שליים אין מויל צו באַ־נעצן זיין טרוקענעם גומען. ער האָט געזען ווי גאָרין זיצט לעבן אַן אָפע־נעם פענצטער און לייענט אַ צייטונג. קאָרפּאָראַל העגוואוד, דער בלינ־דער, הערט זיך איין. ער האָט מיט שרעק אין האַרצן באַטראַכט דעם גאַנצן אָרום. די זון האָט אַריינגעשיינט. שאָטנס האָבן זיך פאַרמירט אין געשטאַלטן. ער האָט געוואָלט עפּעס פרעגן ביים אויפזעער, אָבער יענער איז שוין געשטאַנען צווישן די אינוואַלידן. ער האָט זיי עפּעס געזאָגט. מ׳האָט געקוקט אַהער, צו ברעידיס בעט, און געלאַכט הויך אויפן קול. אים האָט עס פאַרדראָסן. ער האָט זיך געוואָלט רירן פון אָרט און נישט געקאָנט. הייגט שטאַרבט ער! — האָט ער זיך גע־טראַכט, — אַלע וועלן זיך פרייען . . . גאָרין איז מער אינוואַליד פאַר אים און ער וועט בלייבן לעבן . . .

נאָכמיטיק האָט זיך דערטראָגן אַ נייעס:

דר. סילק האָט אַראַנזשירט אַז איינער פון די געוועזענע העלדן זאָל ריידן אויף דער ראַדיאָ צו די יונגע סאָלדאַטן פון אַ דערבייאיקן קעמפּ. דער דאָקטער האָט זיי געגעבן דאָס רעכט צו באַשטימען וועמען זיי ווילן. ברעידי האָט זיך מיט די לעצטע כוחות אויפגעזעצט אויף זיין בעט און געשריען:

— איך וועל רעדן צו די יונגע סאָלדאַטן! איך האָב מער דער־פאַרונג פון אַלעמען דאָ!

עס האָבן זיך געטראָגן אויסרופן:

— גאָרין, גאָרין, גאָרין!

דאָקטער סילק איז געשטאַנען ביים זייט און צופרידן געשמייכלט.

ברעידי איז געוואָרן ווילד ווי אַ טיגער. ער האָט אָנגעהויבן וואַרפן מיט שווערע זאַכן, וואָס אים איז נאָר צום האַנט געקומען. די שיך זיי־נע, באַבס שטאָלצן און דערנאָך איז ער אַ האַלב־נאַקעטער געלאָפן גלייך צו גאָרינען.

מען האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג און ער האָט געשריען:

— גייט אַוועק! איך וועל אייך אַלעמען אומברענגען! כי־כי־כי..

סאַרדזשענט ברעידי האָט נאָך אין זיך געגוג גבורה . . . היט זיך!

דר. סילק, וועלכער האָט געהאַלטן ברעידין פאַר אַ חולה מסוכן און

אָפּטמאָל געהאַט רחמנות אויף אים, איז דעם מאָל געוואָרן שטאַרק אויפ־
גערעגט. ער האָט ברעיִדין אַ כאַפּ געטאָן ווי אַ קלומאַק און אים אָוועק־
געשליידערט אין בעט אַריין. די צעטומלטע אינוואַלידן האָבן אויף פאַר־
שיידענע אופנים אויסגעדריקט זייער איינשטימיקייט. מ׳האָט אַפּלאָ־
דירט: ווער מיט די הענט און ווער מיט די פיס אויפן דיל. מ׳האָט
זיך געשושקעט:

— שוין לאַנג צייט געווען!

ברעיִדי האָט זיך צום ערשטן געוואָרפן, געריסן זיך אויפסניי אַרונ־
טערצוגיין, אָבער דער אויפזעער האָט אים דעם קאָפּ נישט געלאָזט אויפ־
הייבן. האָט ער זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן פנים און
געשאָלטן זיך אַליין.

ער וועט שטאַרבן און דער חלוש גאַרין וועט בלייבן לעבן . . . זיין
פאָטער וועט בלייבן אָן אַ יורש און אַלע וועלן זיך פרייען מיט זיין טויט
— אַפילו זיין פרוי . . .

אַרום גאַרינען האָבן זיך געהאַט פאַרקליבן פיל אינוואַלידן. כמעט
יעדער האָט געוואָלט אַריינפלעכטן אַ וואָרט אין גאַרינס ראַדיאָ־רעדע
צו די סאָלדאַטן אין קעמפּ אַריין. קאָרפּאָראַל העננוואָוד האָט זיך גע־
בעטן: זאָל ער נישט פאַרגעסן צו זאָגן די יונגע העלדן — יענע זאָלן
זיך נוקם זיין אָן די נאַציס אויך פאַר זיי . . .

גאַרין האָט גוטמוטיק געשמייכלט . . .

# אין קלעם . . .

אַלע גאַנצפרי, צו אַ באַשטימטער צייט. האָט מען די דריי פאַרלעך אָנגעטעראָפן אויף דער סאַבוויי. אַלע אַרום איין עלטער. ערשט די ביי־כער אַוועקגעלייגט און געפאָרן באַגעגענען זיך מיט דעם פּראַקטישן לעבן. מ׳האָט געגלויבט אין זיך, אין דער צייט, אַז ס׳וועט קומען אַ טאָג וועלן אַלע אַרבעטן, זיין באַזאָרגט מיט אַלץ, וועלן זיי גיין חתונה האָבן, וואוי־נען אין איין גאַס, אָדער גאָר אונטער איין דאַך. מ׳וועט האָבן קינדער, וועט מען זיך משדך זיין, אַז זייער פריינטשאַפט זאָל אויף אַלעמאָל פאַר־בלייבן . . .

די פּאָסאַזשירן וואָס זיינען געפאָרן מיט דער גרופּע יונגוואַרג אין זעלביקן וואַגאָן, האָבן אַלע מאָל הנאה געהאַט פון זייער רייזע, ווייל אין סאַמע ענגשאַפט, ווען פנימער ביי דערוואַקסענע האָבן זיך געזויערט, מ׳האָט אַפילו גאַנץ אָפט דערלאַנגט זיך אַ גאַב איינער דעם צווייטן: למאַי איז איינער אַזוי הויך אויסגעוואַקסן, אַז ער פאַרשטעלט מיט זיין קאָפּ דאָס עלעקטרישע לעמפּל און מ׳קאָן ניט אַריינקוקן אין דער מאָרגן־צייטונג! אָדער מען האָט איינעם אָנגעטראָטן אויף אַ פוס איז ער בייז וואָס קיינער אַנטשולדיקט זיך אַפילו נישט פאַר אים. טייל זיינען גלאַט אָנגעבלאָזן וואָס מ׳לאָזט זיי אויף אַן אָרט נישט איינשטיין. פונקט דאַן האָט ס׳יונגוואַרג געשטיפט און געלאַכט, אָדער גאָר געזונגען אויפן קול פריש־צאַפּלדיקע לידלעך, ערשט פון בראָדוויי אַראָפּ, און די דערוואַקסע־נע וועלכע האָבן זיך נאָר־וואָס אַרומגעקריגט האָבן זיך פאַרשעמט און עס איז געוואָרן שטיל. . .

איין פרימאָרגן זיינען די מיידלעך געפאָרן אין סאַבוויי אָן די באַ־גלייטער זייערע. געשטאַנען פאַרקלערטע: מ׳האָט זיך די אויגן אויס־געקוקט אויף אַ לייטישן מאָרגן, האָט מען זיי אים פאַרביטן . . . מ׳האָט געמאַכט פּלענער און אימיצער האָט זיי צעשטערט . . . וואוהין פאָרן זיי? וואָס פאַר אַ טעם האָט איצט די אַרבעט? די עלטסטע פון זיי, מאַרטאַ, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געפּלעטשט איר שמאָל נעזל צו דער שויב פון פענצטער פון דער מיטלסטער טיר, אַרויסגעקוקט אין פינ־צטערן טונעל, האָט זיך מיט אימפּעט אויסגעדרייט און שטרענג גע־פרעגט:

— גרייס, וואָס וועסטו ענטפערן דיין מאַרווינען אויף זיין חתונה־פאָרשלאָג ?

און גרייס האָט געענטפערט מיט אַ מין צולהכעיס דער וועלט :

— זאָל ער נאָר קומען אויף אורלויב, וועלן מיר גלייך חתונה האָבן!

די דריטע, פעי, אַ קורצינקע, אַ געפּאַקטע, האָט נישט געוואָרט מען זאָל ביי איר פרעגן. זי האָט געזאָגט, אַז ס׳לוינט זיך זיי, לוינט זיך איר אויך . . . זי האָפט אַז מיט איר אורוויינגן וועט גאָר נישט פּאַסירן, טאָמער יאָ, וועט זי סיי־ווי־סיי קיינמאָל מער נישט גיין חתונה האָבן. אַזוי וועט זי טאָקע זאָגן אירע עלטערן טאָמער וועט מען איר וועלן פאַר־ווערן!

מאַרטאַ האָט דערנאָך פאַרקלאָגט איר טאַטן פאַר די חברטעס : ער לאַכט אָפּ : „נאָדיר גאָר אַ פאַרהייראַטע אַרמיי! וואַשינגטאָן וואָלט באַדאַרפט מאַכן אַ געזעץ״ . . .

גרייס איז דערצאָרנט געוואָרן, נישט געלאָזט מאַרטאָן מער ריידן : זי וואָלט אים געזאָגט אַז בלויז די יוגנט איז געטראָפן געוואָרן פון דער מלחמה און עלטערן טאָרן זיך נישט מישן . . .

פעי האָט זיך אַריינגעמישט :

— זיי איז אויך נישט אַזוי גוט . . .

גרייס האָט זיך נאָך אַלץ געבייזערט :

— אונדז איז ערגער! ערגער!

* * *

אינמיטן העלן טאָג איז דאָס דריילינג געזעסן אין פּאַרק. מ׳האָט נישט גערעדט וועגן דעם בלויען הימל וואָס איז איבער זיי געהאָנגען, וועגן די ביימער אַרום, וועלכע זיינען שוין געווען באַצירט מיט צוויט, נישט וועגן דעם טייך מיט די שיפלעך, נישט באַמערקט אַפילו די וועווי־ריקלעך וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון זייערע באַהעלטע־נישן, זיך געשטעלט אויף זייערע פעדערשטע פיסלעך, געציטערט מיט זייערע מיילכלעך, געמאָנט אַ ניסעלע! דאָס אַלץ איז זיי נישט געלעגן אין זינען. זיי האָבן נאָר געחשבונט די סומע געלט וואָס יעדע איינע פאַרמאָגט. דערנאָך האָבן זיי באַשלסן : איין קאַסע פאַר אַלע דריי. אַזוי ווי די מענער זייערע, די סאָלדאַטן, דינען אין איין קעמפּ, וועלן זיי פאָרן אַהין. אין אַ דערבייאיק שטעטל וועלן זיי דינגען אַ דירה און מען וועט וואוינען אונטער איין דאַך.

— אַ פיינער פּלאַן !

— אַבי מ׳האָט שוין געדענקט אַז דער הימל פאַלט אויף אונדז . . .

— זאָל פּעי האַלטן ס׳געלט ! אונטערוועגנס וועט זי זיין אונדזער „מאַמע״.

פּעי האָט זיך גוטמוטיק אָנגעבלאָזן :

— קוקט זיי נאָר אָן די פאַרהייראַטע פרויען ; מ׳בענקט שוין נאָך דער מאַמען !

מאַרטאַ און גרייס האָבן איר בשותפות אַרומגענומען און מיט אַ טרויעריקן נוסח אויסגעזונגען :

— אַזאַ ווייטע רייזע ! טאָמער וועט זיך בענקען אַהיים . . .

— שאַט, מיינע קינדערלעך ! — האָט פּעי ווי באַצייטנס געמאַכט פראָבע פאַר איר נייער ראָליע, געגלעט דאָ מאַרטאַן, דאָ גרייסן.

— אַן אויסגעצייכנטע „מאַמע״, — האָבןביידע אויפאַמאָל אויסגערופן.

מיט אַ באַנייטער פרייד האָט מען זיך געלאָזט גיין אַהיים : נישטאָ קיין צייט צו זיצן דאָ מער ! מ׳דאַרף זיך באַצייטנס נעמען פּאַקן אין וועג אַריין . . .

איז געפלויגן אַ באַן איבער אָפענע פעלדער. ריזיקע גלעקער האָבן געקלונגען. אַ פייפעריי טראָגט זיך פון הינטער ווייט פאַרשפּרייטע קנוילן רויך. לויפן טייכן נאָך און שטעלן זיך אָפּ. טעלעגראַפישע סלופּעס, ווי אַ מחנה גיגאַנטן, יאָגן נאָך דעם פאַרסאָפּעטן לאָקאָמאָטיוו. די יונגע דריי חברטעס קוקן אַרויס דורך די פענצטער פון אַ וואַגאָן. די אויגן פאַרחלומט : מ׳וואָלט אַזוי אייביק און אייביק געפאָרן ! ווער האָט נאָך געזען אַזאַ ברייטקייט, אַזאַ שיינקייט ? זייער לעבן איז נאָך פריילעכער געוואָרן . . . ווי גוט עס איז צו זיין זעלבסטשטענדיק ! אויס מיט דער געפּאַקטער סאָבוויי ! מ׳פאָרט אין אַ באַן ; אפשר וועט זיי אַ גאַנצע אַרמיי באַגעגענען ביי דער סטאַנציע ?

פאַרנאַכט צו, ווען די מערסטע פּאַסאַזשירן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרזשמורען זייערע אויגן, אַלץ אַרום האָט זיך זיי שוין געהאַט אַביסל צוגעגעסן ; וויפיל איז עס דער שיעור אַרויסצוקוקן, אָדער זיצן אויף אַן אָרט און טראַכטן ? ווי לאַנג קאָן מען עס פירן געשפּרעכן מיט מענטשן וועלכע מ׳האָט דאָ צום ערשטן מאָל געטראָפן ? די מאַטע עלעקטרישע לעמפּלעך איבער די קעפּ האָבן געלאָזט וויסן, אַז די נאַכט קומט אָן. פּעי האָט זיך אויך אַוועקגעדרייט פון פענצטער און אומעטיק אַ זאָג געטאָן אַז דער טאַטע אירער איז שוין געקומען פון דער אַרבעט און די מאַמע

פאַרעט זיך אין קיך . . . די פיינע מאכלים וועלן באַלד זיין אויפן טיש...
גרייס און מאַרטאַ האָבן זיך אויף איר געבייזערט:
— וואָס פאַרא רייד אינמיטן דערינען? אַ שיינע מאַמע אונטער־וועגנס!
פעי האָט פאַרפלעטשט אַ געניץ און געטראַכט זיך אַז אינדערהיים רעדט מען איצט גאַנץ געשמאַק וועגן איר . . .
מאַרטאַ האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן זייערע מענער — די סאָלדאַטן אין קעמפּ. זיי האָבן אוודאי שוין צוגעגרייט אַ דירה. מ׳קאָכט אויפן אייגענעם אויוון אַ מאָלצייט פאַר די געסט. די אַרמיי לערנט אַלץ אויס! אַך, וואָלט זי שוין געוואָלט זען ווי אַזוי זיי זעען אויס אין די סאָלדאַטסקע קליידער . . .
גרייס, וועלכע האָט נאָך געוואָלט זיצן און חלומען, האָט נישט גערן געזאָגט אַז זיי זעען געוויס אויס ווי אַלע סאָלדאַטן. האָט עס פאַרדראָסן מאַרטאַן: אַזאַ חוצפּה! זי אַליין האָט אויך גרויס אָפּשיי פאַר אַלע סאָלדאַטן, אָבער זי איז זיכער אַז איר מאַרווין שיינט אַרויס פון דער אוניפאָרם, ווייל ער האָט אַ לענגלעך פּנים. אַזאַ באַמערקונג האָט גרייס ניט געקאָנט פאַרליידן. זי האָט זיך צעבייזערט הויך אויפן קול, פאַר־געסן זיך אַז פרעמדע מענטשן הערן זיך איין: אויב מאַרטאַן געפעלט נישט איר הערצלד, איז נישט! אפשר זאָל מען באַצייטנס זיך גוט דורכריידן צי וועט מען קענען אויסקומען אונטער איין דאַך?
פעי האָט זיי ביידע איינגעשטילט:
— קינדער, קינדער, וואָס איז מיט אייך? לאָמיר בעסער אָפּריידן זיך גלייך צו גיין אַרבעטן ווען מיר וועלן אַהין אָנקומען. די פינאַנצן זיינען ביי אונדז נישט אַזוי גלענצנדיק. און זאָל איינע פון אייך פירן אַ חשבון, פאַרלאָזט זיך נישט ביידע אויף מיר!
מאַרטאַ איז געווען זייער צופרידן צו בייטן דעם פריערדיקן גע־שפּרעך. זי האָט צו זיך געטראַכט אַז די באַמערקונג וואָס זי האָט גע־מאַכט וועגן איר מאַרווינען, איז שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן פון גרייסן. מ׳דאַרף זי באַצייטנס איבערבעטן! זי האָט פריילעך אויסגערופן:
— זאָל גרייס פירן אונדזערע חשבונות! אין שטעטל וועלן מיר נאָך האָבן אַ טשעק־אַקאַונט און דו וועסט אונטערשרייבן טשעקס! — האָט זי זיך געווענדט דירעקט צו איר. גרייס האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל, אַ סימן אַז דער פּלאַן געפעלט איר. פעי האָט אָפּגעזיפצט, ווי אַ פרוי אין די יאָרן . . .

— צו וואָס האָט מען אײנגאַנצן באַדאַרפט האָבן אַ מלחמה אויף אונדזערע קעפּ ?

— נאָך וואָס דאַרפן מיר נאַציס און יאַפּאַנצעס ? — האָט מאַרטאַ ביי איר צוריקגעפרעגט.

פעי האָט געצויגן מיט די אַקסלען. גרייס האָט אָנגעהויבן צו דעקלאַמירן: ווען זי איז נאָך אין פּאָבליק־סקול געגאַנגען, געדענקט זי גוט ווי איר טאַטע האָט געוואָרנט, אַז אַ מלחמה רוקט זיך אָן אויף דער וועלט, מ׳זאָל זיך נישט פאַרלאָזן אויף די וואָס מאַכן מלחמות . . . — ער האָט אַפילו געזאָגט וואָס מ׳דאַרף צו טאָן, נו, האָבן אַלע אין הויז געלאַכט פון אים. ער האָט באַקומען אַ צונאָמען פּעסימיסט . . . איצט זעט מען אַרויס ווי גערעכט ער איז געווען !

— איצט האָט מען דאָך נישט קיין אַנדער ברירה ! — האָט מאַרטאַ געזאָגט מיט פאַרדרוס.

— אפשר וואָלטן מיר זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי ? — האָט גרייס פאַרגעשלאָגן.

— וואָס איז די אייליגעניש ? — האָט פעי שוין אויסגעגענעצט איר רייד. — דערוויילי ביז וואָס ווען, האָבן זיי דאָך אונדזערע מענער...

אַלע זיינען שטיל געבליבן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט פעי דעם ערשטן כראָפּע געטאָן. גרייס און מאַרטאַ האָבן איר געוואונטשן זיסע חלומות. זיי אַליין האָבן אויך צוגעמאַכט די אויגן ווי גלאַט אויף פּראָבע און מ׳איז אויף אָן אמת איינגעשלאָפן.

אויף מאָרגן גאַנצפרי, האָבן זיך אַלע דריי אויסגעטראַכטע חלומות אָנגעהויבן צו דערציילן, אָבער אינמיטן דערינען האָט אַ קאָנדוקטאָר אַריינגעשטעקט זיין קאָפּ און פאַרשלעפּן נאָך, אויסגערופן: סטאַנציע לארנסוויל ! דאָס דריילינג איז צעטומלט געוואָרן ביז גאָר ! נישט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן: אַזוי פּלוצלינג ! — אַפּנים אַז די באַן איז געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט? — האָט פעי געשפּאָסט. בעת זי האָט געזוכט אין איר גרויסן בייטל אַ שפּיגעלע און איר פּודער־געצייג, האָט זי באַפוילן מ׳זאָל זיך אונטעראיילן: אַ רחמנות אויף די סאָלדאַטן, זיי וואַרטן שוין אַוודאי לאַנג. מ׳האָט אויף גיך אַ פּאַרב געטאָן די ליפּן. אַ גלעט געטאָן די ברעמען, און מיט פריילעכע הערצער האָט מען אויסגעגלייכט די קליידער אויף זיך: אָט וועט מען זיך אַ נעם טאָן אין די אָרעמס . . . אָט וועט דער גאַנצער געגנט פּשוט גיין כאַדאַראַם . . .

דער סאָלדאַט אירווינג האָט זיי גלייך דערזען ביי זייער אַרויסקומען. ער האָט זיך אויסגעגלייכט. אַרויסגעשטעלט די ברוסט ווי עס פּאַסט פאַר אַ סאָלדאַט און מיט אַ געמאַכטן קוראַזש צוגעשפּאַנט צום

דריילינג. מ׳האָט אים געכאַפּט קושן און דערנאָך באַוואָרפן מיט פראַגן:

— וואָס האָט געטראָפן, טייערינקער?

— גאָר נישט האָט געטראָפן!

מאַרטאַ און גרייס האָבן בשותפות שטרענג באַפוילן אַז אוירווינג מוז זיי דערציילן דעם ריינעם אמת, אַז נישט וועלן זיי צו אים קיינמאָל מער נישט ריידן . . .

אוירווינג האָט געפילט ענג אין האַלדז, ווען ער האָט זיי דערציילט אַז זייערע מענער האָט מען אַפּגעשיקט ערגעץ אין אַ קעמפּ, ער ווייסט אַליין נישט וואו. זאָלן זיי וויסן פון היינט אָן, אַז אַ סאָלדאַט קען נישט האַלטן קיין „דייט” . . . צוליב אַביסל פיבער איז ער פאַרבליבן דאָ. ער האָט אויסגעזען דערשלאָגן: וואָס וועלן זיך מענטשן טראַכטן? אַ סאָל־דאַט האָט זיך אַראָפּגעבראַכט דריי ווייבלעך! ווי אַזוי וועט ער זיך מיט זיי פירן איבער דער גאַס? צי קען מען יעדן גיין דערציילן וועגן זיין לאַגע? ער האָט געכאַפּט זייערע רענצלעך און זיך געלאָזט גיין פאַראויס. מאַרטאַ האָט אים צוריקגעהאַלטן:

— נעם דיר פעין און גייט אייך געזונטערהייט! — האָט זי גע־זאָגט מיט אַ פאַרקלעמט קול, — איך מיט גרייסן וועלן נאָך היינט פאָרן צוריק אַהיים. גרייס האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. איר איז אינגאַנצן געוווען שווער צו ריידן.

פעי האָט זיך שיעור נישט צעוויינט.

— קינדער, פאַרשעמט מיך נישט און קומט מיט אונדז. וואָס ווייס איך? מאַרגן קאָן מען אים אויך אַוועקכאַפּן . . . — האָט זי אָנגעוויזן אויף איר אוירווינגן, — אפשר וועלן מיר אַלע דריי דאַרפן פאָרן אהיים?

אוירווינג האָט אויף איר אַ בייזן בליק געטאָן: „זי האָט נישט באַדאַרפט הייסן זיי מיטגיין! ווען זי וואָלט געזען דאָס צימערל וואָס ער האָט קוים געקראָגן, וואָלט זי ניט גערעדט אַזוי! ער האָט מיט שטרענגע טריט אַוועקגעשפּאַנט פאַראויס, דערווייטערט זיך, אַז מ׳זאָל אויף אים נישט טייטלען מיט די פינגער. פעי האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ סך רחמנות אין אירע אויגן: „אַזאַ שטרעקע אָפּגעפאָרן און זי האָט נאָך מיט אים קיין איינציק וואָרט נישט גערעדט! וואָס איז ער שולדיק?” זי האָט באַטראַכט מאַרטאַן מיטן פעין. זיי פלאָנטערן קוים אויף זייערע פיס: ווי פאַרבלאָנדזשעט אין אַ מדבר.ביידע האָבן נאָך אויך קיין איינציק וואָרט נישט גערעדט צווישן זיך. ס׳האָט פעין פאַר־קלעמט ביים האַרצן גלייך זיי וואָלטן אויף אָן אמת געווען אירע צוויי טעכטער. זי האָט זיך געשטעלט צווישן ביידע, געזוכט אין איר מוח עפּעס אַ טרייסט־וואָרט און נישט געקענט געפינען . . .

# דריי שטערן . . .

אין דעם אָרימען קוואַרטאַל איז געווען טומלדיק. ביי די זייטן גאַסן, גאָר נאָענט צו די הייזער, זיינען געווען אויסגעשטעלט פּושקאַרטס מיט פאַרשיידנערליי סחורות, פון מאַראַנצן ביז זאָקן. די פּעדלערס זיינען געווען הייזעריק שוין פון בייזערן זיך אויף די קונים זייערע, וועלכע האָבן זיך באַקלאָגט אויף די הויכע פּרייזן:

— מיסעס, ס׳איז מלחמה־צייט! קוים געקראָגן דאָס ביסל וואַרע...

— מאַדאַם, האָט טענות צו די גרויסע „העכט", זיי ווילן אונדז אויך איינשלינגען. אַ מלחמה איז ביי זיי אַ געשעפט . . .

קינדערלעך מיט שוואַרצע און בלויע אייגעלעך און פאַרשמירטע בעקעלעך האָבן זיך געפּלאָנטערט פאַר די פיס. דאָ און דאָרט האָט א נפשל געוויינט, ווייל מ׳האָט אים אָנגעטראָטן אויף אַ פיסל, אָבער קיינער האָט ניט געהערט אַפילו, האָט עס געמוזט אויפהערן צו וויינען ביז די מאַמע וועט זיך אָפּזוכן . . .

פון זייטיקע ליקלעך האָבן אַרויסגעקוקט אויסגעצויגענע שטריק מיט ערשט אַרויסגעהאַנגענע וועש פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן אַ פאַרע. דער ווינט האָט אָנגעבלאָזן דאָ אַ העמד, דאָרט אַ פּאָר אונטערהויזן, אָדער גאָר אַרונטערגעפּליקט אַ פּאָר לאַנגע פרויען־זאָקן און פאַרטראָגן זיי אַהער אין דעם מאַרק־געסל. און אַז די פרוי האָט דורך איר פענצטער אַרויסגעקוקט, נישט געזען אירע זאָקן, האָט זי מיט אירע הענט פאַרבראָכן און אַליין נישט געוואוסט וואו צו גיין זיי זוכן.

דער יונגער זשורנאַליסט לענס, פון אַ פאַרמעגלעכן זשורנאַל, איז אַרויסגעשפּרונגען פון זיין גלאַנציקן אויטאָמאָביל און דערזען אַ פּאָר לאַנגע פרויען־זאָקן זיך פּלאָנטערן פאַר די פיס, האָט ער מיט חוזק געשמייכלט. ער האָט אַפילו פאַרצייכנט אין זיין נאָטיץ־ביכל. זיין פאַנטאַזיע האָט זיך צעשפּילט: „אַ פריילעכע מיידל", וועלכע טוט אָן אַ ביי״ע פּאָר זאָקן יעדן פרימאָרגן, האָט געוויס אַרויסגעוואָרפן די געטראָגענע.

לענס האָט בעת מעשה געקאָרטשעט מיט דער נאָז. די זויערע גערוכן פון אַרום האָבן צופיל דערקוטשעט. גוט וואָס ער וואוינט אַזוי ווייט אַוועק פון דאַנען. ער וועט זיך צואיילן, כאַפּן דאָ אַ פּאָר וויכטיקע טעמעס און אַנטלויפן פון דאַנען. ער האָט געהאַלטן דעם בליי־

שטיפש גרייט צו פֿאַרצייכענען בילדער פֿון דעם אָרימען געגנט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן:

אָט שטייט איינער מיט אַלטע קליידער און ווי מ׳האָט עס אים באַ־לאַגערט! דאָס וואָלט געווען אַ שטיקל טעמע, אָבער אין איין רגע דערמאָנט ער זיך די רייד פֿון זיין פֿאָטער: „מיין זון, דו זאָלסט זיך קיינמאָל נישט פֿאַרנעמען מיט פּראָבלעמען פֿון אָרים און רייך. דו וועסט געשטרויכלט ווערן״.

ער האָט צוריק אַריינגעשטעלט דעם בליישטיפֿט אין קעשענע: אים אַליין רייצן אויך נישט אַזוי שטאַרק די בילדער אָרום. ער האָט מיט־לייד מיט די מענטשן. זיי וואָלטן געמעגט האָבן אַ בעסער מזל, אָבער וואָס איז ער שולדיק? זיין קרייז לייענער וועט עס נישט פֿאַרכאַפּן... ס׳וועט זיין אַ שאָד זיין האָרעוואַניע.

לענס האָט זיך שוין געלאָזט גיין צו זיין אויטאָמאָביל. ער האָט אומזיסט געפּטרט צייט, — האָט ער צו זיך געהאַט טענות. מיטאַמאָל האָט זיך פֿאַר זיינע אויגן באַוויזן אַ פֿענצטער פֿון דעם סאַמע אונטער־שטען שטאָק, מיט אַ זיידענעם שילדל אויף וועלכן עס זיינען געווען אויסגעהעפֿט דריי שטערן. ער איז איבערראַשט געוואָרן: ענדלעך האָט ער געפּאַקט גוטן מאַטעריאַל. אַ קליייניקייט, דריי זין אין דער אַר־מיי! אין זיין געגנט זעט מען נישט אַזוינס! די רעדאַקציע וועט גיין כאַדאָראָם ווען ער וועט ברענגען אַזאַ „סחורה״! זאָל מען אויפֿהערן קוקן אויף אים אַזוי מאָדנע, אַז מען לאָזט אים שרייבן אין דעם זשור־נאַל ווייל דער טאַטע זיינער איז דער אַרויסגעבער. ער וועט זיך נאָך היינט נעמען שרייבן אַ סעריע אַרטיקלען, אָדער אפֿשר גאָר אַ בוך? טאַ־קע מיטן נאָמען „דריי שטערן״.

אָט איז ער שוין לעבן די קויטיקע טרעפּלעך פֿון דעם טענעמענט־הויז. לענס האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט פֿריי געלאָזן זיין שריי־בערישע פֿאַנטאַזיע וועגן די מענטשן וועמען ער וועט באַלד באַגעגענען און מיט זיי האָבן אַ געשפּרעך וועגן די קינדער־יאָרן פֿון זייערע זין אין דער אַרמיי... דער טאַטע מיט דער מאַמען וועלן זיך פֿילן גליקלעך, וואָס ער וועט זיי באַשרייבן אין אַזאַ אָנגעזעענעם זשורנאַל... ווען נישט אַזאַ צופֿאַל — די מלחמה, — ווער וואָלט פֿון אַזאַ פֿאַמיליע עפּעס געוואוסט? די מוטער איז געוויס אַ הויכע שטאָלצע פֿרוי. זי וועט גע־וויס זאָגן: אַ שאָד, וואָס זי האָט בלויז געהאַט דריי זין... און אפֿשר קינדלט זי נאָך... דער פֿאָטער, מיט פֿלאַקסענע האָר און בלויע אויגן וועט זיך באַלד באַרימען, אַז ער האָט די קינדער זיינע געלערנט

פון קליינערהייט אָן זיך קעגנצושטעלן. יעדן רו־טאָג איז ער געזעסן ביים פענצטער און אָנגעקוואָלן ווי זיינע חברהלייט האָבן דערלאַנגט קלעפּ ווען מ׳האָט נאָר מיט זיי זיך פאַרטשעפּעט. אָט־דאָ אין דעם געסל זיינען זיי קיינמאָל נישט געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט. „איך האָב פאַר זיי געהאַט ווייניק ספּינאַטש און נאָך ווייניקער מילך, אָבער זיי ווען זיי ווען טאָטן מיט דער מאַמען נישט פאַרשעמען אין דער אַרמיי״.

לענס איז געשטאַנען לעבן אַ ריי בריוו־קעסטלעך אין טונקעלן קאָרידאָר. ער האָט געזוכט דעם נאָמען פון דער פאַמיליע אויף וועלכער ער האָט זיך שוין אין גאַס געהאַט נאָכגעפרעגט. אַ בחורל פון אַ יאָר צען, מיט צעפלאָמטע בעקלעך און צעשויבערטע האָר, איז פייפנדיק אַנגעקומען. דערזעענדיק לענסן האָט ער אויפגעהערט פייפן און באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז די פיס. באַוואונדערט דעם האַרטן קאַפּעליוש וואָס איז זיך געזעסן אויף זיין קאָפּ אַזוי גלייך, דאָס זיידן טיכל אין דער אויבערשטער קעשענע. „וועמען אַשטייגער זוכט ער דאָ?״ — האָט דאָס בחורל געטראַכט. אַזאַ „פּרינץ״ קומט אָפּט צו זיין שוועסטער. קיינמאָל אָרבעט ער נישט. ביי אים איז פאַראַן צעקנייטשטע פּעקלעך געלט אין אַלע קעשענעס. זיין טאַטע־מאַמע, אַז זיי דערזעען אָט־דעם אויסגעפּוצטן, אויך מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש, גיבן זיי זיך גלייך אין דער זייט אַריין. אָך, האָבן זיי אים פיינט! דערפאַר אָפּנים האָט דאָס בחורל אַזוי שטרענג געפרעגט וועמען לענס זוכט.

— מר. בראַיס סיניאָר!

דאָס בחורל האָט זיך צעלאַכט:

— מיסטער, דאָ וואוינען נישט קיין סיניאָרן און די גלעקלעך קלינגען דאָ נישט. גייט צו אָט צו יענער טיר און קלאַפּט אָן! איר וועט דאָ קיינעם נישט אויפוועקן! איר ווילט, וועל איך אָנקלאַפּן פאַר אייך, — איז דאָס בחורל טאַקע געוואָרן אַביסל בייגעריק.

— ניין, ניין! — האָט לענס אַ פאַרציטערטער אויסגערופן. ער וועט שוין אַליין אָנקלאַפּן. ער האָט געטראַכט, אַז אַ פאַרשייט בחורל קאָן אים נאָך קאַליע מאַכן. די מענטשן זאָלן צו אים נישט וועלן רעדן.

דאָס ייִנגל האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען, אַ דריי געטאָן מיטן נעזל און באַשלאָסן אויסצופאָרשן דעם ענין שפּעטער.

לענס האָט פאָרזיכטיק, מיט אַ פּאָר פינגער, געקלאַפּט אָן דער אָבגעוויזענער טיר, צוגעלייגט בעת מעשה זיין רעכטן אויער צי קומט מען אים עפענען. די טיר האָט זיך ראַפּטאָם געעפנט און לענס איז כמעט אַריינגעפאַלן אין שטוב אַריין. ער איז געבליבן שטיין אָן לשון. אָט

שטייט פאַר אים מר. בראַיס, דער פּאַטער פון די דריי זין אין דער אַר־מיי מיט אַ ליולקע אין מויל. ער האָט גאַר אַ גרויען קאָפּ האָר. ער האָט געקוקט אויף לענסן מיט אַ פּאָר אומעטיקע אויגן. די פרוי זיינע האָט אָוועקגעשטעלט דאָס פרעס־אייזן, באַווישט איר פאַרשוויצט פּנים און געשטעלט זיך הינטער די ברייטע פּלייצעס פונעם מאַן. זי איז אויך נישט געווען אַזאַ ווי לענס האָט זיך פאָרגעשטעלט. אַ דינע, מיט אַ בלאַסן פּנים גאָר! איר בליק איז געווען זייער אַנגעשטרענגט: אפשר ברענגט דער יונגערמאַן אַ גרוס פון די זין, וועלכע זיינען שוין פון יע־נער זייט ים ערגעץ אויף אַ שלאַכטפעלד.

ענדלעך איז לענס צו זיך געקומען. ער האָט זיך אַנטשולדיקט, גע־לאָזט וויסן די נייגעריקע צוויי מענטשן, אַז ער איז אַ רעפּאָרטער. ער האָט געוויזן צום דרויסנדיקן פענצטער וואו דאָס זיידענע שילדל מיט די דריי שטערן איז געהאַנגען.

— נו, קומט אַריין, — האָבן ביידע, דער מאַן מיט דער פרוי, אויף איינמאָל אַרויסגעזאָגט.

מרס. בראַיס איז געלאָפן אין פאַראויס און אָפּגעווישט אַ בענקל פאַרן גאַסט. לענס האָט זיך אַוועקגעזעצט, געהאַלטן אַ ווײַלע זיין שטייפן קאַפּעליוש אויפן שויס, געקלאַפּט אויף דעם נערוועז מיט זיינע פינגער, ווי ער וואָלט באַצייטנס געאַרבעט אויף זיין שטילן טייפּרייטער. די פרוי האָט אויסגעשטרעקט אַן אויסגעאַרבעטע האַנט. בעת מעשה האָט זיך אַ שמייכל באַוויזן אויף איר בלייכן פּנים:

— וועט איר מיר אפשר געטרויען אייער קאַפּעליוש? כ׳האָב ליב צו זען ווי מענטשן זיינען פריי.

לענס האָט צוריק געשמייכלט און איר דערלאַנגט זיין קאַפּעליוש מיטן פולן האַרצן. ער האָט כמעט אויסגעשריען:

— אַ דאַנק, אַ דאַנק! — ער האָט זיך אַנגעכאַפּט אַן אירע ווער־טער, אַז זי האָט ליב צו זען מענטשן פריי. „אָט פון דאַנען וועט ער אַנהייבן זיין געשפּרעך. ער וועט זיי זאָגן, אַז דאָ איז טאַקע אַן אָרימע געגנט, ער קאָן נישט פאַרגלייכן צו זיין געגנט, אָבער דערפאַר האָבן אַלע גלייכע פרייהייט: אפשר נישט? זיין שטימע האָט זיך באַלד געלאָזט הערן. איצט פאַרשטייט ער שוין פאַרוואָס די טאַטע־מאַמע דאָ האָבן געגעבן זייער ברכה צו זייערע 3 זין פאַר דער אַרמיי! ווי שלעכט די לאַגע איז פאַר זיי ביז אַהער געווען, האָט געקענט ווערן ערגער . . . אויף די אָרימע ליגט אַ גרעסערער חוב ווייל זיי דאַרפן האָבן מער אָרט . . .

מר. בראַיס האָט אַ לייכטן הוסט געטאָן, עפּעס ווי אַ מין סיגנאַל,

אַז דער יונגערמאַן וואָלט שוין געמעגט אויפהערן צו רעדן. אים ווילט זיך אויך אַביסל אַראָפּריידן פון האַרצן. ער האָט די גאַנצע צייט צו זיך געטראַכט: אַ מאָדנע וועלטל: יאָרן־לאַנג האָט ער געהאַט יסורים וואָס די בחורים קאָנען זיך צו גאָר נישט דערשלאָגן, און איצט, ווי גליק־לעך וואָלט ער געווען צו זען די קינדער צוריק מיט גאַנצע ביינער... זיין פּריינט מענדי האָלט אים אין איין טורקען אין קאָפּ:

מען טאָר נישט טראַכטן וואָס עס איז געווען ביז אַהער און מען טאָר נישט אַריינקלערן זיך וואָס ס'וועט זיין שפּעטער, נאָך דער מלחמה, מען דאַרף האָבן אינזיניען בלויז צו שלאָגן דעם שונא! ניין, ער קאָן נישט פאָלגן מענדין! אים קאָנען זיך בשום־אופן נישט פאַרגעסן די עוולות וואָס ווערן באַגאַנגען קעגן אָרימע מענטשן אַפילו איצט. וואָס אַ שטייגער וועט זיין אויב נאָך דער מלחמה וועט מען אים ווידער אַרויס־שטעלן אַ פּייג? ער האָט שוין אַפילו געזען, אַז מ'האָט עס געטאָן צו מלחמה־העלדן... אָט זיצט אַ רעפּאָרטער און וואָרט צו באַרימען זיך מיט אָרימע ווייען פאַר זיינע אַריסטאָקראַטישע לייענער. זאָל ער אים גאָר נישט זאָגן וואָס עס טוט זיך ביי אים אויפן האַרצן? ער גלויבט, אַז אין דעם הויז וואו ס'פעלט פּרנסה, פעלט אויך פרייהייט...

מר. בראַיס האָט אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן איבערן צימער און אַראָפּריידן זיך פון האַרצן: ס'וואָלט באמת כדאַי געווען צו באַשרייבן דאָס לעבן וואָס זיינע קינדער האָבן געפירט. אַלע טויערן זיינען פאַר זיי געווען פאַרשלאָסן. זיי וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַז מ'האָט פּונקט דאָן זייער מעבל אויפן גאַס אַרויסגעשטעלט... פונדעסטוועגן, אַז זייער לאַנד איז אין געפאַר, זיינען זיי גיך געקומען צו הילף...

לענס האָט זיך געדרייט אויף זיין שטול. ער האָט נישט קיין געדולד צו אַזעלכע רייד. אוממעגלעך עפּעס צו פאַרצייכענען... ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און געווענדט זיך צו דער פרוי:

— וואָס זאָגט איר, מאַ?

מרס. בראַיס האָט זיך אַביסל פאַררויטלט:

— מיסטער, איר וועט אפשר לאַכן פון מיר, אָבער כ'זאָג, אַז ווען די מאַמעס וואָלטן געווען די רעדל־פירער, וואָלטן מיר קיין מלחמות ניט געהאַט. אָך, איז ביטער ווען אַ מאַמע גייט איינקויפן און דערמאָנט זיך אינמיטן דערינען אַז די קינדער וועלן ניט קומען אַהיים עסן... אָך, די ליידיקע בענקלעך! צי אַ שטייגער ווען מ'גיט אָן עפּן די קליידער־שאַפע... אַ מאַמע אָן אירע קינדער איז ווי אַ פאַרלאָזטע חורבה, וואָס פאַלט איין...

לענס האָט איר איבערגעשלאָגן:

— וואָס־זשע איז אייער מיינונג? זענט איר, הייסט עס, נישט שטאָלץ וואָס מ׳האָט אייערע זין געגעבן אַ מעגלעכקייט צו ווערן סאָל־דאַטן? —

האָט לענס זיך דערפילט צו האָבן די איבערהאַנט.

מרס. בראַיס האָט שוין גערעדט אין אַ בייזן טאָן: זי האָט אירע קינדער נישט געלערנט צו הרגענען מענטשן, אָבער וואָס זאָל מען טאָן ווען גזלנים באַפאַלן? זי האָט זיך געווישט די אויגן: אירע ליבסטע פון יענער זייט ים זיינען שוין געוויס אומגעקומען . . . אַז זי דערהערט דעם נאָמען נאַצי, פילט זי ווי אַ גיפטיקע שלאַנג וויקלט זיך אַרום איר קערפּער, אָט דערפאַר האָט זי פאַרביסן מיט די ליפּן ווען איר עלטסטער זון הערלד, האָט וואָלונטירט פאַר אַ סאָלדאַט, און באַלד נאָך אים, די יינגערע צוויי, וועלכע זיינען שוין פון יענער זייט ים . . . אדרבא, זאָל ער טאַקע באַשרייבן וואָס זי לעבט איבער אין אַזאַ צייט; אפשר וועט מען שוין אַלץ איינשטעלן אַזוי, אַז מ׳זאָל שוין מער נישט דאַרפן מלחמה האַלטן . . .

דער מאַן האָט זיך אַריינגעמישט:

— מיין פרוי מיינט צו זאָגן, אַז די אָרימע מענטשן האָבן די צרה אויף דער וועלט נישט געבראַכט, נאָר די וואָס גלויבן קיינמאָל נישט אין קיין יושר . . . לאָמיר האָפן, אַז די קינדער וועלן כאָטש נאָך דער מלחמה וויסן פון אַ לעבן . . .

— זאָלן מיר שוין האַלטן דערביי! — האָט די פרוי געזאָגט מיט פרומע צוגעמאַכטע אויגן.

לענס האָט שוין געקוקט אויפן זייגערל: ער האָט זיך מיט גע־מאַכטן שטורעם אויפגעהויבן פון בענקל און אָנגעהויבן צו ריידן מיט באַדויערונג וואָס ער קאָן זיך דאָ לענגער נישט פאַרזאַמען. ער האָט צופיל אַרבעט אויף זיין קאָפּ.

מרס. בראַיס האָט אים מיט שטאָלץ צוגעטראָגן זיין האַרטן קאַפּע־ליוש. ווי זי וואָלט זאָגן: איר האָט אונדז קיין טובה נישט געטאָן, וואָס איר זענט געקומען. מיר האָבן דאָך נאָך אייך נישט געשיקט. דער מאַן אירער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר זי האָט זייטיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז ער זאָל מער גאָרנישט ריידן!

לענס האָט זיך פאַרנויגט מיטן קאַפּעליוש אין האַנט און אַרויס פון שטוב. די ערשטע פּאָר מינוטן איז ער כמעט געלאָפן, ווי מען וואָלט

## אין גרויע טעג

אים גערופן צוריק. דערנאָך האָט ער גענומען גיין פּאַמעלעך און באַ־דויערט זיך וואָס ער איז אַריינגעפאַלן צו „אומווייסנדיקע מענטשן", וועלכע הייבן נישט אָן צו פאַרשטיין, ווי אַזוי איבערצוגעבן אַן ענין, וואָס זאָל זיך פּאַסן געדרוקט צו ווערן אין זיין טאַטנס אָנגעזעענעם זשורנאַל: ער האָט אומזיסט געפּטרט צייט . . . אַ שאָד, אַ שאָד!

# אין ווייטן וועג אַריין . . .

ביז טאָג איז נאָך ווייט געווען. אַ שטיק נאַכט איז נאָך אַלץ געהאַנגען איבער די פענצטער, אָבער דער וועק־זייגער האָט באַצייטנס געקלונגען; געריסן זיך אויף דער העכסטער אָקטאַווע. מר. לינדער האָט אויסגעשטרעקט אַ פאַרשלאָפענע האַנט נאָך און האָט איינגעשטילט די כלי, וואָס האָט זיך געשאָקלט אויף די פיסלעך ווי אַ לעבעדיקער ווען.

מאַן און פרוי האָבן זיך ביידע מיט אַמאָל אויפגעזעצט אויף זייערע בעטן. מר. לינדער האָט געקוקט מיט גרויס מיטלייד אויף זיין פרוי. ער האָט געטראַכט צו זיך, אַז איצט איז אויף איר מער רחמנות ווי אויף אים אַליין: שווער צו זיין אַ מאַמע אין מלחמה־צייט! ער ווייס, אַז זי וויל אים זאָגן ער זאָל גלייך גיין וועקן זייער זון בערנאַרד, דעם סאָלדאַט, וועלכער איז געקומען אַהיים אויף אַ מעת־לעת אורלויב, צו געזעגענען זיך מיט טאַטע־מאַמע. ווי גיך ס׳איז אַוועק דער טאָג און באַלד די נאַכט. זי ווייסט, אַז אים איז אויך פריקרע צו גיין וועקן אַן אייגן קינד, ווייל ערגעץ וואַרט אַ שיף מיט הויכע קוימענס, וואַרט פאַר בערנאַרדן. זאָל ער נאָר אָנקומען, וועט זי זיך צערוועווען די שיף ווי אַ טויזנט אָקסן און אָפּגיין. איבערלאָזן געדרייטע פאַסמעס רויך. אָט זעט ער איר אויפן שטורעמדיקן ים . . .

לינדער האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט: מער וועט ער זיך נישט אַריינקלערן. די פרוי האָט אים נאָכגעטראָגן בעטנדיקע בליקן: פאַרוואָס כאַפּט ער זיך אַליין נישט, אַז מ׳דאַרף בערנאַרדן באַצייטנס אויפוועקן? גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ שטראָף אים וועט קומען, ווען ער וועט זיך נישט מעלדן אין צייט. זי האָט זיך דערמאָנט מיט וואָס פאַר אַ פרייד זי פלעגט דעם זון וועקן צו גיין אין סקול אַריין: קיינמאָל אים נישט געטאָרעט! . . . נאָר אויף איר אייגענעם אופן, אַ קוש געטאָן אין שטערן און ער האָט באַלד געעפנט זיינע אויגן. איצט האָט זיך ביי איר אין האַרצן באַזעצט אַ מאָדנער געפיל און לאָזט זי נישט . . . צי ווייסט זי דען נישט ווי נויטיק עס איז צו באַזיגן די שונאים וועלכע האָבן אַלע אירע אייגענע אומגעבראַכט? נו, וואָס זאָל זי טאָן ווען איר מוח איז געוואָרן ווי אַ הפקר־שטיבל און נאָר בייזע מחשבות קומען אַריין? דער מאַן וואָלט זי באַדאַרפט מער אויסרעכענען, אָבער ער רירט זיך נישט . . .

מר. לינדער האָט זיך אויך געהאַלטן אין איין מוסרן פאַרוואָס ער איז אַזוי און נישט אַנדערש, אָבער ער האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו גיין איבערשלאָגן בערנאַרדס געשמאַקן שלאָף: ער וועט זיך געבן נעכט נישט צולייגן אָפּילו: זאָל ער אָריינכאַפּן נאָך אַ פּאָר דרעמלען! ס'וועט אים גוט צונוץ קומען. מר. לינדערן האָט זיך נאָרוואָס דערמאָנט ווען בערנאַרד איז נאָך אַ קינד געווען: ער האָט נישט געוואָלט גיין שלאָפן ביז דער טאַטע וועט אים אַ מעשהלע דער־ציילן. ער דערמאָנט זיך איצט ווי דעם קינדס אויגן זיינען געווען קיי־לעכדיק און גרויס. ער הערט זיין אייגן קול:

„ערגעץ ווייט ווייט פון דאַנען איז אַן אָרט פאַראַן, וואו אַלעמאָל איז ליכטיק. די זון פאַרגייט קיינמאָל נישט. נישטאָ דאָרט קיין ביי־נאַכט. פייגל זינגען אויף די ביימער פאַר די פענצטער. בלומען וואַקסן דאָרט אַפילו אויף די דעכער. קינדער אויף די גאַסן האָבן אַן אייגן פּלאַץ צו שפּילן זיך. קיינער שטערט זיי נישט. אַלע שפּילצייג געהערן צו אַלעמען. קינדער לאַכן הויך, ביז צום הימל. קיינמאָל וויינען זיי נישט" . . .

לינדער דערפילט אויף זיך די וואַרעמע ליפּן פון דעם קינד. אַ דאַנק פאַר דער מעשהלע. און ס'דערמאָנט זיך אים ווען בערנאַרד איז עלטער געוואָרן, שוין פאַרשטאַנען פיל זאַכן, האָט ער נאָך אַלץ געוואָלט אַ מעשהלע הערן. ווידער זיין אייגן קול:

„ווייט, ווייט פון דאַנען איז אַ לאַנד פאַראַן וואו אַלע מענטשן זיי־נען גלייך. נישטאָ דאָרט קיין אָרעם און רייך און ווען ער וועט אַ גרוי־סער ווערן, וועט אומעטום זיין אַזוי . . . און קיין מלחמות וועלן מער קיינמאָל נישט זיין" . . .

דאָ האָט מר. לינדער אָפּגעזיפצט: וואָס וואָלט ער איצט בערנאַרדן געענטפערט? דער וועק־זייגער האָט צו אים געגלאָצט אין פּנים אַריין. לינדערן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער בעט זיך מ'זאָל אויף אים קיין פאַראיבל נישט האָבן, וואָס איז ער שולדיק אַז די מענטשן האָבן זיך אַזוי פאַרפלאָנטערט, אַז די שעהן זיינען פאַר זיי אַן אָפּקומעניש? ער קאָן זיך נישט אָפּשטעלן אָדער גיין צוריקוועג. און לינדער זעט צו ווי דער לאַנגער ווייזער גיט זיך אַ שפּאַן ווי אַ מענטשעלע און נאָך פינף מינוטן זיינען אַוועק. וואָס קען מען טאָן?

מיטאַמאָל איז לינדערן איינגעפאַלן אַ געדאַנק: ער וועט ריידן זייער הויך, אויפן קול, צו זיין פרוי, אַז ס'זאָל זיך דערטראָגן צו בער־נאַרדן אין צימער. די פרוי וועט זיך געוויס משער זיין וועגן זיין האַנד־

לונג און זי אַליין וועט אים אויך ענטפערן אויפן קול. מען מוז דאָך קו־מען צו אַ טאָלק.

אָבער מיט אַמאָל האָט ער זיך ווידער פאַרקלערט. פאַרוואָס האָט ער נישט געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט: טאַטע, איך וויל זאָלסט מיך אויפוועקן! וואָלט ער געפילט איצט גאָר אַנדערש. פאַרוואָס האָט בערנאַרד גלאַט געזאָגט, אַז ער דאַרף אויפשטיין פיר דעם זייגער? צו קיינעם זיך נישט געווענדט. פאַרוואָס שטייט ער נישט אויף? נאָך גוט, וואָס דער זייגער לויפט אַביסל . . .

די פרוי האָט שוין געהאַט פאַרלוירן איר געדולד, איז זי אַוועק אין קיך אַריין צוגרייטן פרישטיק. כלים זיינען איר פון די הענט געפאַלן. דער מאַן האָט זיך געבייזערט פאַרוואָס זי מאַכט אַן אַ טומל. אין דער אמתן האָט עס אים איצט נישט געאַרט, אָבער די פרוי האָט אים סיי־ווי נישט געהערט. זי האָט זיך גאָר געוואָלט דערמאָנען, וואָס בערנאַרד האָט ליב צו עסן גאַנץ פרי. צי האָט זי אַריינגעשאָטן די ריכטיקע צאָל לעפל קאַווע. אינמיטן איר קיך אַרבעט, האָט זי אַריינגעשטעקט איר קאָפּ וואו דער מאַן האָט זיך געפונען. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן זיי־גער, דערנאָך אויפן מאַן. מר. לינדער האָט זיך אויף איר געבייזערט:

— וואָס ביסטו אַזוי ברוגז אויף מיר?

— אַ טאַטע וואָלט אַליין געמעגט פאַרשטיין . . .

— איך בין נישט קיין נביא . . .

די פרוי האָט געריבן אַ האַנט אָן אַ האַנט, האָט עס דעם מאַן ווי־דער פאַרדראָסן:

— וואָס־זשע, דיר איז קאַלט? דו מאַכסט מיך נערוועז!

— און וואָס איז מיט דיר געשען? פונקט איצט, ווילט זיך אים קריגן מיט מיר! איך בין אָבער נישט גרייט! — זי האָט זיך מיט שטו־רעם געלאָזט גיין אין קיך אַריין.

מיטאַמאָל, אַ סוויסטשעריי פון בערנאַרדס צימער, לויט דעם נוסח פון די „ביוגלער" אין קעמפּ, וועלכע וועקן אויף די סאָלדאַטן יעדן פרי־מאָרגן.

בערנאַרד איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, געקוקט אויף די פאַר־בלויעטע פענצטער; אויף די שטערן וועלכע האָבן אַריינגעפינקלט. אים איז געווען אַ שאָד צו וועקן טאַטע־מאַמע אַזוי פרי. ער האָט אָבער גע־וואוסט, אַז זיי וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעבן, ווען ער כאַפּט זיך שטילערהייט אַרויס פון שטוב, אָט דערפאַר האָט ער דערלאָזט, אַז אַזאַ

שטיפעריי זאָל זיך ביי אים אַרויסכאַפּן: פאַרפאַלן! וואָס וועט אָבער זיין, אַז זיי שלאָפן נאָך?

די מוטער האָט זיך גלייך צוריקגעקערט. זי האָט פריילעך אויס־געגרופן:

— שוין איינמאָל אַ זינדעלע! ער האָט אין שלאָף געוואוסט וואָס ביי טאַטע־מאַמע אויף די הערצער טוט זיך אַפּ... אין דעם זעלביקן פריילעכן טאָן האָט זי אַריינגעשריען צו בערנאַרדן: — מיין זון, דער פרישטיק איז שוין פאַרטיק!

בערנאַרד האָט זיך אין טיר באַוויזן, סאַלוטירט און זיך נישט גע־קאָנט אָפּוואונדערן ווי לעבעדיק זיי זעען אים אויס.ביידע האָבן אים באַגעגנט מיט שמייכלען אויף די פּנימער. אומזיסט האָט ער זיך גע־זאָרגט וועגן זיין געזעגענען זיך, אַז די מאַמע זאָל זיך האַלטן פעסט און נישט וויינען. אַלעמאָל האָט ער פיינט געהאַט טרערן, אַפילו ווען מען האָט זיי געלאָזט שטעקן אין האַלדז... צוליב דעם, אַז די שטימונג זאָל זיין אַ צוגעפּאַסטע פאַר אים, האָט ער ליגנדיק אין בעט, צוגעטראַכט אַ נישט געחלומטן חלום. אַז אים האָט זיך אויסגעדאַכט, ער איז געווען אין דער מאַמעס און אין דעם טאַטנס געבורט־שטעטל. ווי שיין מ׳האָט אים דאָרט אויפגענומען. אַלע יידן האָבן אים געקושט. פון אַלע געס־לעך איז מען געקומען זען זייער באַפרייער... איצט איז עס נישט נויטיק — האָט בערנאַרד באַשלאָסן. ער האָט זיך צעלאָזט מיט אַ לויב־געזאַנג וועגן די מאכלים אויפן טיש.

די מוטער האָט זיך געגרויסט:

— דו זעסט, מיין קינד, כ׳האָב נאָך נישט פאַרגעסן, וואָס דו האָסט ליב. אַ מאַמע פאַרגעסט נישט...

— אַ טאַטע פאַרגעסט אויך נישט! — האָט זיך דער פאָטער אַריינ־געמישט.

בערנאַרד האָט זיי ביידע צוגעצויגן צו זיך. אַריינגעשמייכלט זיי אין די פּנימער:

— איר געפעלט מיר ביידע זייער גוט!

בשעתן עסן האָט ער געטראַכט: ווי גוט ס׳וואָלט געווען ווען די שטימונג האַלט אָן אַזוי, ביז ער וועט זיך געפינען אויף דער באַן. אָט אַזוי וויל ער פאַר זיך זען דעם טאַטן מיט דער מאַמען וואוהין ער וועט זיך קערן און ווענדן. ס׳וועט אים גוט צונוץ קומען ווען דער שונא וועט אים קומען אַנטקעגן...

# מען דאַרף זײַן בראַוו . . .

ס׳איז שוין נאָך האַלבע נאַכט און מרס. יאַפּע איז נאָך אַלץ געלעגן אויף איר בעט, מיט אָפענע אויגן געקוקט צום בלויען פענצטער, צום בלויען הימל אַרויס: זאָל שוין אַמאָל טאָג ווערן! — האָט זי געפילט ווי אויסשרייען. אין אירע צעפלאַמטע אויערן האָט אַ וועק־זייגער מסוכן געקלאַפּט, ווי עטלעכע זייגערס וואָלטן געהאַמערט אויף איין מאָל. ווען דער מאַן אירער וואָלט אָט־די כלי נישט געווען אָנגעשטעלט אויפצור־וועקן אים צו דער אַרבעט, וואָלט זי עס מיט איר קישן פאַרשטומט. כאָטש אַביסל שלאָף קומט דאָך איר! וואָס פאַר אַ פּנים וועט זי האָבן פאַר איר שכנטעס, וועלכע קומען זיך אַהער צונויף שטריקן סוועטערס פאַר די סאָלדאַטן, ווען איר קאָפּ וועט זיך הוידען אַהין און אַהער, ווען זי וועט נישט קאָנען האַלטן אָפן אירע אויגן? מען וועט דאָך הינטער אי־רע פּלייצעס לאַכן פון איר . . .

ניין, זי קאָן נישט איינשלאָפן! פאַר אירע אויגן ליגט צעלייגט דער ים. זי הערט אים שטורעמען און ברויזן. אָט זעט זי אַ ריזיקע שלאַכטשיף מיט אַזויפיל זין, טאַטע־מאַמעס קינדער, און איר אייגן קינד איז צווישן זיי. אָט לויערט דעם שונאס אַ סובמאַרין! . . . ס׳ווערט איר קאַלט אין אַלע אברים. זי ציטערט און דרייט זיך איבער מיטן פּנים צו דער וואַנט. אויפן האַרצן ווערט איר אַזוי שווער . . . אפשר זאָל זי אויפוועקן דעם מאַן, זאָל ער איר אויסרעדן. ניין, ס׳איז אַ רחמנות אויף אים! זאָל אים וואויל באַקומען דאָס ביסל שלאָף. ער דאַרף דאָך מאָרגן אַרבעטן. און אַז ער וועט נישט זײַן אויסגערוט קאָן נאָך מיט אים חלילה עפּעס פּאַסירן . . .

זי זיפצט אָפּ. „אַזוי איז עס אין אַלע צייטן געווען . . . אַ מאַמע טראַכט איבער מער ווי אַ טאַטע". ווען בוני איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד און ער האָט דורכגעמאַכט פאַרשיידענע קראַנקהייטן, פלעגט זי דורך די נעכט אַרומגיין אַ פאַרוויינטע און איר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט זי זיך אַזוי צעשרייען, אַז די גאַנצע גאַס וועט זיך צונויפלויפן. פון דאַן אָן האָט זי פיינט די נאַכט . . .

מרס. יאַפּע האָט דערנאָך באַשלאָסן ביי זיך, אַז פון מאָרגן אָן וועט זי זיך מער נישט לייגן פרי שלאָפן: זי וועט זיצן און לייענען די בריוו, וואָס בוני האָט ביז אַהער געשיקט. זי וועט לייענען בריוו, וואָס ער

האָט נאָך נישט געשריבן, און זיי אויסלייגן צום גוטן, ווי זאָגט ער, דער מאַן אירער: דו, שׂרה, ביסט נישט די איינציקע מאַמע; ביי אַלעמען זיינען די הערצער צעוויי־טיקטע, אָבער מען דאַרף זיין בראַוו. יאָ, ער איז גערעכט. איר פאַרשטאַנד באַגרייפט אַלץ, וואָס ער רעדט צו איר, נאָר נישט אירע געפילן. ווי אַזוי מאַכט מען זיך איבער? אדרבא! זאָל אימעצער איר געבן אַן עצה!

גאַנץ פרי, איידער נאָך דער וועק־זייגער האָט געשלאָגן, האָט זיך שוין מרס. יאַפע געפּאָרעט אין קיך. זי האָט אויפגעשטעלט קאַווע און בעת מעשה געטראַכט, אַז דער מאַן וועט אויפשטיין, וועט זי ביי אים פרעגן ווי אַזוי ער נעמט אויף זייער זונס רייזע אויפן ים. זי וועט זיך פון אים נעמען אַ ביישפּיל . . . זי וועט אים זאָגן, אַז אַ פרוי קאָן דעם מאַן אויך אויסרעדן דאָס האַרץ. צי וועט ער איר דען זאָגן דעם אמת? ער וועט זיך מסתמא אויסדרייען אַן אַ קלאָרן ענטפער . . . ניין, זי האָט נישט קיין חרטה! זי וועט ביי אים פרעגן.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ גראַבלען אין דער טיר. ווער קאָן עס זיין אַזוי פרי? מרס. יאַפע איז אַ פאַרציטערטע געלאָפן צו דער טיר.

— ווער איז דאָרטן? — האָט זי ווי אַ סוד איינגערוימט און גלייך זיך צעשמייכלט.

אסתר, בוניס כּלה־מיידל, איז אַריינגעקומען. זי האָט אויסגעזען בלאַס, די אויגן רויט. זי האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט אויפן ערשטן בענקל, גלייך ביים אַריינקומען.

מרס. יאַפע האָט אויף איר געקוקט פאַרחידושט: וואָס, אייגנט־לעך, איז זי אויפגעשטאַנען אַזוי פרי? אַ וואויל מיידל . . . וויפיל נעכט זי איז נישט געשלאָפן! געהאַלטן אין איין שטריקן זאַכן פאַר בונין. ווי שיין זי האָט זיך אַנומלטן אויסגעדריקט: „כ'האָב גע־שטריקט אַזוי געדיכט, אַז עס זאָל זיין אַ באַשיצער . . . איך זאָג אייך, אַז בונין וועט גאָרנישט שאַדן" . . .

אסתר האָט אַזוי זיצנדיק אַיינגעדרעמלט. מרס. יאַפע האָט אָנגע־הויבן צו גיין אויף אירע שפּיץ־פינגער. זי האָט אסתרן באַדויערט: אוודאי אויך נישט געשלאָפן. זי האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען ווען בוני האָט אַנומלטן צוגעשיקט אויף אַ רעקאָרד זיין רעדע מיט זיין אייגן קול. אין הויז איז דאָן געווען פריילעך. די גאָלדענע רייד זיינע קלינ־גען איר נאָך איצט אין די אויערן: „לענדער וואַרטן אויף אונדז" . . . ווי אסתר האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן פאָנאָגראַף און זי האָט אים סאַ־

לוטירט. ווי שטאָלץ זי איז דאָן געווען מיט בונין. און איצט, — דאַכט זיך, זי איז גאָר קלענער געוואָרן . . .

דער וועק־זייגער האָט אָנגעהויבן צו קלינגען, אויפגעוועקט מר. יאַפּען און אסתרן. דער מאַן אין אַנדערן צימער האָט דעם זייגער איינגעשטילט און גענומען ציען זיינע גלידער. אסתר האָט אָנגעהויבן צו פינטלען מיט די אויגן. זי האָט זיך צעוואַכט, און אירע באַקן האָבן זיך אָנגעהויבן צו רויטלען:

— איך פיל ווי זיך גוט אויסצעפּאַטשן, וואָס איך בין געקומען אַהער שלאָפן, — האָט אסתר אין אַ דראַמאַטישן טאָן אויסגערופן.

מרס. יאַפּע האָט אָנגעהויבן צו פאָרשן:

— אסתר, ביסט נישט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט! געטראָפן?

— ווער זאָגט עס? — זי האָט אַ ווײַלע געטראַכט. — וואָס־זשע, איר ווייסט נישט, אַז איך בין אַ גאַנצע מאַכערטע ביי אונדזער רעגירונג? . . . איך העלף פאַרקויפן מלחמה־באָנדס. בין איך געזעסן ביז העט שפּעט, און דערנאָך בין איך געשלאָפן אַזוי געשמאַק . . . יאָ, איך בין אייך געקומען דערציילן וועגן אַ גוטן חלום, וואָס איך האָב געהאַט וועגן בונין . . .

— נו, דערצייל! זאָל כאָטש זיין אַ גוטער חלום — האָט מרס. יאַפּע גערעדט אין אַזאַ טאָן, ווי זי גלויבט איר נישט. — איך האָב אַפילו קיין חלום אויך נישט געהאַט . . .

פון צווייטן צימער האָט זיך דערהערט דעם מאַנס קול:

— שרה, צו וועמען רעדסטו דאָרט?

— קום אַריין וועסטו אָפּנעמען אַ גרוס פון בונין.

מר. יאַפּע האָט געכאַפּט אויף זיך זיין כאַלאַט און זיך אַריינגעאיילט, דערזען אסתרן, האָט ער זי אויפגענומען מיט אַ ברייטן „גוט־מאָרגן":

— נו, לאָמיך שוין הערן דעם גרוס!

— אסתר האָט געהאַט אַ חלום . . .

— עס האָט זיך דיר אוודאי געחלומט, אַז דו שטייסט מיט אים אונטער דער חופּה. געטראָפן, אסתר? ס'וועט מקוים ווערן, נישט געזאָרגט!

מרס. יאַפּע האָט זיך אַוועקגעדרייט אין אַ זייט, פאַרשטעלט אירע פייכטע אויגן.

דער מאַן האָט עס דערזען. ער איז צוגעקומען גאַנץ נאָענט צו איר און זיך כלומרשט געוויצלט:

— מחותנתטע, האָסט זיך פאַרשעמט ? קוק אונדז גלייך אין די אויגן אַריין.

די פרוי האָט זיך פאַרענטפערט :

— כ׳האָב נישט געווײנט. די טרערן זיינען פון נישט שלאָפן . . .

— אין מלחמה־צייט דאַרף מען נישט שלאָפן, — האָט זיך דער מאַן ווידער געוויצלט און געגאַנגען זיך אָנטאָן.

די פרוי האָט געגרייט צום טיש און בעת מעשה גערעדט צו אסתרן:

— די מענער זיינען פאָרט בראַוּוער פון אונדז !

— כ׳בין נישט אַזוי זיכער ! — האָט אסתר נישט געוואָלט צו־שטימען, — זיי, די מענער, קאָנען גיכער מאַכן דעם אָנשטעל. גראָדע ביי דער איצטיקער צייט דאַרף מען זיך נעמען פון זיי אַ ביישפּיל : מען דאַרף זיך אַביסל פאַרהאַרטעווען. איך מיין דאָ זיך אַליין אויך . . .

— אָבער ווי אַזוי ? — האָט די פרוי ווי אויסגעשריען.

מר. יאַפּע האָט זיך אומגעקערט צוריק, געזעצט זיך צום טיש. ער האָט געגעסן, און צווישן איין ביס און אַ צווייטן האָט ער באַטראַכט זיין פרוי, אסתרן : ווי אויסגעבלייכטביידע זיינען ! ער האָט אָנגעהויבן זיי צו מוסרן :

— איך זאָג מיר מיינס, אַז אין דעם זעלביקן קאָפּ, וואוהין מען נעמט זיך אַריין אומעטיקע מחשבות, קאָן מען בעסער אַריינגעמען גוטע, פריילעכע . . .

— אָבער ווי אַזוי ? — האָט אים די פרוי אָפּגעשטעלט.

— וואָס הייסט ווי אַזוי ? ווען מען האָט שוין אָפּגעטאָן אַלע אַר־בעטן דורכן טאָג, ווען מען דאַרף גיין רוען און עס טראַכט זיך, הייבט מען זיך נאָר אָן פאַרצושטעלן ווי אַזוי די וועלט וועט באַלד, באַלד אויס־זען, ווען די נאַציס וועלן זיין באַגראָבן, ווי גאַנצע פעלקער וועלן טאַנצן אין די גאַסן. אין יעדער שטאָט, אין יעדן דאָרף וועט מען זיך אָנטאָן יום־טובדיקע קליידער ; מען וועט זינגען אויף אַזוי פיל לשונות. מען וועט טאַקע טרינקען אַ „לחיים" אויך און מען וועט זיך האַלדזן און קושן. איך זע דאָס בילד פשוט פאַר מיינע אויגן. אָט איז אונדזער בוני צווישן גרויסן עולם מיט מעדאַלן . . . ווען מיר וועלן טראַכטן וועגן יענע טעג, וועט אין מוח נישט בלייבן קיין אָרט פאַר די אומעטיקע מחשבות . . .

די פרוי האָט זיך איבערגעקוקט מיט אסתרן : „וואָס האָב איך דיר פריער געזאָגט ?" צו זיך האָט זי געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען ער, דער מאַן אירער, האָט מער צייט פאַר איר. ער וואָלט מיט זיי־נע רייד דעם אומעט פון הויז פאַרטריבן . . .

מר. יאַפּע האָט זיך געלאָזט גיין צו דער אַרבעט. די פרוי און אסתר האָבן אים מיט וואַרעמע אויגן באַגלייט. אויפן וועג האָט ער צו זיך געטראַכט, ווי בראַוו ער האָט זיך געהאַלטן פאַר ביידע פרויען אין הויז. אָבער ביי אים אַליין איז אויך נישט אײנגאַנצן אַזוי פריילעך אויפן האַרצן. אין שאַפּ און אויפן געלעגער אַמפּערן זיך אין מוח אַזעלכע מאָד־נע מחשבות וועגן זיין בן־יחיד בוני. אַזוי איז איצטער דאָס לעבן. איי־נער דאַרף דעם צווייטן דערמוטיקן . . .

ער האָט פאַרדויכערט זיין ליולקע, זי גוט צעזשאַרעט און אָנגע־הויבן שפּאַנען מיט פעסטע טריט.

# פּאַטריאָטן

מיטיק־צייט. ערגעץ אין אַ ווינקל פון דעם קליינעם „פּאַר־שאַפּ" איז געהאנגען אַ פאַרשטויבטער קיילעכדיקער זייגער. ביידע ווייזערס זיינע, דער קלענערער מיטן גרעסערן, האָבן זיך באַגעגנט ביים ציפער צוועלף. ביידע האָבן זיך פאַר אַ ווײַלע אַ סודע געטאָן און דער גרויסער ווייזער, ווי אַ טאַטע וואָס איילט זיך נאָך פּרנסה, האָט זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן.

די עטלעכע אַרבעטער, וועלכע האָבן דאָ געאַרבעט, זיינען געווען גריכן. דער באַלעבאָס, וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן ביי אַ מאַשין און געשטעפּט, באַהעפט פעלכל צו פעלכל, איז אויך געווען אַ גריך. אַלע פון איין שטעטל. זיי האָבן אים גערופן ביים ערשטן נאָמען — פּעטראָס. ער האָט זיי אויסגעלערנט דעם פאַך. זיי האָבן אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ טאַטן צו וועמען מען דאַרף זיך גוט צוהערן . . . און פּעטראָס האָט זיך געטראַכט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט דאַרפן חרטה האָבן, וואָס ער האָט זיי אויסגעלערנט . . .

מיט דער אויסנאַם פון דעם צושניידער, וועלכער איז שוין גרייזגרוי, אַ קאָפּ ווי פון אַ מירמל־שטיינערנער סטאַטוע, זיינען כמעט אַלע געווען ברונעטן, מיט שמאָלע לאַנגע בעזער און טונקעלע אויגן. אַלע האָבן געטראָגן אויף זיך לאַנגע גרינע כאַלאַטן פול מיט האָר ווי זיי וואָלטן נאָרוואָס אָפּגעגאָלט אַ סך קעפּ.

די עטלעכע אַרבעטער זיינען געזעסן ביי איין לאַנגן טיש און געגעסן פון צעוויקלטע פּעקלעך שפּייז, וואָס זיי האָבן גאַנץ פרי געבראַכט פון די היימען. יעדער פון זיי האָט מיט זיין פּאַפּיר, אין וועלכן דאָס עסנוואַרג איז נאָרוואָס געווען איינגעוויקלט, פאַרדעקט זיין חלק טיש.

קיינער האָט נישט גערעדט. די מאַשין, לעבן וועלכער דער באַלעבאָס האָט נאָך אַלץ געשטעפּט, האָט איבערגעריסן די שטילקייט. כמעט געקרעכצט, ווי נישט צופרידן געווען וואָס אירע אברים דאַרפן זיך דרייען, בשעת אַנדערע מאַשינען רוען.

דאָ ביים טיש האָט מען געהערט דאָס לוסטיקע טאַנצן פון שאַרפע ציין אויף רייפּטלעך קאָרן ברויט, וועלכע זיינען געווען אָנגעשטאָפּט מיט פלייש און גרינצייג. ליפּן האָבן אויסגעזען ווי צייטיקע ווײַנשל. דאָ און דאָרט האָט איינער געקוויקט זיך מיט ביר, פון אַ קריגל, וואָס ער

האָט נאָך געבראַכט אַהער פון זיין שטעטל. דאָס קוויקעניש האָט אַלע־מען געגעבן חשק עס נאָכצוטאָן. אויף ליפּן האָט זיך באַלייגט אַ געדיכ־טער שוים פון דעם ביר, וואָס אַלע האָבן געטרונקען. פינגער האָבן דעם שוים אויף די ליפּן צעשמירט ווי עפּעס אַ גוטע זאַלב . . .

די שטילקייט האָט זיך פּלוצים איבערגעריסן. בערמאַן, אַ סיילס־מאַן, וועלכער פאַרקויפט פעלכלעך, איז אַרויפגעקומען. חוץ זיין סחורה, האָט ער אויך געהאַט אַ צייטונג אונטערן אָרעם מיט די לעצטע נייעס. כמעט אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים. נייגעריקע אויגן האָבן זייערע בליקן צעלאָזט איבער דער ערשטער זייט פון דער צייטונג: וואָס הערט זיך עפּעס אין זייער היימלאַנד וואו אַ מלחמה פלאַקערט? צי האָבן זייערע ברידער דעם שונא ווידער צוריקגעשטויסן?

בערמאַן האָט מיט באַגייסטערונג אויסגערופן, אַז די גריכן זיינען אַ בראַוו פאָלק. ער האָט זיי געוואָלט דערקלערן פאַרוואָס אים איז אַזוי פריילעך אויפן האַרצן, זיין אינטערעס צו זיי, האָט אים אָבער דער באַ־לעבאָס צו זיך גערופן: ער דאַרף האָבן די פעלכלעך. בערמאַן האָט איבערגעלאָזט די צייטונג און אַוועק צו פּעטראָסן. יענער האָט זיך גע־גראַבלט מיט די פינגער אין די פעלכלעך. געבלאָזן מיטן מויל אויף די האָר און בעת ער האָט געפּרעגט פאַרן מקח, האָט ער שוין ווידער גע־שטעפּט . . .

די אַרבעטער ביים טיש האָבן בשותפות געלייענט די שרייענדיקע קעפּ פון דער צייטונג. מ׳האָט גערעדט הויך אויפן קול:

— די זין פון אונדזער לאַנד וועלן אַלע שונאים אַוועקלייגן. מען וועט אָפּשפּאַרן אַביסל געלט און פאָרן צוריק אַהיים . . .

דער צושניידער האָט זיך צעזונגען:

— אונדזער לאַנד וועט ווערן פריי פאַר אַלעמען. אונדזער פאָן וועט נאָך פלאַטערן איבער רוים . . .

דאָס האָט זייער אויסגענומען ביי אַלעמען. אַ געלעכטער האָט זיך אָנגעהויבן צו גיסן ווי פון אַ פריילעכן אָרקעסטער. דער נאָגלער וואַ־סיליעס האָט זיך אַביסל פאַרקלערט. אים איז אַ שאָד געווען וואָס ער געפינט זיך איצט נישט דאָרט, העלפן ברענגען דעם זיג. ער, וואַסי־ליעס, איז געווען אַן אָפיצער אין דער היים. די ציין האָבן זיך ביי אים צעקריצט: אַך, וואָלט ער וועלן זיין דאָרט אויפן שלאַכטפעלד! ער וואָלט זיך אפשר געקאָנט אָפּרעכענען מיט די וועלכע האָבן אים אַהער, אין פרעמדן לאַנד פאַרטריבן. אויב מ׳האָלט שוין אין באַפרייען זיך, זאָל דאָס זיין פון אייגענע שונאים אויך! . . .

ער האָט געקוקט אויף דער אויפגעשטעלטער ברעט מיט פעלכלעך באַצויגן צום טריקענען זיך. באַטראַכט אַ ווײַלע די אויסגעפּוצטע ער־טער, פון ווייסע און גרינלעכע פלעקן, און אין זיינע אויגן האָט די ברעט מיט פעלכלעך אָנגעהויבן אויסזען ווי אַ לאַנד־קאַרטע. אָט זעט ער אָפּי־לו דאָס אָרט וואו די שלאַכט גייט אָן. די שטאָט וואו ער איז געבוירן געוואָרן, די גרענעצן. אָט זעט ער פּאַר זיך גריכישע אַרמייען מאַרשירן, די קעפּ, — אַזוי שטאָלץ! אין זיינע אויערן הערט ער אַפילו זייערע לוסטיקע לידער, אָנגעזאַפּט מיט נצחון...

די אַנדערע ביים טיש האָבן זיך דערמאָנט אין זייערע קינדער־יאָרן. אָט איז זייער שטעטל!

אָט זיינען סטאַטועס פון גיבורים. דער גרויער צושניידער האָט אויף אויסנווייניק געמישט פּאַרגאַנגענע געשיכטע פון גאָר אַמאָל, ווען זיין לאַנד האָט געשמט מיט די וועלט־באַרימטע פילאָסאָפן, וואָס ער און זיינע קינדער טראָגן די זעלביקע נעמען.

דער באַלעבאָס פּעטראָס איז שוין אויך געווען צווישן זיי. ער האָט זיך פּאַר אַ ווײַלע צוגעהערט. די רייד זיינען אים געפעלן געוואָרן. ער וואָלט אַפילו אַליין אויך געוואָלט אַריינוואַרפן אַ פּאָר ווערטער, ער איז דאָך אויך עפּעס אַ גריך... אָבער דער פאַרשטויבטער זייגער האָט אין זיינע אויערן געשריען אַז די מיטיק־שעה איז שוין פאַראיבער. די ווײַ־זערס האָבן זיך שוין ווידער געסודעט. שוין פינף מינוטן פאַרלוירן געג־גאַנגען; און פּעטראַסעס מוח האָט זיך שוין אַפילו געחשבונט וויפיל היזק די פירמע האָט שוין געהאָט...

פּעטראָס האָט זיי איבערגעשלאָגן. געוויזן מיטן מיטלסטן פינגער אויפן זייגער ווי איינער רעדט: האָט טענות צום זייגער, נישט צו מיר... ער האָט געטראַכט אַז ס׳וואָלט זיך אפשר בעסער געלוינט זיי זאָלן דעם געשפּרעך זייערן דאָ פאַרענדיקן און דערנאָך אַרבעטן מיט מער חשק, וועט ער אָפּגעווינען די פאַרלוירענע צייט, אַז נישט, וועלן זיי דאָך רעדן ביי די מאַשינען און ער וועט זיך מיט זיי דאַרפן ווערטלען. האָט ער אָבער מורא געהאַט אַז זיין שותף וועט אָנקומען און נישט פאַרשטיין זיין כוונה. ווי באַלד אַזוי, מוז ער זיי גלייך זאָגן, אַז זיי וועלן נישט אַרבעטן וועט די פרייד פון יענער זייט ים גאָרנישט געבן... אַלץ, האָט זיך זיין צייט און זיין אָרט... אַז ער איז אינדערהיים פונקט אַזאַ פּאַטריאָט ווי יעדער איינער פון זיי...

דאָס צווייטע מאָל, ווען ער האָט זיי דערמאָנט וועגן זייגער, איז שוין געווען אין אַ בייזן טאָן: זיין שותף לעאָנידיס וועט באַלד אָנקומען און

האָבן טענות צו אים . . . ער וועט זיין גערעכט . . . אַז מען איז צו גוט, טויג נישט!

די אַרבעטער האָבן נישט געוואָלט מער הערן זיין מוסר. זיי האָבן זיך אָפּגעקערט פון אים. זיך אַ לאָז געטאָן יעדער אויף זיין אָרט און בעת מעשה זיך איבערגעוואונקען: אַט האָסטו דיר אויך אַ גריך! מיר רעדן וועגן אונדזערע אוצרות, און אים ליגט גאָר אין קאָפּ דער זייגער...

ווען זיי זיינען שוין געזעסן און געאַרבעט האָט ער געגעבן אַנצוהערעניש אַז אויף די באַשטעלונגען וועלכע זיי אַרבעטן וואַרט מען; זיי מוזן נאָך היינט פאַרטיק ווערן. דאָס איז געווען אַ קלאָרע אָנצוהערעניש אַז מען זאָל נישט רעדן. האָט עס זיי נאָך מער ווי געטאָן. זיי האָבן געפילט ווי אויסשרייען: ווי אַזוי קאָן מען זיך איינהאַלטן אין אַזעלכע טעג, און נישט ריידן, ווען די געמיטער זיינען אַזוי אויפגערעגט!

פּעטראַס, דער באַלעבאָס, האָט געוואַכט איבער זיי און איבער דער טיר: זאָל שוין דער שותף אָנקומען. ער איז הונגעריק, און אַליין אײַ־בערלאָזן די באַריידעוודיקע אַרבעטער קאָן ער נישט. ער האָט אויסגעזען באַזאָרגט.

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. דער שותף האָט געלאָזט וויסן, אַז ער וועט זיך נאָך לאַנג פאַרזאַמען. האָט זיך שוין פּעטראַס נישט געקאָנט העלפן און געגאַנגען עסן. ער האָט זיך געטראַכט, אַז ער וועט אויף אַ ווײַלע אַפּווענדן פון זיך די קאַלטע בליקן פון די אַרבעטער. ער וועט זיך אַרויסכאַפּן שטילערהייט: זאָלן זיי מיינען, אַז ער איז אין אַפּיס. וועט מען ווייניקער קלאַפּן מיט די פּיסקעס . . .

און בעת פּעטראַס איז געזעסן אין רעסטאָראַן, געגעסן און געוואָרגן זיך מיטן ביסן טאָמער ווערט אין שאָפּ פאַרלוירן צייט, האָט וואַסיליעס, דער נאָגלער, שוין די צווייטע ברעט מיט פעלכלעך באַקלאַפּט. ביי אים אין די אויגן האָט עס אויסגעזען ווי אַ פרישע לאַנד־קאַרטע פון זיין היימלאַנד. ער האָט געצויגן די פעלכלעך כמעט ביזן פּלאַצן, און בעת מעשה געהאַט אַ געפיל ווי די באַפרייטע טעריטאָריע ווערט אויסגעברייטערט. ער האָט גרויס הנאה געהאַט פון זיין אַרבעט, מער ווי אַלעמאָל. פון גרויס צופרידנקייט, האָט ער צו זיך אַליין געשמייכלט. די אַרבעטער ביי די מאַשינען האָבן אין כאָר געזונגען אַ פאָלקס־ליד.

# דאָס געזעץ האָט זיך פאַרשעמט

די וואַרעמע בעסט וואָס אַנאַ האָט אויפגעבויט פאַר זיך און איר איינציקן זון וויליאַם, איז מיטאַמאָל געוואָרן ווי אַ תפיסה פאַר זיי. די קלאַסישע מוזיק וואָס האָט געשפּילט אויף דער ראַדיאָ, האָט איצט געגרילצט אין זייערע אויערן. זייערע אויגן האָבן שטאַר געגלאָצט אויף די מאַלערייען וואָס זיינען געווען צעהאַנגען אויף די ווענט. אַ קעלט האָט זיי ממש אַרומגענומען.

אייגנטלעך האָבן זיך ביידע באַדאַרפט פרייען. אַ קלייניקייט: וויליאַם איז אַהיים געקומען אויף אורלויב! נאָך אַזויפיל וואָכן און חדשים זיך נישט געזען! דערצו איז דער, דער זון, די לעצטע טעג אַן אָפיצער געוואָרן — מיט אַזויפיל אויסצייכענונגען! אָבער די מוטער האָט אַלץ אויפגענומען אַזוי גלייכגילטיק. און וויליאַם האָט אַפילו נישט געפונען פאַר וויכטיק אַ בלעטער טאָן אין דעם בוך, וואָס די מאַמע זיינע האָט דורך דער צייט אָנגעשריבן און דורך דעם אַזוי באַרימט געוואָרן! ביידע האָבן פאַרגעסן אין זייערע אייגענע דערגרייכונגען. מ'האָט נאָר געטראַכט וועגן פרידריך באַלדווין, וויליאַמס פאָטער און אַנאַס געוועזענער מאַן, מיט וועמען די מאָרגן־צייטונגען האָבן אַזוי געשטורעמט, אַז ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיטן שונא און ער געפינט זיך הינטער גראַטעס.

אַנאַ האָט אין דער שטיל געחוזקט פון אירע יונגע יאָרן. ווען זי איז געווען באַלדווינס פּריוואַטע סעקרעטאַרין, האָט זי זיך געלאָזט איבערריידן פון אים: אַז זי און ער וועלן זיין אַ גליקלעך פאָר־פאָלק... ווי זיכער זי איז געווען ביי זיך אַז זי וועט ענדערן זיין כאַראַקטער. ביט נאָר אים אַליין, נאָר דעם גאַנצן אויבנאָן — אַלע רייכע! זי וועט געבן צו פאַרשטיין, אַז אַלע מענטשן זיינען באַשאַפן געוואָרן גלייך... ווען נישט די אַרבעטער, וואָלטן דאָך קיין פאַרמעגלעכע נישט געווען. עס ווענדט זיך נאָר אָן זיי, אַז די וועלט זאָל האָבן אַ פנים...

באַלד פאַרענטפערט זי זיך: וואָס קומט אַ יונג מיידל פאַר דעם וואָס זי האָט דעמאָלט אַזוי געדענקט? אָבער צוריק געשמועסט, ווי אַזוי קאָן זי זיך פאַרגעבן אַזאַ זינד, וואָס זי איז געווען די פרוי פון איינעם וואָס איז אפשר דאָן אויך געווען אַ שפּיאָן? דאָס איז דאָך שרעקלעך! מיט אים האָט זי געבראַכט אַ קינד אויף דער וועלט...

אירע בליקן האָבן זיך פּאַר אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט אויף איר פּאַר־טראַכטן זון. בײַזע מחשבות האָבן זיך ביי איר אין מוח צעלאָזט וועגן אים . . . זי האָט אַוועקגעכאַפּט אירע בליקן און געפילט ווי אויסשרײַען הויך אויפן קול: זי וועט זיך נישט לאָזן באַהערשן פון איין איינציקער בייזער מחשבה אויף וויליאַמען! זי האָט דאָך אים דערצויגן! ווען עס זאָל זיך אויסלאָזן אַנדערש, וואָלט ס׳גאַנצע לעבן גאָר קיין ווערט נישט געהאַט פאַר איר מער . . .

וויליאַם האָט דורך דער צייט געהאַט באַשלאָסן אַז ווען ער וועט זיך צוריקקערן אין קעמפּ אַריין, וועט ער אַלץ דערציילן פאַר זיין קאָ־מאַנדיר . . . מער וויל ער נישט טראָגן דעם פאַמיליע־נאָמען פון זיין טאַטן!

אַנאַ האָט זיך מיט אַ געמאַכטן קוראַזש אויפגעשטעלט. זי האָט אַ פּלאַן ווי אַזוי זיי ביידע זאָלן זיך זייערע הערצער קילן — דורכפאָרן זיך אין דעם דערבייאיקן שטעטל וואו ער, וויליאַם, איז געבוירן געוואָרן, באַגעגענען זיך מיט יענע וואָס האָבן געהאָלפן זיין טאַטן אַלעמען פירן אין זייערע וועגן . . . ווי איז געוועזן צו דעם וואָס האָט זיך נישט גע־לאָזט פירן . . . אַז זי מיט אים וועלן זיך דאָרטן אויף די גאַסן נאָר באַווייזן, וועלן זיי צו יענע לייט קיין פרייד נישט ברענגען. זי גלויבט נישט אַז דער טאַטע זיינער איז געווען דער איינציקער פאַרבונדן מיטן שונא. פאַר איר איז קלאָר אַז דער צו־שרייענדיקער פּאַטריאָטיזם דאָרט איז נישט מער ווי צו פאַרדעקן זיבד . . . וויליאַם האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און ביידע האָבן זיך גענומען גרייטן.

אין שטעטל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ הויז מיט אַ ברייטן רונדיקן גאַניק. ביימער אַרום און אַרום. אַ געלער הונט פון יענער זייט אייזערנע שטאַכעטן האָט געדרימלט. אַנאַ האָט גערעדט הויך אויפן קול צו וויליאַמען:

אָט דאָ וואוינט די פאַמיליע ווערטיים. כמעט שטענדיק איז מען אין יעדער דזשורי — דערפאַר מעגן זיי דאָ אַלץ טאָן . . . דער אַלטער ווערטיים וואָס איז אַוועקגעשטאָרבן ערשט נישט לאַנג צוריק, האָט אי־בערגעלאָזט אַ היפּשע סומע געלט פאַר די הינט וואָס ער האָט געכאָוועט. ער האָט זיי פאַרזאָרגט אויפן גאַנצן לעבן. זיין פאַרמעגן האָט ער גע־מאַכט פון ברעכן סטרייקס. געהאַט אַן איידזשענסי אַזאַ. ווערטיים דזשוניאָר באַקלאָגט זיך נעבעך . . . „נישט מער דאָס וואָס געוועזן" . . . דיין טאַטע האָט מיר נישט געוואָלט פאַרגעבן וואָס איך האָב נישט גע־וואָלט שליסן קיין פריינטשאַפט מיט די מענטשן . . .

דער הונט פאַרן הויז, וואָס האָט ערשט געדרעמלט, האָט זיך שוין געהאַט אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן צו בילן און פונעם הויף האָבן זיך מיט אימפּעט אַ לאָז געטאָן נאָך צוויי הינט ווי די בערן די גרויס. מ׳האָט זיך צעבילט אָן אָן אויפהער. אָט־אָט שפּרינגען זיי אַריבער די שטאַכעטן. די אייגנטימער אויפן גאַניק האָבן אָנגעקוואָלן פון זייערע לאָיאַלע הינט . . .

אַנאַ מיט איר זון האָבן זיך אַוועקגעאיילט פון דאָרט. ביידע האָבן געשוויגן, ווייל דאָס יעכצן פון די הינט איז נאָך אַלץ געהאַנגען אין זייערע אויערן. זיי האָבן זיך פאַרקערעוועט אין אַ זייטיק געסל און זיך כמעט אָנגעשטויסן אָן מרס. קלאַרק, אַ קרובה צו איר געוועזענעם מאַן, פרידריך באַלדווין. זי האָט געטראָגן איבער איר גרויען קאָפּ אַ קאָלירטן זיידענעם שירעם, אַ באַשיצונג פאַר דער זון, וואָס האָט יענעם טאָג געשרפהט אין די גאַסן. די דאַמע איז געגאַנגען פאַמעלעך, מיט דריבנע טריט, ווי צוגעציילט יעדן שפּאַן וואָס זי האָט געמאַכט.

אַנאַ האָט איר באַגריסט:

— האַו דו יו דו, מרס.קלאַרק ? — געפרעגט איר צי ווייסט זי עפּעס וועגן מר באַלדווין. איר גאַנץ וועזן האָט בעת מעשה געציטערט.

די דאַמע האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעטאָן גראַציעז אירע פענסנע פון איר שטאַלצער לענגלעכער נאָז, באַטראַכט אנאַן און גלייך איר דערקענט. זי האָט ביסטרע פאַרצויגן מיט אירע ליפּן און קאָקעטיש אויסגעזונגען :

— אַיי בעג יור פּאַרדאָן ! — גענומען אַוועקשפּאַנען מיט בייזע טריט. — אַ מבין וואָלט ס׳האָט עס געוואַגט מיך אָפּצושטעלן אינמיטן גאַס ! האָט כאָטש קיינער נישט געזען ?

ביי אַנאַן זיינען די אויגן־ווינקלען געוואָרן פייכט. אין שייכות מיט דער דאַמע האָט זיך איר דערמאָנט אָן יענער צייט, ווען ווילי איז נאָך קיין פינף יאָר נישט אַלט געווען, און פרידריך, איר דעמאָלטדיקער מאַן, האָט געפאָדערט אַ גט פון איר אויפן גרונט אַז זי איז אַ פריידענקערין, — אַז זי איז קעגן דער איצטיקער אָרדענונג : ער וויל נישט וואוינען מיט קיין שונאַ פון זיין לאַנד, פון זיין קירכע . . . ער וויל ראַטעווען זיין קינד. די דאַמע, וואָס האָט זיך ערשט אָפּגעטראָגן, האָט דאַן עדות געזאָגט קעגן איר, אָנדערציילט אָן אַ שיעור חטאים אויף איר. און אַז אַנאַ האָט איר נישט איינמאָל געמוסרט : מען טאָר נישט אַרויסשטעלן קיין מענטשן פון אַ דירה ; דאָס איז אַ פאַרברעכן. מרס. קלאַרק האָט איר דערנאָך אַריינגעלאַכט אין פּנים. פאַרגעשטעלט זי פאַר די

פאַרזאַמלטע אַלס ווילדע, אַז זי איז אומגעטריי צו איר מאַן און צו אַלע־מען . . .

דער ריכטער האָט דאַן גערעדט כלומרשט זיסע רייד. ער איז אַ פריינט פון ביידע צדדים, אָבער ער מוז זאָגן דעם אמת, אַז וויליאַם וועט באַקומען אַ בעסערע דערציאונג ווען ער וועט פאַרבלייבן ביי פרידריכן... זאָל אַנאַ מיט איר גוטן ווילן צושטימען . . . זי איז נאָך אַ יונגע פרוי, אַ שיינע, איז דער פלאַן פיל בעסער פאַר איר אַליין ; זי וועט זיין פריי...

און אַז זי האָט געטופּעט מיט די פיס, נישט געוואָלט צושטימען צו שיידן זיך מיט איר קינד, זיינען ביי דעם ריכטער די רייד געוואָרן האַר־טער : „דאָס געזעץ וועט נישט דערלויבן אַז אַזאַ ווי אנא זאָל דערציען אַ פּאַסיקן זון פאַרן חשובן בירגער פרידריך באַלדווין” . . . „איינמאָל אַ וואָך וועט זי קאָנען זען איר יינגעלע ! דאָס געריכט האָפט, אַז אנא וועט נישט רופן קיין פּראָטעסט־מיטינג, ווי דער שטייגער פון אַזעלכע איז” . . .

אַ גרויס געלעכטער האָט אויסגעבראָכן אין געריכט־זאָל אויף איר חשבון. דער ריכטער האָט אַנגעקוואָלן פון זיין גוטן איינפאַל. ער האָט דעם עולם נישט גערופן צו אָרדענונג : זאָלן זיי לאַכן און לאַכן . . .

אנא האָט זיך אומגעקוקט צו איר פאַרטראַכטן גרויסן זון, לייטע־נאַנט וויליאַם באַלדווין און זי האָט געפילט ווי אַרומכאַפּן אים אינמיטן גאַס און אים קושן אָן אויפהער. ער אַליין האָט קליינערהייט באַשטימט זיין שיקזאַל : איבערגעלאָזט דאָס רייכע הויז ביים טאַטן און געקומען וואוינען צו איר. „אַ בראַווער יינגל שוין דאַן געווען”, האָט אנא גע־טראַכט. „ווען עס האָט געהאַלטן דערביי אַז מ׳זאָל איר אַריינזעצן אין תפיסה, באַשולדיקט אַז זי האָט געקידנעפּט וויליאַמען, איז ער, וויליאַם, מיט איר געקומען אין געריכט און געזאָגט הויך אויפן קול, אַז בלויז דער מאַמען האָט ער ליב, מער קיינעם נישט !” . . .

אנא האָט אַ קוק געטאָן אויף איר האַנט־זייגערל און באַשלאָסן צו גיין צום געריכט, באַגעגענענדיק זיך איצט אויג אויף אויג מיטן ריכטער, וואָס האָט איר נישט געוואָלט אָנפאַרטרויען איר אייגן קינד צו דערציען; זאָל ער טאַקע זען וויליאַמען און פאַרפירן מיט אים אַ געשפּרעך . . . אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט פרייד. זי האָט זיך געווענדט צו וויליאַמען :

— זון מיינער, לאָמיר כאַפּן אַ שפּאַציר צום געריכט. ריכטער סקעדראָן, דיין טאַטנס בעסטער פריינט, טיילט איצט אויס זיין גערעכ־טיקייט . . . אַז ער וועט אונדז דערזען, וועט זיין האַרץ ווייכער ווערן...

איך וועל אים לאָזן וויסן, אַז וועגן דיר דאַרף ע רזיך שוין מער נישט זאָרגן. ער האָט זיך פאַר מיר איינמאָל באַקלאָגט, אַז צוליב דיר שלאָפט ער נישט ביינאַכט . . .

וויליאַם האָט איר אָנגענומען אונטערן אָרעם, געלערנט דער מאַמען ווי צו שפּאַנען אויף אַ מיליטערישן אופן, און ביידע האָבן דערביי האַרציק געלאַכט.

פאַרבייגייער האָבן זיך געסודעט:

— ווייסט איר ווער זיי זיינען?

— וואָס דען, נישט?

— דער זון אַ לייטענאַנט און דער טאַטע . . .

— ששששש!

ריכטער סקעדראָן, אַ מאַן אין די פופציקער, אַ באַלייבטער, זיינע פלאַקסענע בלאָנדע האָר פריש פאַרקעמט, איז שוין געזעסן אויבנאָן, אָנגעטאָן אין זיין שוואַרצן כאַלאַט, און מיט גרויסקייט געמשפּט. ער האָט זיך צייטנווייז געוויצלט, בעת איינער איז אָפּגעקומען מיט אַ לייכטער שטראָף:

— אַ צווייטן מאָל וועל איך אייך פאַרבעסערן!

דאָ און דאָרט האָט אויסגעבראָכן אַ געלעכטער און דער ריכטער האָט זיין גאָרגל אויסגעצויגן. גדלות האָט געשריען. אים איז מסוכן גוט געווען אויפן האַרצן . . .

לייטענאַנט וויליאַם באַלדווין האָט איבערגעריסן די שטילקייט אין געריכט הויז. ער האָט אַ הוסט געטאָן. דעם ריכטער איז עס נישט גע־ווען צום האַרצן. ער האָט געטראַכט, אַז דער הוסט איז צו־חוצפּהדיק. „אָט וועט ער זיך אַ וויצל טאָן אויף זיין שטייגער, אַז יענער וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן" . . .

דערווייל האָט ער אָהין געשיקט זיינע בייזע בליקן. אָפּיר געקוקט פון הינטער זיינע גרויסע שפּאַקולן און דערזען פאַר זיך אנאן, איז אים ממש קאַלט געוואָרן אין אַלע אברים. ער האָט אָוועקגעכאַפּט זיינע בליקן, געטראַכט: „איז עס מעגלעך?"

אנא האָט אים נאָכגעפאָלגט מיט אירע בליקן, אָנגעוויזן אויף ווי־ליאַמען: „אָט־דער לייטענאַנט איז מיין זון; איר געדענקט?"

דער ריכטער האָט זיך פּרובירט שטאַרקן, געהאַלטן זיך פעסט אָן ביידע פאַרענטשן פון דער ריכטער־שטול. ער האָט געוואָלט ריידן שטאָלצע רייד, אָבער זיי זיינען נישט געקומען.

די פאַרזאַמלטע האָבן זיך געשושקעט:

— וואָס האָט פּאַסירט ?

— ווער ווייסט ? !

— ער וויצלט זיך נישט מער !

דער ריכטער האָט געטראַכט ווי אַזוי זיך אָפּצופּאַרטיקן וואָס גיכער און זיך אַרויסכאַפּן דורך אַ הינטער־טיר. ער איז זיכער, אַז אַנאַ איז געקומען אַהער נישט פּאַר זיין טובה־וועגן. זי איז אַ שרייבערין און וועט וועלן ביי אים אינפאָרמאַציע וועגן איר געוועזענעם מאַן. ער וועט איר נישט קענען אָפּזאָגן ! אפשר זאָל ער זאָגן אַזוי : „אויב פרידריך האָט געהאַנדלט אַזוי נישט שיין, וועט דאָס געזעץ אפשר דאַרפן האַלטן אַן אויג אויף ווילִיאַמען״ . . .

ער האָט אַנאַן הינטערווייליעכס באַטראַכט און פאַרדרייט זיך : „ווי חוצפּהדיק זי שמייכלט צו אים ! ניין, זי וועט נישט דערלאָזן אַ שלעכט וואָרט אויף ווילִיאַמען ! זי וועט מאַכן אַ סקאַנדאַל ! אפשר וועט דער עולם זיין אויף איר זייט ? מ׳דאַרף אַלץ אָפּלייגן אויף אַן אַנדער טאָג און בעסער גיין אַהיים ! דאָס געזעץ האָט איצט גאָר קיין טעם נישט״...

דער ריכטער האָט זיך צוגעבויגן צום קלוירק. אַ שושקע געטאָן עפּעס אין זיינע אויערן. באַלד אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַמער. דער עולם האָט זיך אויפגעשטעלט. דער קלוירק האָט געלאָזט וויסן :

— עס איז צום באַדויערן, צוליב דעם שוואַכן געזונט־צושטאַנד פון דעם ריכטער ווערט די סעסיע געשלאָסן.

דער ריכטער האָט זיך בגנבה אַרויסגעשאַרט נאָך איידער מ׳האָט זיך אומגעקוקט. אַנאַ און ווילִיאַם האָבן זיך זייער צופרידן איבערגע־שמייכלט.ביידע האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער און גע־שטעלט זיגרייכע טריט.

# אַן אַנגעלייגטער גאַסט

אין שטעטל, טיף אין דער סאָוט, וואו די פאַמיליע האַלפערן האָט געוואוינט, האָבן כמעט אַלע שכנים שוין מיט טעג פריער געוואוסט, אַז די פאַמיליע ריכט זיך אויף אַן אַנגעלייגטן גאַס, וועלכן זי האָט שוין נישט געזען אַ פּאָר צענדליק יאָר. מר. האַלפערן האָט אַלעמען דער־ציילט, אַז ער איז מיט דעם דערוואַרטעטן גאַסט צוזאַמען געגאַנגען אין איין חדר, אַפילו אין גימנאַזיע און אַז ווען דער גאַסט, וואָס זיין נאָמען איז פּריד, וועט קומען צו פאָרן, וועט ער מיט זיך פשוט מיטברענגען שטיקער יוגנט־לעבן, וואָס דאָס פאַר־פאַלק האָט אין זייער געבורט־שטעטל איבערגעלאָזן . . .

די פרוי האַלפערן האָט זיך פאַר נאָענטע מענטשן אויסגעשטעלט מיטן גאַסט: שוין איינמאָל אַ מענטש! ער וועט האָבן צו דערציילן און דערציילן, וואָס ער האָט מיטגעמאכט ביי די נאַציס. זי און איר מאַן זיינען באמת גליקלעך, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט. זי וועט טאַקע מאַכן אַ פּאַרטי פאַר אַלע פריינט צו פרייען זיך מיט זייער גאַסט.

מר. האַלפערן ווידער האָט געטראַכט: נישקשה, זיין געשעפט וועט שוין עטלעכע טעג זיך מעגן באַגיין אָן אים. ער וועט זיצן טעג און נעכט מיטן גאַסט און ריידן מיט אים וועגן אַמאָל . . . עס בענקט זיך אים צייטנווייז אַזוי נאָך יענעם לעבן! שוין קינדער דאָ דערצויגן, פונ־דעסטוועגן פילט ער זיך נאָך אַלץ נישט אַריינגעוואַקסן דאָ. ער פילט, אַז ער טאַנצט נאָך זיינע נישט־יידישע שכנים, כדי זיך איינצוקויפן ביי זיי און יענע לאַכן גאָר אפשר פון אים . . . דערצו האָט זיך ביי אים שוין אַזוי פאַרבענקט צו שפּילן אַ באַטעמטן שאָך ביי אַ היימיש גלאָז טיי, וואָס זעט אויס ווי בורשטין. אַ שאָד נאָר וואָס עס פעלט אויס דער היימישער מעשענער סאַמאָוואַר.

ווען די האַלפערנס זיינען אַרויסגעפאָרן מיט זייער רחבותדיקן אוי־טאָמאָביל צו דער באַן־סטאַנציע באַגעגענען פרידן, זיינען ביידע געווען שטאַרק פאַרקלערט. זי, די פרוי, האָט זיך געהאַט דערמאַנט מיט כמעט אַ ציטער אין האַרצן ווי זי האָט פרידן אַמאָל ליב געהאַט, ווי דער פאַר־חלומטער בחור האָט זי איינמאָל אין אַ זומער־נאַכט, אין שטאָטישן גאָרטן, איינגעקלאַמערט אין זיינע געזונטע אָרעמס און זי נישט אויפגע־

הערט צו קושן. זי האָט זיך ביי אים געבעטן: מלך, זאָג עפּעס! און ער: — דינה, הער זיך איין ווי די ביימער סודען זיך. זיי ריידן שוין פאַר אונדז . . . ווער ווייסט, צי וועט אים נישט איינפאַלן צו פּראָוועןאַזאַ סצענע אין איר מאַנס קעגנוואַרט? זי איז זיכער, אַז דעם מאַן וועט דאָס וויי טאָן. דאָס וואָלט אפשר אַפילו געווען אַ שטערונג, אַז ער, פריד, זאָל זיך דאָ מיט זיי אין שטעטל באַזעצן.

דער מאַן האָט ערשט נעכטן גערעדט וועגן פרידן. יענער וועט זיך לעבן אים פאַרדינען זיין ברויט. אפשר וועט פריד אַריינברענגען אַ פרישקייט אין דעם שוין צוגעגעסענעם שטעטלדיקן לעבן? אים איז צייטנווייז אַזוי אומעטיק דאָ, ער ווייס אַליין נישט פאַרוואָס. אים דאַכט זיך, אַז דער אָרום האָט אים נישט ליב און וועט אים שוין אפשר קיינמאָל נישט ליב האָבן . . .

ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער איז אַנומעלטן געגאַנגען העלפן זיינע קריסטלעכע שכנים אונטערזעגן אַן אַלטן בוים, וואָס האָט זיך צעוואַקסן לעבן דער קירכע, אַז זיינע צווייגן האָבן זיך געשטופּט אין די פענצטער ביז די שויבן האָבן אַזש געפּלאַצט. ער, האַלפּערן, האָט דאָרט אַזוי שווער געהאָרעוועט, דאָך האָט זיך אים געדאַכט, אַז די מענטשן לאַכן הינטער זיינע פּלייצעס: ווי קומט אַ ייִד אַהער! ווער בעט אים זיין טובה? אפשר ווייסט ער טאַקע נישט ווי אַזוי זיך אויפצופירן מיט זיינע שכנים? פריד האָט אַ סך מיטגעמאַכט, וועט ער זיך מיט אים אַן עצה האַלטן . . .

האַלפּערן האָט פּלוצים חרטה געהאַט: ער וועט זיך נישט גיין לערנען ביי פרידן ווי אַנצוגיין מיט זיינע קריסטלעכע שכנים! אַן אַלטגעזעסענער דאָ, וועט פרעגן עצות ביי אַ גריבעם, וואָס קומט ערשט אַריבער אַהער?

די פרוי האָט אים צוגעגעבן, אַז ער האָט טאַקע רעכט. זי קאָן זיך שוין אויף אים פאַרלאָזן . . . און צו וואָס זאָל ער אָפּשרעקן אַן אָנגעליטענעם מענטשן? פריד וואָלט זיכער געמיינט, אַז דאָ לויערט שוין ווידער אַ געפאַר אויף אַלע יידן. זי האָט אַ גלעט געטאָן דעם מאַן איבער דער פּלייצע. אַ סימן, אַז זיין עקשנות ביים איצטיקן מאָמענט איז איר געפעלן געוואָרן: מען דאַרף זיך אַפילו נישט אָפּשטעלן מיטן גאַסט אַז די שכנים זאָלן אים באַוואָרפן מיט פראַגן . . .

* * *

דער טיש, ביי וועלכן די פאַמיליע האַלפּערן און דער גאַסט פריד זיינען געזעסן און געגעסן זייער אָוונט־ברויט האָט אויסגעזען יום־טוב־

דיק. ער איז געווען באַדעקט מיט אַ שטייפן ווייסן טישטעך, ווייסע סערוועטקעס, פלעשער וויין, בראַנפן מיט היימיש געבאַקענעם לעקעך, אַלץ פאַרן גאַסט צוגעגרייט. רובין האַלפערן איז געזעסן אויבנאָן און געהאַט הנאה וואָס אַלץ איז אַזוי געראָטן און ער קאָן זיין יוגנט־חבר מאַכן אַזוי גוט פילן און פון אַ פשוטן אָוונט אין וואָך מאַכן אַ יום־טוב נאַכט.

רובין האָט מיט זיינע בליקן אַרומגעשמעקט דעם גאַסט און איז געבליבן פאַרחידושט: וואָס קרימט זיך עפּעס פריד? וואָס זאָל דאָס באַדייטן? איז עס מעגלעך, אַז אים איז שוין אַזוי ביטער אויפן האַרצן, אַז קיין פריילעכע שעה קאָן אים שוין נישט אָנגיין? אַ מבין ווי ער גיט זיך אַ וואָרף בעת די דינסט טראָגט אים עפּעס צו און באַדינט אים? עס וועט אים אַפּנים נעמען צייט ביז ער וועט זיך באַפרייען פון דער שרעק וואָס ער האָט איבערגעלעבט אונטער די נאַציס . . .

און פונקט ווען רובין האָט זיך געהאַט דערמאָנט אין אַ בילדל פון די קינדער־יאָרן, געוואָלט אַז פריד זאָל אים העלפן צעוויקלען זיינע זכרונות, האָט פריד אָנגעהויבן איינטענהן, אַז מען זאָל דער דינסט לאָזן זיך אָפּרוען. אַ נעגערטע פון מיטעלע יאָרן מיט גרויסע טראָפּנס שווייס אויפן שטערן, אַן אויסגעמאַטערטע, האַלט זי אין די הענט אַ דראַטענעם פליגן־טרייבער און לאָזט נישט קיין איין פליג אַרום דעם גאַסט. לויט פרידס מיינונג איז עס נישט מענטשלעך . . . עס איז אונטער זיין וויר־דע, אַז בשעת ער עסט, זאָל אַ מענטש טרייבן פון אים פליגן . . .

פרוי האַלפערן האָט אַ שמייכל געטאָן. עס האָט געמיינט: אויך מיר אַן עסק.

פריד האָט אָבער אויף איר אַזאַ קוק געטאָן, אַז זי האָט זיך דערפילט זייער אומבאַקוועם און ס׳האָט איר שוין פאַרדראָסן וואָס זי האָט גע־שמייכלט: אַריינגעפאַלן! האָט זי געטראַכט.

— טו מיר צוליב! — האָט זיך פריד געבעטן, — דאָס עסן שטעלט זיך מיר אין האַלדז. זאָל זיך די פרוי בעסער גיין אָפּרוען. די פליגן וועלן אונדז נישט אויפעסן.

מאַן און פרוי האָבן זיך באַגעגענט מיט די בליקן. אַקסלען האָבן זיך געצויגן: נו, מילא, ער איז דאָך נאָך אַ גרינער, פאַרשטייט ער נישט ווי מען דאַרף זיך האַלטן מיט נעגערס . . . אַן עק, זיי וועלן אים ס׳ערשטע מאָל צוליב טאָן. ער וועט זיך צוגעוואוינען.

די נעגער־פרוי, וועלכע האָט נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין פרידס כוונה, האָט געטראַכט, אַז אפשר וויל ער נישט קיין נעגער־מענטש ביים

טיש ? זי האָט אין קיך מיט צאָרן אָוועקגעשליידערט דעם דראָטענעם פליגן־טרייבער. זי הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין אָט־דעם מאָדנעם גאַסט. ערשט געקומען און שוין זאָגט ער דעות. אויב ער האָט גלייך געקאָנט פועלן ביי די האַלפּערנס אָפּצושאַפן אַלטע איינגעפונדעוועטע פירעכצן דאָ, איז ווער קאָן וויסן וואָס ער וועט מאָרגן וועלן אָפּשאַפן ? זי איז געבליבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. דער גאַסט האָט איר פאַר־שאַפט עגמת־נפש און פאַרוואָס ? זי האָט דאָך אַזוי שווער געהאָרעוועט צוליב אים . . .

ביים טיש האָט מען שוין מער נישט גערעדט וועגן דעם אַמאָל פון זייער געבורט־שטעטל, נאָר וועגן שוואַרצע און ווייסע. די קינדער אַפי־לו, וועלכע זיינען געווען שטאַרק פאַרטיפט אין די וויציקע מענטשעלעך פון די צייטונגען, האָבן אויך אָנגעשטעלט מויל און אויערן. מ'האָט זיך איבערגעוואונקען און געוואונדערט וואָס ביי זיי אין הויז געפינט זיך אַ מענטש וועגן וועמען טאַטע־מאַמע האָבן אַזויפיל גערעדט און ער פאַרנעמט זיך גאָר מיט אַזאַ נישט וויכטיקן ענין . . .

פריד האָט ווי אַרויסגעוויינט :

— די שוואַרצע האָבן דאָך ביי אייך דעם זעלביקן גורל וואָס מיר יידן ביי די נאַצים. דאָרט זאָגט מען אויך וועגן אונדז, אַז מיר זיינען אַ נידעריקע ראַסע. ווער ווייסט צי וועט מען עס דאָ אויך אַמאָל נישט הערן ?

דאָס עסן ביים טיש איז דערנאָך צוגעגאַנגען שלאָבערדיק — מיט אַ צעברעקלטן ריטם. גאָפּל, לעפל און מעסער האָט מען פאַמעלעך אַוועק־געלייגט אָן כוחות ווי זיי וואָלטן געווען חולאים אין אַ שפּיטאָל.

שפּעט אין אָוונט האָט די דינסט אַריינגעקוקט אין דעם גרויסן אויפ־נעם־צימער, וואו די פאַמיליע מיטן גאַסט זיינען געזעסן אַרום דעם צע־פּאַלאַכעטן פייער־אויוון. אַלע מיט פאַרפאַליעטע פּנימער. דער גאַסט האָט גערעדט שטיל. מאַן און פרוי האָבן זיך מיט גרויס דרך־ארץ צו־געהערט צו אים. אַפילו זייער געלער הונט וועלכער איז אינמיטן שטוב געלעגן, האָט געקוקט פרידן אין מויל אַריין. די לאַנגע אויערן זיינען האָבן ביי אים געציטערט, ווי דער ענין וואָס פריד דערציילט, וואָלט אים זייער שטאַרק אָנגעגאַנגען . . .

די דינסט האָט נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס מען רעדט. זי האָט זיך געלאָזט גיין צוריק אין קיך. שפּעטער האָבן זיי אין אויפנעם־צימער אַרום דעם צאַנקענדיקן פייער שוין גערעדט וועגן זייערע אַמאָליקע שטי־פערייען אין דער אַלטער היים און אַלע האָבן געלאַכט. דער הונט האָט

זיך אויך דערפילט פריילעך. ער האָט זיך צעבילט, געטוליעט זיך צום גאַסט. און אזוי אַרום אויסגעדריקט זיין פרייד. דער דינסט אין קיך איז געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן, איר האָט זיך געדאַכט, אַז איצט רעדט מען שוין וועגן אירע מענטשן. זי האָט געטראַכט, אַז די ווייסע פון אַנדערע ערטער זיינען אַפּנים נישט בעסער ווי די פון דער סאַוט. וואָס וויל מען פון די אָרימע נעגערס? זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם נאָכמי־טיק ווען מען האָט איר אַוועקגעשיקט מיטן פליגן־טרייבער. עס איז איר באַלד געקומען אויפן זינען, אַז דאָס איז זיכער נישט פאַר איר טובה וועגן. אַלע מענטשן זיינען גאָטס קינדער, אירע מענטשן אָבער זיינען ווי שטיף־קינדער . . . זאָל דאָס מעגלעך זיין, אַז עס איז דערפאַר, ווייל אויבן אין הימל זיינען זיי אַלע ווייסע, די מלאכים, און אפשר גאָט אַליין? . . .

רובין האַלפּערן האָט לאַנג נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט נאָכ־געטראַכט וועגן זיין גאַסט פריד, וועגן זיינע אַנצוהערענישן, אַז יידן דאַרפן זיין אַנדערש צו נעגערס, אַז מען דאַרף זיך נישט יאָגן נאָך רייכ־טום און פאַרגעסן וואָס עס לויערט איבערן קאָפּ . . . ער האָט שווער אָפּגעזיפצט און זיך דערפילט ווי אָפּגענאַרט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז פריד וועט אים אַריבערברענגען דאָס היימישע קליינשטעטלדיקע לעבן פון אַמאָל. צום סוף, אָט האָסטו דיר! און וואָס זאָל ער איצט אָנ־הויבן טאָן מיט אים? ער קאָן דאָך נישט אָפּשטויסן אַן אַמאָליקן חבר. יענער האָט זיך דאָך געגנוג אָנגעליטן. אָבער צוריק געשמועסט, אויב פריד וועט כאַפּן די לאַנד־שפּראַך און נעמען ריידן צו דעם און צו יענעם איז וואָס וועט מען זאָגן וועגן אים, דעם אָנגעזעענעם בירגער? צו אים אין שטוב קומען דאָך די סאַמע פירער פון שטעטל, אַפילו דער מעיאָר . . .

פרוי האַלפּערן האָט זייער באַדויערט ווי שלעכט פריד האָט אויס־געזען. זי האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט צו באַגעגענען אים אַזאַ טרויע־ריקן. נו, צוליב אים וועט זי שוין דער דינסט נעמען באַהאַנדלען גאַר אַנדערש. גוט וואָס פריד האָט איר דערמאָנט, אַז זי האָט אינדערהיים אויך פיינט געהאַט די באַלעבאָסטעס מיט די בונטן שליסלען, וועלכע פלעגן שלעכט באַהאַנדלען זייערע דינסטן. יאָ, מען דאַרף זיין ליבעראַל צו מענטשן . . . און זי וועט זאָגן רובינען, איר מאַן, אַז מען דאַרף מאַכן אַ שטיקל שמחה לכבוד דעם גאַסט. מען האָט דאָך די שכנים צוגעזאָגט: וואָס וועלן זיך יענע טראַכטן? נישט אַנדערש, אַז מען איז קאַרג געוואָרן . . .

דערנאָך האָט זי געטראַכט, אַז ווער ווייסט, אפשר קאָן נאָך רובינען קומען אויפן זינען, אַז זי איז אַזוי געטריי פרידן, ווייל אירע אַמאָליקע

געפילן צו אים טליען נאָך ביי איר אין האַרצן . . . זי האָט זיך פאַר־רויטלט. אפשר זיך גאָר נישט מישן ? זי איז דאָך אַ מאַמע פון דער־וואַקסענע קינדער . . . זי וועט בעסער אָפּרופן דעם ראַבאַי פון זייער טעמפּל, זאָל ער ריידן צו רובינען.

דער ראַבאַי איז געווען צופרידן מיט דער מיסיע. דעם זעלביקן נאָכ־מיטיק נאָך, האָט ער זיך באַוויזן ביי האַלפּערן אין געשעפט. ער האָט געטראַכט, אַז דער טעמפּל דאַרף אויך האָבן עפּעס אַן אויפלעבונג . . .

האַלפּערן האָט זיך גראַדע געלאָזט ריידן. פאַרוואָס נישט ? איין זאַך וויל ער נאָר פון דעם ראַבאַי, אַז ער זאָל האַלטן אַ רעדע ביי דער שמחה. מען דאַרף זיך נישט פאַרלאָזן אויף פרידן. מיר ווייסן אויך, וואָס עס האָט זיך דאָרטן ביי די נאַציס אָפּגעטאָן. אויב דער גאַסט וויל אָפּגעבן אַ גרוס, זאָל ער ! אָבער זיין מוסר זאָגן דאַרף ער נישט ! דאָס זאָל ער לאָזן צום ראַבאַי . . .

דער גאַסט פריד איז שוין געווען אין שטעטל אַרום אַ וואָך, ווען די האַלפּערנס האָבן פאַר אים געפּראַוועט די שמחה. דאָס הויז איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. פריד האָט אויסגעזען זייער צופרידן. ער האָט יעדן באַזונדער געדריקט די האַנט אויף אַ היימישן שטייגער.

די פרוי האַלפּערן האָט הנאה געטאָן וואָס זי האָט דער דינסט באַ־פוילן צו באַשטעלן נאָך אַ נעגער־פרוי צו זיך. זאָל זי נישט אַרבעטן אַזוי שווער. זאָל דעם גאַסט נישט זיין פאַרשטערט די שמחה. האַלפּערן ווידער האָט זיך בעת מעשה געסודעט מיטן ראַבאַי. זאָל ער נישט פאַר־געסן, אַז ער דאַרף האַלטן אַ רעדע, נישט דער גאַסט. ווייל ערשטנס פאַרשטייען דאָך נישט אַלע אונדזער שפּראַך. צווייטנס הייבט נאָך פריד נישט אָן צו פאַרשטיין דעם היגן אַרט לעבן . . . אים דאַכט זיך, אַז מען קאָן דאָ טאָן וואָס מען וויל . . . ער האָט אַ טעות ! דערפאַר וועט ער אים לאָזן ריידן אין טעמפּל. פריד האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל . . .

# אַ שטיין אין פענצטער

דאָס שטעטל האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו באַוועגן. דאָ און דאָרט האָט זיך אַ האָן מיט שטאָלץ אויפגעשטעלט און זיין לעצטן קריי געטאָן, ווי אַ וואָרענונג צו די איינוואוינער וואָס האָבן זיך פאַרשלאָפן. ביים איינציקן קאָוואַל אין קוזניע האָט אַ שטיק אייזן אונטער דער קאָוואַדלע געיעכצט, ווי באַקלאָגט זיך וואָס עס ווערט אַזוי געפּייניקט און דאָס יעכצן האָט זיך געטראָגן איבער געסלעך דורך אָפענע פענצטער אין די הייזער אַריין.

רובין האַלפּערן האָט געפירט אַ געשפּרעך מיט זיין פרוי דינה וועגן בעכטיקן באַזוך ביים זון העראָלד אין קעמפּ. ער האָט איר דערמאָנט וועגן בחורס רייד, אַז אים הייבט נישט אָן צו געפעלן ווי אַזוי מען באַציט זיך צו די נעגער־סאָלדאַטן, וועלכע מען האַלט אָפּגעזונדערט. „אויב זיי וועלן אויך איצט האָבן ביטערע געפילן צו די ווייסע, ווען די מלחמה ליידן פון דעם; ווי אַזוי וועלן זיי קאָנען פאַרבלייבן ביי זייער פּאַטריאָטיזם?” ווי העראָלד האָט זיך עס דערפרייט ווען ער האָט אים געזאָגט אויפן אויער, אַז דער טאַטע זיינער האָט פאַר דעם טאָקע אונטערגעשריבן אַ פּעטיציע דעם נעגער וואַטסאָן, ווען אַלע אין שטעטל קאָנען אַז ער שטעלט זיך אַלעמאָל איין פאַר זיין ראַסע.

רובין האָט געלויבט העראָלדן. כאָטש ער האָט זיך אויפגעכאָוועט דאָ, אין דער סאַוט, האָט ער אַ גוט האַרץ. ער האָט מיט זיין צייג־פינגער ווי געוואָרנט דער פרוי זיינער, אַז זי זאָל נישט מיינען, אַז זייער בחור העראָלד איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון זיין יוגנט־חבר פריד, וועלכער איז מיט זיי געוועזן אַ שטיקל צייט. זאָל זיך נאָר דינה דערמאָנען, אַז ער איז אַלעמאָל געוועזן אַ ליבעראַלער מענטש! מען איז דאָ אין דער סאַוט אַביסל פאַרגרעבט געוואָרן און פריד האָט בלויז דערמאָנט וואו יידן האַלטן איצט אין דער וועלט. אָט זעט זי דאָך, אַז די שכנים, אויך יידן, זיינען נאָך אַלץ ווי געוועזן. אַנו, צי האָט איינער פון זיי געוואָלט אונטערשרייבן וואַטסאָנס פּעטיציע?

ווען רובין איז שוין געשטאַנען גרייט מיט די שליסלען אין האַנט צו גיין עפענען זיין קראָם, האָט אים די פאַרשוויצטע נעגער־דינסט מערי דערלאַנגט אַ בריוו. רובין האָט איר באַדאַנקט און געעפנט דעם קאָנווערט, אָנגעטאָן זיינע שפּאַקולן און געלאָפן גיך איבער די געשריבענע

שורות. באַלד האָט זיך כּעס אויסגעשפּרייט אויף זיין פּנים. זיין נאָז האָט זיך אָנגעהויבן צו קאַרטשען, ווי צו אים וואָלט זיך נאַרוואָס דער־טראָגן אַ שלעכטער ריח . . . די פרוי זיינע האָט עס גלייך באַמערקט. זי איז צוגעקומען גאַנץ נאָענט צו זען וואָס אין דעם בריוול שטייט גע־שריבן. דער מאַן האָט אָבער געהאַלטן דאָס באַשריבענע בויגעלע פּאַ־פּיר אַזוי, אַז זי האָט קיין איינציקע שורה נישט געקאָנט איבערליייענען.

דינה האָט זיך געפונען באַליידיקט וואָס דער מאַן אירער היט זיך פאַר איר. זי האָט באַשלאָסן אַז דער אָנגעקומענער בריוו איז פון זיין יוגנט־חבר פרייד. ער שרייבט אוודאי, אַז מען זאָל אים אַרויסנעמען אַהער צו באַזעצן זיך; וואָס אייגנטלעך דאַרף זיך איר מאַן אַזוי קרי־מען? ווי עס זעט אויס איז ביי אים נאָך אַלץ פאַרבליבן אַ פונק פון אייפערזוכט אויף איר . . . ווי נאַריש אַ מאַן איז! וועמען ליגט איצט אין קאָפּ אַמאָליקע ראָמאַנסן? בלויז דעם ערשטן מאָל ווען פרייד האָט באַדאַרפט קומען צו גאַסט פון יענער זייט ים האָט זיך איר דערמאָנט פון איר פריער יוגנט, ווען זי מיט פרידן זיינען אין זייער געבורט־שטעטל צום ערשטן מאָל געזעסן אויף אַ באַנק אין שטאָטישן גאָרטן ביז העט שפּעט ביינאַכט. ער האָט פאַר איר דעקלאַמירט וועגן דער לבנה מיט די שטערן און זי האָט זיך צעלאַכט הויך אויפן קול. זי איז געווען דאַן זייער אַ פאַרשייט מיידל. ווי טאַמעוואָטע פרייד האָט איר דאַן איבערגעפרעגט פאַרוואָס זי לאַכט?

דינה האָט אָפּגעזיפצט. ביי דער איצטיקער צייט האָט אַ מאַמע נישט אינזינען אירע מיידלשע יאָרן. איר טראַכט זיך סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט וועגן איר זון דעם סאָלדאַט, אַז ער זאָל העלפן אומברענגען די נאַציס און אַרויס אַ לעבעדיקער . . . מען זיצט ביים טיש און מען עסט און ס'וואַרגט אין האַלדז ווען מען קוקט אויף דער ליידיקער שטול, אויף וועלכער הערשל איז געזעסן . . . דער קאָפּ איז איר פאַרנומען בלויז מיט אים, אָבער דער מאַן וויל איר אַפּנים נישט פאַרשטיין. זי האָט באַ־שלאָסן אַוועקצוגיין פון הויז, אויף אַ שפּאַציר מיט זיך אַליין, ביז דער כּעס וועט ביי איר אָפּגיין . . .

ראובן האָט איר פלוצים דערלאַנגט דאָס בריוול. כּמעט צוגעוואָרפן. דינה האָט געטראַכט, אַז זי וואָלט עס נישט באַדאַרפט לייענען, זאָל ער וויסן אויף אַ צווייטן מאָל! נו, איז זי אָבער נייגעריק, האָט זי אָנגע־הויבן לייענען ווי לפנים. געהאַלטן דאָס בויגעלע באַשריבן פּאַפּיר ווייט פון די אויגן, צו ווייזן דעם מאַן, אַז דער ענין גייט איר איצט מער נישט אָן . . . דער מאַן האָט זיך בעת מעשה געבייזערט:

— ביסט אַ מבין ווי דאָס מענטשעלע וויל נישט וויסן פון דער קריטישער צייט ? איצט פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס מען זעט נישט אַן דעם גויעץ ביי אונדז אין הויז ! ער פלעגט דאָך קריגן די נכפּה פאַר אונדזער ווייַן. אַז ער האָט זיך אָנגעזשליאָקעט, האָט ער אַלעמאָל גע־האַט דאָס זעלביקע לידל : רובין, ביסט אַ גוטער ייִד, דו טראָגסט אויף דיין קאָפּ אונדזער קירכע, פּונקט ווי דיין אייגן טעמפּל . . .

דינה האָט שוין באַשטימט געוואוסט, אַז דער בריוו וואָס האָט איר מאַן פאַרשאַפט אַזוי פיל עגמת־נפש, קומט פון דעם שטעטלדיקן מעיאָר. ער האָט געוואָרנט, אַז מען זאָל זיך אויפהערן האַלטן אַזוי נאָענט צו די נעגערס. אויב איר מאַן שטעלט זיך אויף זייער זייט, וועט ער מער ניט האָבן קיין פּלאַץ דאָ אין שטעטל. צו ערשט האָט ער גערעכנט, אַז אַלץ וואָס מען דערציילט אים וועגן רובין האַלפערן איז בלויז רכילות. די נישט־יידישע קרעמער קאָנען נישט פאַרליידן וואָס צו אים אין קראָם אַריין ציען זיך אַזויפיל נעגערס, אָבער ווען ער האָט דערזען פאַר זיינע אויגן רובינס חתימה אויף אַ פּעטיציע פאַר שוואַרצע סאָלדאַטן, איז פאַר אים אַלץ קלאָר געוואָרן. דעם נעגער וואַטסאָן דאַרף ער אַפילו נישט וואָ־רענען, עס וועט אים שוין באַנג טאָן . . . אָבער אַן אַלטן פריינט ווי ער, האַלפערן, ראָט ער צו זיין לאָיאַל ווי געוועזן . . . ווען מען וועט אים רודפן, וועלן די נעגערס פאַר אים זיך נישט אָננעמען. זאָל ער לייענען די שורות פאָרזיכטיק. עס האַנדלט זיך וועגן דעם כבוד פון זייער שטעטל, וואו ער האָט געמאַכט אַ פאַרמעגן, דערצויגן פיינע קינדער. די בירגער וועלן אים נישט טאָלערירן מער, און ער, דער מעיאָר, מוז זיך רעכענען מיט די קריוודעס פון דער מאַיאָריטעט . . .

דינה האָט אַ שליידער געטאָן דאָס בריוול אויפן שטרוי־געפלאָכטע־נעם דיוואַן : אַזאַ חוצפּה פון אים ! זיין זייטיקע געליבטע האָט ער פאַר זיך אויסגעזוכט גראָדע פון די נעגער. ער שלעפּט זיך אַרום אין דער פינצטער מיט דער מיידל סיליע. ער קויפט פאַר איר זיידענע זאָקן; ווער ווייסט עס נישט ? און ער שרייבט צו איר מאַן רובין נישט צו פאַרשאַפן אומכבוד צום שטעטל. נישטאָ ווער עס זאָל האָבן דעם מוט צו זאָגן דעם מעיאָר וועגן דעם גרויסן כבוד וואָס ער טיילט צו זיינע ביר־גער . . .

— רובין, וואָס רעכנסטו צו טאָן ? — האָט דינה מיט אָנגעשטרענג־טער רואיקייט אַ פרעג געטאָן.

— איך וועל אַהער רופן דעם מעיאָר אונדזערן און אים אויסרעכע־נען אַ צעטל פון די נעגער, וועלכע זיינען שוין אַוועק פאַר סאָלדאַטן, ווי

גרויס אין צאָל זיי זיינען! יענע גייען געבן זייערע לעבנס פאַר אונד־זער פרייהייט, באַדאַרף מען בייטן דעם טאָן צו זיי . . . עס איז אַנ־דערע צייטן! ער מעג וויסן. איך וועל אים זיך נישט שעמען צו זאָגן, אַז יידן דאַרפן זיך לעבן ברידערלעך מיט אַלע געקריוודעטע מענטשן . . . מיר וועלן נישט דערלאָזן, אַז זיין „קלען", די פינצטערע אָרגאַניזאַציע, זאָל שלעכטס טאָן דעם גוטן נעגער וואַטסאָן.

דינה האָט אָפּגעזיפצט:

— גערעכטע טענות, אָבער דעם מעיאָר אונדזערן וועט אַ גלאָז וויין גיכער קריכן אין קאָפּ אַריין, ווי דיינע רייד . . .

מאָן און פרוי זיינען געבליבן זיצן שטיל אָן לשון.ביידע האָבן אויסגעזען שטאַרק באַזאָרגט וועגן דער וואָרענונג פון דעם מעיאָר. די נעגער־פרוי מערי, זייער דינסט, וועלכע האָט אָפּגעראָמט פון טיש, האָט אַזש אַ ציטער געטאָן ווען זי האָט אויף זיי איר ערשטן בליק געוואָרפן. זי האָט באַלד געטראַכט אַז עס איז צו זיי אַוודאי אָנגעקומען אַ שלעכטע בשורה פון העראַלדן זייער זון אין דער אַרמיי, וועמען זי האָט פון קליי־נערהייט אָן געכאָוועט, געטראָגן אים אויף אירע הענט ווי אַן אייגן קינד. פאַרוואָס האָט זי באַדאַרפט צוברענגען אַט־דעם בריוו? זאָל איר גאָט אין הימל מוחל זיין . . .

אין קיך איז איר אַרויסגעפאַלן אַ טעלער פון האַנט. זי האָט זיך געמוסרט: פאַרוואָס האָט זי נישט געהאַט קיין מוט צו פרעגן אַ וואָרט אַפילו? איר באַלעבאָסטע דינה איז דאָך געוואָרן אַזאַ וואוילע פרוי. זי וועט נישט רוען ביז מען וועט איר פון אַלץ דערציילן . . .

רובין האָט זיך ראַפּטאַם אויפגעהויבן פון אָרט. ער האָט פאַר־רויכערט זיין ליולקע און אָוועקגעשפּאַנט אָן רייד. דינה האָט זיך גע־שטעלט צווישן די לאַנגע פאַרהאַנגען פון אַ פענצטער וואָס אין גאַס אַרויס, און אים לאַנג נאָכגעקוקט. ווען זי האָט אים שוין מער נישט אָנ־געזען, איז איר איינגעפאַלן צו גיין היינט אַביסל פריער ווי יעדן טאָג צו מרס. קוירש אין הויז אַריין, וואו אַ צאָל פרויען קומען זיך צונויף צו שטריקן סוועטערס פאַר די סאָלדאַטן. זי וועט דערציילן זיי וועגן דעם בריוול פון מעיאָר. זי וויל הערן זייער מיינונג . . .

דינה איז שוין געשטאַנען אויפן גאַניק בעת די דינסט איז הינטער־געקומען. אירע גרויסע אויגן האָבן אויסגעזען אומעטיק בעת זי האָט זיך נאָכגעפרעגט וואָס עס גייט פאַר אין הויז. דינה האָט איר באַפוילן נישט צו זאָרגן זיך. זי האָט איר פאַרזיכערט, אַז העראַלד איז געזונט און שטאַרק. ער האָט איר טאָקע געשיקט אַ גרוס. נאָכדעם האָט זי זיך

געלאָזט גיין. די דינסט האָט געצויגן מיט די אַקסלען: עפּעס באַהאַלט מען פון איר. בעת זי האָט אינדרויסן געפּאָמפּעט וואַסער אין אַ קעסל אַריין, איז זי נאָך אַלץ געווען באַזאָרגט: — פאַרוואָס האַלט מען איר פאַר אַ פרעמדע? דער קעסל איז שוין געווען איבערגעגאָסן, אָבער מערי האָט נאָך אַלץ געפּאָמפּעט . . .

רובין האַלפּערן האָט געשפּילט שאַך מיטן ראַבאַי ביי זיך אין קראָם. ביידע האָבן גערעדט וועגן דעם ברית פון מעיאָר.

— נו, וואָס איז אייער מיינונג, ראַבאַי, קאָנען יידן האַנדלען באַגלייך מיט די סאַוטערן לייט?

דער ראַבאַי האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן:

— מיר איז שוין דערעסן דאָ צו זיין. ווען איך בין אין אייער שטאָנד, וואָלט איך זיך באַזעצט אין דער נאָרד. יידן דאַרפן זיך דערווייטערן פון די ערטער וואו דעמאָקראַטיע ווערט אויסגעלאַכט. יידן זיינען נאָך אַלץ גלות־מענטשן. אָט אַ שטייגער אייער יוגנט־חבר פריד, ער האָט זיך קוים דערשלאָגן צו אייך און איר האָט אים געוואָלט האָבן לעבן זיך, איך ווייס דעם ריינעם אמת! צום סוף האָט איר אים גאָר אָפּגערעדט. מיר זיינען דאָ די פּעשקעס — האָט ער אָנגעוויזן אויפן שאַךברעט . . . — איר פאַרשטייט?

דערנאָך איז דער ראַבאַי געבליבן זיצן שטאַרק פאַרטראַכט וועגן זיך אַליין. ער האָט געלערנט און געלערנט וועגן יושר און גלייכהייט. געקומען אַהער צווישן היימישע מענטשן און מען האָט באַשלאָסן צו ווערן רעפאָרמירטע יידן און ער האָט זיי געהאָלפן. איצט איז ביי זיי אין די קעפּ אַ מיש־מאַש — טעמפּל און קירכע. דו גיין אַהין, און יענע קומען אַהער און מ'האָט זיך פיינט ביז גאָר. אַזאַ טאָלעראַנץ איז חוזק . . . זיין פרוי נעמה איז גערעכט: מ'האָט נישט קיין אייגנאַרטיק פּנים דאָ. אים טוט שוין באַנג וואָס ער האָט נאָרוואָס געראָטן האַלפּערן צו באַזעצן זיך אין דער נאָרד. דער איינציקער מיטגליד פון טעמפּל מיט וועמען מען קאָן ריידן אַ וואָרט אויסער דער קראָם . . . מיט אים פאַרברענגט ער עטלעכע מאָל אַ וואָך ביי אַ שאַך־פּאַרטיע.

אים האָט זיך אָנגעהויבן צו באַמבלען אין קאָפּ פרידס מיינונגען ווי אַזוי ייד און גוי קאָנען זיך לעבן אין אחדות און ער האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר זיך אַליין, אַז ער וועט ווען עס איז אין טעמפּל די ווערטער אַרויסזאָגן. עס פּאַסט נישט אַזעלכע רייד אויף די ליפּן פון אַ ראַבאַי . . . צוריק געשמועסט, האָט ער נישט פאַר די יידן דאָ קיין איינציק טרייסט־וואָרט. אָט אַזוי ווי ער איז האָט ער זיך אַליין פיינט . . .

רובין האַלפּערן איז אַהיים געקומען אַן אויפגעלייגטער. דער ראַ־באַי איז טאַקע גערעכט. ער האָט דעם מעיאָר אין דער ערד, זיי וועלן זיך באַזעצן אין דער נאָרד. שוין צייט צו ווערן יענקיס, — האָט ער זיך געוויצלט פאַר דער פרוי. דאָרטן וועט פריד קאָנען זיין לעבן אים. וואָס נאָך: ער וועט זיך אָפּרעכענען מיט די פיליסטער־קעפּ פון דאָנען. דעם בריוו וואָס דער מעיאָר האָט אים צוגעשיקט וועט ער לאָזן אָפּדרוקן אין אַלע צייטונגען פון דער נאָרד און זאָל די וועלט וויסן דעם אמת וועגן דער סאוט . . .

דינה האָט געשוויגן. זי האָט געטראַכט: מען וואוינט שוין דאָ אַ פערטל יאָרהונדערט, אויפגעכאָוועט קינדער, זאָל מען זיך ביי די יאָרן גיין „צעברעכן" און אָנהייבן בויען פונדאָסניי? עס איז ניט גוט. אָך, וואָלט מען איצט באַדאַרפט צו האָבן דאָ פרידן! ער איז וועלטלעכער פאַר איר מאַן. ער וואָלט גיכער געוואוסט ווי אַזוי אַזאַ ענין צו באַ־האַנדלען. וואָס קען מען זיך העלפן ווען מען וואוינט אין אַזאַ העק, וואו דאָס לעבן איז אַזוי אַנדערש, אַז לינטשן אַ נעגער איז אַ מצווה . . . מען טוט זיך אָן די יום־טובדיקע קליידער צו פּראַוון די שמחה . . . צאַפּלט זיך אַ לעבן פאַר זייערע אויגן, טראָגן זיך זייערע ווילדע געלעכ־טערס ביז צום הימל און גאָט שווייגט . . . און פאַרוואָס זאָלן זיך די נעגערס אַליין ניט אַרויסשטעלן? . . .

דער מאַן האָט זיך אויף איר געבייזערט: אַז ער באַראָט זיך עפּעס מיט איר, שווייגט זי!

דינה האָט זיך צוגערוקט צו אים גאַנץ נאָענט. זי האָט אים גע־צערטלט, ווי ער וואָלט געווען איר גרויסער זון. זי פאַרשטייט זיין האַרץ! ער האָט מיט שווערער מי אויפגעבויט אַ נעסט און אָט קען זי צעשטערט ווערן. ער נויטיקט זיך אין איר עצה, און זי ווייסט אים ניט וואָס צו ראָטן . . . איר געפעלט אָבער ניט דעם ראַבאַיס עצה, אַז זיי זאָלן אַנטלויפן פון דאָנען . . .

רובין האָט וועגן דעם ענין מער נישט גערעדט צו זיין פרוי. זי האָט ביי אים נישט אָנגעהויבן צו וויסן וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן, נאָר מיט טעג שפּעטער, האָט זיך אין שטעטל באַוויזן זיין יוגנט־חבר פריד, ווי פון הימל אַראָפּ. קרעמער אויף די טירן האָבן זיך אָן אים איינגעקוקט: יאָ, עס איז ער! פרויען אויף גאַניקעס האָבן זיך געסודעט:

— ער קומט שוין אוודאי זיך דאָ באַזעצן!

— נו, פאַרוואָס נישט?

— ווער זאָגט דען עפּעס!

און אַז די דינסט מערי האָט אים דורך איר קיך־פענצטער דערזען, איז זי אַריין אַ פאַרשוויצטע צו די האַלפּערנס אין אויפנאַם־צימער אַ פרייליכע און אַ צעטומלטע. מ׳האָט ביי איר קוים אַרויסבאַקומען די ווערטער פון מויל: וואָס, ווער, ווען ? . . . מערי האָט זיך שפּעטער געטראַכט, אַז נאָר אַ גוטער מלאך האָט איר געהייסן אַרויסקוקן דורכן פענצטער צו דערזען פרידן, בכדי זי זאָל ברענגען די גוטע בשורה צו די אומעטיקע מענטשן דאָ . . .

ביים עסן האָט פריד גערעדט סודותדיק:

— שוין צייט אַז יידן זאָלן אויפהערן טראַכטן וועגן אַנטלויפן. שוין באַלד נישטאָ וואוהין צו לויפן . . . פאַרוואָס זאָלן אויך איצט די פּאָר צענדליק יידן דאָ זיין צעריסן צווישן זיך ? צי ווייסן זיי דען, אַז ביי דיר אין קעשענע ליגט אַזאַ בריוול פון זייער מעיאָר ? פאָלג מיך, רוף זיי אַהער צו זיך ! האָסט דאָך אַ גוטן אויסרייד — אַ גאַסט . . .

רובין האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש און איז אַוועק אין אַ צווייטן צימער, וואו דער טעלעפאָן געפינט זיך. ער האָט אויפגעהויבן דאָס טרייבל און באַצייטנס איינגעלאַדן שכנים צו זיך. ער האָט גערעדט און זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט:

— קומט, איר וועט ביי מיר טרינקען אַ היימיש גלעזל טיי פון סאַמאָוואַר, לכבוד מיין פּלוצימדיקן גאַסט.

דינה האָט בעת מעשה דערציילט פרידן, אַז דאָס רופט איר מאַן שכנים, מיט וועלכע ער האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט שוין אַ היפּשע צייט.

— אָט אַזוי איז דאָס לעבן דאָ ! — האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ טיפן זיפץ, — דער ראַבאַי נעבעך מאַכט שלום און אויף מאָרגן צעקריגט מען זיך ווידער.

אין אָוונט זיינען ביי די האַלפּערנס אין הויז געווען כמעט אַלע שכנים און אַרומיקע יידן. לעפעלעך אין גלעזער טיי האָבן געקלונגען, אַ פּאַרע איז געהאַנגען איבערן זאַל. רובין האַלפּערן האָט אויף אַ שעמעוודיקן אופן צעשפּרייט אויפן טיש דאָס בריוול פון מעיאָר. דער עולם האָט זיך איינגעשטילט. מ׳האָט זיך געווישט די פאַרשוויצטע פּנימער, און רובין האָט אַרויסגעלייענט פון בריוול בלויז אַ פּאָר שורות. טייל געסט האָבן בעת מעשה געדרייט מיט די קעפּ: אָט צוליב דעם האָט ער אונדז פאַרבעטן אַהער ? דער ראַבאַי האָט זיך אויפגעשטעלט און געלאָזט הערן זיין אומעטיק קול:

— עס איז געקומען די צייט, אַז די קליינע עדה יידן דאָ ביי אונדז

אין שטעטל זאָל זיך האַלטן צוזאַמען. מיר וואָלטן אַריבערגעוואָונען אַ סך ניט־יידישע פריינט קעגן דער דאָזיקער פירעכץ דאָ אין דער סאָוט. מר. האָלפערן האָט געהאַנדלט יושרדיק בנוגע די נעגערס, טאָ לאָמיר אים ניט לאָזן ווערן פאַרפאַלגט . . . ס׳איז אונדזער חוב צו העלפן דעם גע־רעכטן מענטשן, מר. וואַטסאָן . . .

— מיר גייען אַביסל צו ווייט ! — האָט דער קרעמער, מר. בער־נאַרד, געוואָרנט, — אין אונדזער הויפּט־שטאָט, אין וואַשינגטאָן, טומלט מען זיך שוין יאָרן און יאָרן צו בייטן, דורך געזעץ, דאָס לעבן פון דער סאָוט, און דערווייל האָט נאָך גאָר נישט פּאַסירט, דאַרפן יידן זיך נישט שטופּן פאָראויס !

— גערעכט, גערעכט ! — האָבן זיך דערהערט פאַרשיידענע קולות.

אַ צווייטער קרעמער, מר. בירנבוים, האָט מיט אַ בייזער האַנט זיי איינגעשטילט. ער האָט באַגריסט דעם ראַבאַי פאַר זיין רעדע :

— צום ערשטן מאָל אַז איך האָב דערפילט, אַז פאַר אונדז שטייט אַ יידישער פירער. ביז אַהער האָט אונדז דער ראַבאַי בלויז אינפאָרמירט וועגן דער ביבל און מיר זיינען ביי אים געווען די חשובע לייט. מיר האָבן זיך געפירט ווי מיר האָבן געוואָלט, צי עס פּאַסט פאַר יידן, צי ניט. איצט אָבער וואָרנט ער אונדז, אַז מיר דאַרפן זיך האַלטן צוזאַמען, באַ־דאַרפן מיר אים זיין דאַנקבאַר דערפאַר. מיר זיינען צופיל פאַרטאָן אין אונדזערע קראָמען, מיט דער קאָנקורענציע, זעען מיר נישט די געפאַר וואָס לויערט איבער אונדזערע קעפּ. איך האָב געהאַט דעם כבוד צו האָבן אַ געשפּרעך מיט דעם גאַסט פריד, וועלכער האָט זיך אַרויסגעראַ־טעוועט פון די נאַציס ; ער האָט מיר די אויגן געעפנט. איך דאַנק אים.

— האָט זיך מר. בירנבוים אויסגעדרייט צו פרידן, — איך וועל איבער־חזרן זיינע ווערטער : „ווי צו די מענטשן וועלכע עפענען זייערע אויגן ווען עס איז שוין דורכאויס פינצטער" . . .

דער אַנגעזעענער קרעמער, מר. קוירש, וועלכער פאַרמאַגט צוויי קראָמען אין פאַרשיידענע געגנטן פון שטעטל, האָט זיך דאָס מאָל מיט ברייטקייט אויפגעשטעלט גלייך נאָך בירנבוימען. זיינע באַקן זיינען געוואָרן אָנגעבלאָזן ווי צוויי פּוכירן. ער האָט גערעדט דראַמאַטיש :

— מיר האָבן אָפּגעלעבט דאָ צענדליקער יאָרן און מ׳האָט אונדז באַהאַנדלט ווי דזשענטללייט. ווייל מיר האָבן זיך אויפגעפירט לויט דעם גוטן שפּריך־וואָרט : „אַז דו ביסט אין רוים, טו ווי די רוימער טוען" . . . מר. בערנאַרד איז גערעכט, אַז די געזעצמאַכער אין וואַ־שינגטאָן ווילן דאָס לעבן דאָ נישט ענדערן, דאַרפן יידן זיך נישט נאַ־

ריש מאַכן . . . מר. האַלפּערן איז אַ קלוגער מענטש, מער געלערנט פאַר מיר, — איך גיב צו, אָבער זאָל ער מיר מוחל זיין, ער האָט זיך פאַרט באַנאַרישט. ער האָט בשום־אופן נישט געטאָרט אונטערשרייבן די פּעטיציע פון דעם נעגער וואַטסאָן! איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן, נישט ווייל איך בין אַזאַ שלעכטער מענטש, איר ווייסט עס: פּאַרוואָס זאָל טאַקע נישט געגעבן ווערן אַביסל מער יושר צו די שוואַרצע? ווער שמועסט נאָך, צו זייערע קינדער־סאָלדאַטן? די טענה איז אַ גערעכטע, אָבער מיר פאַרגעסן זיך אָפּנים, אַז יידן זיינען דאָ אויך ווי שטיף־קינדער . . . אָט קומט באַלד אַ פּייערונג פון דעם „קלען" און מיר אַלע דאָ ווייסן גאַנץ גוט, אַז די „קלעניקעס" זיינען ווילדע מענטשן, און דער מעיאָר איז איינער פון זייערע פירער, טאָרן מיר זיי נישט צערייצן. מיין פאַרשלאָג איז: זאָל מר. האַלפּערן זיך באַגעגענען מיטן מעיאָר . . . מיר דאַרפן אים נישט באַרגן קיין שכל...

אין הויז איז געוואָרן שטיל. מ'האָט זיך אָנגעהויבן איינציקווייז אַרויסרוקן. האַלפּערן איז געבליבן זיצן דעם קאָפּ אַרונטערגעבויגן. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיין יוגנט־חבר פריד, וואָס פאַר די אַלע יאָרן האָט ער זיך דאָ אין שטעטל קיין איין גוטן פריינט נישט געשאַפן וואָס זאָל זיך געוועזן אָננעמען זיין קריוודע . . .

פריד האָט אָפּנים פאַרשטאַנען זיין האַרץ. ער האָט אים געטרייסט:

— רוביק, די יידן וועלן קומען צו זיך. האָב נישט קיין מורא! מיר פירן איצט אַ פאָלקס־מלחמה און עס וועט זיי אויך אַ ברי טאָן. דיין מעיאָר מיט זיין „קלען" ווי איר רופט דאָ, וואָס איז אָנגעפילט מיט אַמעריקאַנישע נאַצים, וועלן באַלד פאַרלירן זייער ממשלה . . . אָבער איצט טאָר מען זיך נישט וואַקלען! האָסט געטאָן אַ גערעכטע זאַך, האָב זשע נישט קיין חרטה! עס איז גאָר נישט מעשה־סוחר . . .

האַלפּערן האָט געכאַפּט אַ קוק צו דער פרוי, וועלכע האָט געמאכט אָרדענונג. ווי אומעטיק זי זעט אויס! עפּעס ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע דאָ; אפשר איז איר מיינונג אויך אַז ער האָט זיך נישט באַדאַרפט אַרויסשטעלן? — איז ביי אים דורכגעלאָפן אַ מחשבה, — אָבער צוריקגערעדט, וואָס פאַר אַ פּנים וועט ער איצט האָבן פאַר מענטשן צו גיין זיך פאַרענטפערן פאַרן מעיאָר, בעטן ביי אים אַ מחילה? זיין זון הערט דער סאָלדאַט, וועט פאַר אים פאַרלירן דעם גאַנצן דרך־ארץ. ער וואָלט איצט באַדאַרפט האָבן רו, אַ סך רו.

פריד האָט נישט געקאָנט צוזען ווי מאַן און פרוי זיינען אַזוי צע־

רודערט.ביידע האָבן זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. יעדע ווייַלע האָט מען זיך באַזעצט אויף אַן אַנדער בענקל. ער האָט זיך אויף זיי כמעט געבייזערט:

— קוקנדיק אויף אייך איז מיר קאַלט געוואָרן. לאָמיר אַלע אָפּלייגן אויף מאָרגן. געגוג פאַר היינט!

אַלע דריי האָבן זיך כמעט אין דעם זעלביקן אויגנבליק אויפגעשטעלט. אָפּגעזעגנט זיך און פאַרשוואונדן הינטער באַזונדערע טירן...

* * *

אין דרויסן איז געווען פינצטער ביז גאָר. אַלץ אַרום איז געווען איינגעהילט אין אַ טיפן שלאָף. דורך אָפענע פענצטער האָט זיך געטראָגן אַ כראָפּעריי. אַ שכן מיט אַ שכן האָט זיך ווי אויסגעטענהט. אָפּט האָט איינער גענומען אַ גאַר הויכן טאָן ווי ער וואָלט זיך אויף דעם ערשטן געבייזערט. מיט אַמאָל האָבן זיך אין די פענצטער באַוויזן פייער־פלאַקערס. שטאַלצע פערד האָבן געהירזשעט הויך און ברייט. די רייטער אויף זיי מיט ווייסע כאַלאַטן אָנגעטאָן, האָבן כעס׳דיק געקלאַפּט מיט זייערע פיס אָן די פערדס בייכער. מ׳האָט געגישטערט מיט די בליקן פאַר אַ פאַרשפעטיקטן נעגער, אָפּצורעכענען זיך מיט אים פאַר וואָטסאָנען דעם נעגער, וואָס האָט דערלאַנגט די פעטיציעס צו דער שטאָט־רעגירונג, אַז מען זאָל די שוואַרצע און ווייסע סאָלדאַטן באַהאַנדלען גלייך, און פונקט ווען זיי האָבן אים געוואָלט געבן דעם „ריכטיקן" ענטפער, האָט ער זיך אָפּגעטראָגן פון שטעטל... באַלד האָט זיך דערהערט אַן איינגעהאַלטענע שטימע:

— אָט דאָ איז דעם יידן האַלפּערנס קראָם!

מיט גרויס רציחה איז אַ שטיין געפלויגן אין גרויסן שוי־פענצטער. באַלד נאָך אַ שטיין און נאָך אַ שטיין, און זיי האָבן גענומען זיך אָפּטראָגן. דאָס שאַרפע געהילך פון די פאָדקאָוועס אויפן אַספּאַלט האָט אָנגעהויבן וואָס אַמאָל שטילער און שטילער ווערן. עס האָט זיך נאָך געהערט אַ נצחון־געלעכטער און אַ הירזשעניש פון פערד.

דאָס בראַזגעריי פון דעם גלאָז האָט אויפגעוועקט קרעמער נאָך קרעמער, אָבער קיינער האָט נישט געוואָגט צו לויפן אין דרויסן אַרויס. מען ווייסט שוין פון פריער וואָס עס קאָן פּאַסירן...

דינה האָט זיך אויפגעזעצט אויפן בעט און כמעט סודותדיק גערעדט צו איר מאַן, וועלכער איז שוין אויך געזעסן וואַך.

— די קלעניקעס פראַוועז שוין ווידער אַ כוליגאַנישע שמחה . . .

— ביי וועמען האָט מען עס אויסגעזעצט די שויבן ?

— ווער ווייסט !

— אָט האָסטו דיר אַ פאַרבאָטענע אָרגאַניזאַציע אין דער סאוט !

פריד האָט נערוועז אַרומגעשפאַנט אין זיין צימער הין און צוריק:

— נישטאָ צו וועמען צו ריידן אַ וואָרט. — די פאַרדעקטע שרעק פאַר די נאַציס איז ביי אים געקומען צוריק. ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. — האָסט געהערט ? — האָט ער מיט זיך אַליין איינגעטענהט, — מ׳האָט דאָך אויסגעזעצט שויבן ! מ׳דאַרף אָנקלאַפּן אין אַ טיר . . .

אַ מורא איז געהאַנגען איבער די אויפגעוואַכטע שכנים:

— אפשר האָט מען אַלעמענס שויבן אויסגעזעצט ?

גאַנץ פרי זיינען יידישע קרעמער געשטאַנען מיט געבויגענע קעפּ לעבן רובין האַלפערנס קראָם. מ׳האָט באַטראַכט די אויסגעזעצטע שויפענצטער. דאָס שטערן־בענדל וואָס האָט געהאַנגען אַלס אַ צייכן אַז דער יונגער האַלפערן דער בן־יחיד איז אַ סאָלדאַט אין דער אַרמיי האָט זיך געוואַלגערט צווישן שטיקער גלאָז צעקנייטשט און פאַרשעמט ווי עפּעס אָן אַ באַדייטונג . . .

דער קרעמער בירנבוים האָט זיך דערביי דערמאָנט וועגן אַ פּאָגראָם, וואָס ער האָט בחורווייז איבערגעלעבט אין דער אַלטער היים. אין זיי־נע אויערן האָבן אָפּגעקלונגען שוין לאַנג־פאַרגעסענע יידישע וויי־געשרייען . . .

דער ראַבאַי, וועלכער האָט זיך ביז אַהער געסודעט מיט פרידן, האָט איבערגעשלאָגן אַלעמענס פאַרטראַכטקייט:

— מיר מוזן האַנדלען וועגן דעם ענין נאָך היינט ! — קעפּ האָבן צוגעשטימט איינער נאָכן אַנדערן, בלויז מר. קוירש האָט זיך געדונגען מיטן ראַבאַי:

— איך זאָג, אַז מען זאָל איינלאַדן אונדזער מעיאָר . . .

דער ראַבאַי האָט זיך צום ערשטן מאָל געבייזערט אויף קוירשן. ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרגעסן אַז דער ייד האָט צוויי קראָמען. זיין שטימע איז געווען אָנגעזאָפּט מיט טרויער:

— מיר האָבן בעסערע מענטשן פונעם מעיאָר, — האָט דער ראַ־באַי געטענהט, — אָבער לאָמיר צום ערשטן איינשטעלן אָרדענונג ביי זיך אַליין . . .

צווישן טאָג און נאַכט זיינען די טירן פון טעמפל געווען צעפראַלט. יידן האָבן זיך געלאָזט גיין גיך. כמעט אָן זייער ווילן האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט. מ׳האָט דעם גאַנצן וועג איינער צום צווייטן נישט גע־רעדט, מ׳האָט געהאַט אַ געפיל, אַז דער שטיין אין פענצטער ביי רובין האַלפערן איז אַ סיגנאַל צו אַלעמען . . .

# דערלעבט זיך אַ נקמה

אין הינטער־געסל איז געשטאַנען אַ הויקער־שטיבל מיט בייכיקע ווענט, קרומע פענצטערלעך מיט ווייניק שויבן אין זיי. די טיר איז שוין געהאַנגען אויף איין פאַרזשאַווערטער זאַוויעסע: ביי אַן אַלט־מאָדישן שוסטער־וואַרשטאַט, אויף אַ פּלאַטפאַרמע, איז געזעסן דער יונגער בחור אַרקע, געהאַלטן אינמיטן פאַרריכטן שיך. ער האָט אויסגעזען מיד און צעבראָכן. די אויגן מאַט, די האָר פון קאָפּ טיילווייז גרוי. אויף זיינע בלויע ליפּן האָט ער געהאַלטן אַ פּאָר הילצערנע שטיפטן. עס האָט זיך געדאַכט אַז ער וועט זיי באַלד נעמען אין מויל אַריין און זיי אַראָפּשלינגען. אַ דינע האַנט, ווי ביי אַ קינד, האָט געהאַלטן דאָס העמערל שלאַ־בערדיק, בלויז פון געוואוינהייט וועגן. ער האָט געקלאַפּט מיט דעם אויף אַ פּאָדעשווע און דער ריטם איז צעבראָכן געוואָרן.

שרעקנדיקע בילדער וועלכע אַרקע האָט מיט זיינע אייגענע אויגן צו־געזען און די וועלכע ער האָט געהערט וועגן זיי זיך שושקען צווישן ייד און ייד, האָבן זיך פון אים פאַר איין מינוט נישט געוואָלט אָפּטאָן — סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט. זיין מוח איז געוואָרן ווי אַ קינאָ־אַפּאַראַט, וואָס הערט נישט אויף צו בלענדן פאַר זיינע אויגן אַלע שוידערלעכע פּאַסי־רונגען פון היינט, נעכטן און אייערנעכטן . . .

אָט זעט ער פאַר זיך נאַצי־סטודענטן ווי זיי מאַכן זיך לוסטיק אי־בער אַלטע לייט מיט סידורים אין די הענט, וועמען מען האָט פאַרשלעפּט צום טייך און זיי באַפוילן צו שווימען. בעת די יידן האָבן זייערע הענט געהאַט אויפגעהויבן צום הימל — געבעטן רחמים, האָט מען זיי מיט די קני אַריינגעשליידערט אין טייך אַריין. מיט ווילדע קולות האָט מען זיי נאָכגעשריען: יידן, שווימט קיין פּאַלעסטינע! דער דריטער רייך דאַרף אייך נישט האָבן . . .

זיי האָבן זיך גלייכגילטיק אַוועקגעשפּאַנט גלייך ווי זיי וואָלטן שטיינדלעך אין וואַסער אַריינגעוואָרפן. מ׳האָט צווישן זיך גערעדט אַז די צייט איז נאָענט ווען די גאַנצע וועלט וועט אַרבעטן אויף די אַריער. זיי וועלן זיצן און טרינקען ביר, באַזאָרגן די נייע וועלט מיט מער „אוי־בערמענטשן" . . .

אָט זעט אַרקע פאַר זיך אַ וואַלד: דער ייד בערקע קראַנץ, וועל־כער פלעגט געבן לעקציעס צו די אַרבעטער און האָט אין יעדן האַרץ

באַזונדער ליכטיק געמאַכט, געגעבן האָפענונג פאַר אַ שענער לעבן, איז צוגעבונדן צו אַ בוים. דאָס מויל פאַרשטאָפּט, און די נאַציס לאַכן בעת דער אָפיצער פעליקס רעדט צו אים:

— יודע, דערצייל אונדז וועגן דיינע מאַרקסיסטישע אידייען! ער שעמט זיך, — וויצלט זיך פעליקס און די נאַציס אַרום לאַכן, לאַכן.

דערנאָך ווענדט ער זיך צו די יידן פון אַרום, וועלכע ער האָט אַהער געבראַכט:

— מיר וואָלטן אים צוגעשלאָגן צום בוים מיט טשוועקעס, ווי איר האָט עס געטאָן צו יעזוס קריסטוס, נאָר מען דאַרף די טשוועקעס פאַר דער מלחמה, — זיין גליק...

אַרקע דערזעט פאַר זיך זיין מוטער, זי זעט אויס ווי אַ באָבע. איר שטערן מיט אַזוי פיל קנייטשן! ער הערט איר קול: מיין קינד, די רשעים מאַכן מיר צו טאָן אומווירדיקע אַרבעט; פאַרוואָס נעמט מיך נישט דער טאַטע צו זיך? איך בין אים יעדן טאָג מקנא. אין קבר איז בעסער ווי ביי זיי דאָ... זי הערט נישט אויף צו וויינען: „באַהאַלט אויס דיין איינציקע שוועסטער רבקהלע, מ׳זאָל זי חלילה נישט באַלעס־טיקן... דו און זי — איר וועט נאָך זען די וועלט, אָבער יידיש לעבן טאָר נישט באַהעפטן זיך מיט טומאה... כ׳האָב, מיין קינד, אַזוי פיל רייד, אַז איך קען אַזש נישט ריידן"...

אַרקען ווילט זיך אויסשרייען: פאַרוואָס האָבן מיר היינט נישט יענע גיבורים, וועלכע ווערן דערמאָנט אין דער ביבל, אַז מען זאָל זיך אַקעגנשטעלן? ער האָט מיט זיין לינקער האַנט זיך געריבן דעם שטערן: מיר לעבן צווישן חיות אין וואַלד און מען וואַרט ביז איינער נאָך איינעם וועט פאַרצוקט ווערן; ווי אַזוי קאָן ער זיצן דאָ און פאַרריכטן די שיך פאַר זיינע אָרימע ברידער צו פאַרהיטן זיי פון דער קעלט וואָס קומט אָן, אַז דער גאַנצער לעבן איז נישט געזיכערט? צי ווייסן זיי דען נישט, אַז דער אָפיצער פעליקס גייט אַרום צונויפנעמען קליידער און שיך פאַר די סאָלדאַטן אויפן שלאַכטפעלד? ער קאָן דאָס אַליין אַלץ נישט באַנע־מען. זיין מוח איז ביי אים קראַנק געוואָרן, ער וויל מיט עפּעס צו אַ טאָלק קומען און אים איז אַזוי שווער! געדאַנקען יאָגן זיך ווי בייזע כוואַליעס אין ים...

ער האָט זיך ראַפּטאַם אויפגעהויבן, געלאָפן אין קיך אַריין, פאַר־שטייפט זיין קאָפּ מיט אַ קאַלטן האַנטוך...

דערנאָך, ווען אַרקע איז צוריקגעקומען, האָט זיין האַרץ ביי אים גע־וויינט: אַזויפיל לייטישע מענטשן אויף דער וועלט פאַראַן און מען באַ־

דויערט אפשר, אָבער צו־הילף קומט מען זיי נישט . . . דער כוס מיט ביטערקייט גייט שוין איבער. מען מוז אָפּגיסן אָביסל, אויב נישט, וועט די גאַל פּלאַצן! די פאַרלאָזטע נעגל פון זיינע מאַזאָליעס־הענט האָבן געשטאָכן די הויט בעת דער אָפּיצער פעליקס האָט זיך ווי אַריינגעגנבעט. ער האָט גלייך אויף דער שוועל נאָך אויסגעשריען:

— יודע, אויפשטעלן זיך!

אַרקע האָט זיך אָן זיין ווילן אויפגעשטעלט. די קני האָבן ביי אים געציטערט. אין מוח האָט געשריען: „הענקער! הענקער! וואָס באַ־ווייזטו זיך פאַר מיינע אויגן ווען דער צאָרן ברענט אין מיר?"

„שאַ, נאַר! איינער אַליין מיט אים אין הויז . . . טראַכט נישט! גיב אַ שליידער דעם האַמער און טרעף . . . קיל זיך ס'האַרץ און דער מוח וועט אויפגעריכט ווערן . . . פרייליכע געדאַנקען וועלן קומען צו־גיין. דו וועסט נישט מורא האָבן אַז ווען עס איז וועט ער דיין שוועס־טער אָוועקנעמען פון דיר" . . .

פעליקס האָט באַפוילן:

— יודע, אַלע שטיוול איינפּאַקן און ברענגען גלייך אין קאַזאַרמע אַריין פאַר די העלדן פון דריטן רייך.

— זיי זיינען נישט מיינע. זיי געהערן צו אָרימע מענטשן . . .

דער אָפּיצער פעליקס האָט מיט גרויסקייט צוגעשפּאַנט צו אַרקען, וועלכער האָט זיך נאָך עפּעס געקליבן צו זאָגן, אים דערלאַנגט אַ פּאַטש אין זיין לינקער באַק. און ווען אַרקע האָט זיך געהאַלטן מיט זיין ליב־קער האַנט ביי דער צעפלאַמטער באַק, האָט פעליקס אים דערלאַנגט נאָך אַ שטאַרקערן פּאַטש אין זיין רעכטער באַק און דערביי געלאַכט . . .

אַ מחשבה האָט געשריען אין אַרקעס מוח: „אָפּגעריסענער נאַר, גיב אַ שליידער דעם האַמער! פעליקס איז נישט קיין מענטש, עס איז נישט קיין עברה, ניין! פאַר דיר שטייט אַ וואַלד־גזלן. דו געדענקסט נישט וואָס דיין רבי האָט מיט דיר אין חדר געלערנט? הבא להרגך . . . אַז עמיצער קומט דיך הרגענען, זאָלסטו נישט וואַרטן" . . .

פעליקס, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען אַרקעס מחשבה־געראַנגל, האָט שוין געהאַלטן דעם רעוואָלווער אין האַנט. ער האָט געטופּעט מיט די פיס:

— קיין איין וואָרט פון דיר וויל איך מער נישט הערן! אין צען מינוט אַרום וויל איך האָבן די שיכוואַרג, אויב נישט . . . האָט ער גע־וויזן אויפן געלאָדענעם רעוואָלווער פול מיט הנאה. עס האָט געמיינט: מיין בעסטער פריינט וועט זיך מיט דיר ספּראַווען . . .

בייט אַרויסגאַנג האָט זיך פעליקס באַגעגנט מיט רבקהן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט ביי אַרקען אין אַ טאָן פון חוזק:

— דיין פרוי? דיין שוועסטער?

— וואָס שווייגסטו? דו שווינדלער! — ער האָט זיך שפּאָרזאַם פאַרנויגט פאַר רבקהן:

— ווער ביסטו?

— אַ מענטש בין איך...

אַרקע איז אויף איר בייז געווען וואָס זי האָט זיך איצט באַוויזן. זיינע הענט האָבן זיך געהאַט געטוליעט צו אַ קאָפּעטע: אָט־דער הענקער וואָלט שוין איצט געווען אפשר אויסגעצויגן, האָט זי אים באַדאַרפט איבערשלאָגן?

פעליקס האָט זיך געווענדעט צו רבקהן שוין אין אַ בייזן טאָן:

— פריילין, נאָר נישט פרעגט צו מיר! דערציילט ווי אַזוי דו קומסט צו אָט־דעם שוסטער־יונג, דער יודע. — ער האָט באַצייטנס געהאַט אַראָפּגעצויגן פון זיינע הענט די ווייסע האַנטשויס און צוגעשפּאַרט זיין אקסל צו אירן. רבקה האָט זיך געוועדט.

— ווי אַזוי רופט מען דיר?

— רבקה! — האָט זי פּלוצים אויסגערופן מיט שטאָלץ.

פעליקס האָט זיך דרייגאָרנדיק צעלאַכט. ער האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ:

— ניין, פאַר דיינע גאָלדענע האָר פּאַסט זיך נישט אַזאַ נאָמען!

זי האָט זיך געלאָזט צו דער דרויסנדיקער טיר. פעליקס האָט זי צוריקגעהאַלטן, געסטראַשעט אַז ער וועט זי אַרעסטירן. צו זיך האָט ער געטראַכט, אַז אַרקען דאַרף מען ערגעץ־וואו אַוועקשיקן און דאָס מיידל וועט עפענען איר מויל...

אַרקע האָט זיך פּלוצים אָפּגערופן:

— גיי מיטן אָפיצער אין אַלקער, דאָרט איז אַ טיש פאַראַן, זאָל דער הער אַלץ פאַרשרייבן...

רבקה האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט געקוקט אויף אַרקען מיט פאַרוויינטע אויגן. איר האַלדז איז ביי איר מיטאַמאָל ווי פאַרלייגט געוואָרן מיט בליי. אָט וועט זי אויפהערן צו אָטעמען: גאָט מיינער! וואָס איז געוואָרן פון איר געטריייען ברודער? ער דאַרף האָבן איר הילף... איר ברודער אַרקע איז שוין מער נישט ביים קלאָרן פאַרשטאַנד... צי פאַרשטייט ער אָפילו נישט פעליקס כוונה?... זי האָט זיך אויס־

געדרייט צו פעליקסן, אים געשטאָכן מיט אירע בייזע בליקן: זעט וואָס איר מאַכט פון אַ מענטשן!

פעליקס האָט געשמייכלט. ער האָט זיך געטראַכט, אַז אַרקע וויל זיך ראַטעווען זיין אייגענע פעל... איצט איז ער זיכער אַז דאָס מיידל איז נישט זיין שוועסטער. נו, ער וועט זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען שפּעטער... ער האָט געפילט ווי צו לאַכן הויך אויפן קול: פון טאָג־צו־טאָג פאַרשטייט ער בעסער זיין פירער... אָט זע ווי מען גיט זיך אונטער!

רבקה האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט אויסגעשעפּט פון אירע כוחות און זי איז אומגעפאַלן. פעליקס האָט זי אויפגעהויבן און געבייזערט זיך אויף איר: אויב זי וועט פּראָווען נאָכאַמאָל אַזעלכע שטיק, וועט ער זי פאַרשרייבן אַלס אַ גאַסן־מיידל...

ער איז מיט אימפּעט אַריין אין אַלקער, וואָס איז געווען איבערגעטיילט מיט צוויי פאָרהאַנגען. ער האָט זיך באַזעצט ביים שאָקלדיקן טיש מיט אַ בליישטיפט אין האַנט, גרייט צו שרייבן, און רבקה איז געשטאַנען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ לעבן אים.

— אייער נאָמען? — האָט ער שטרענג געפרעגט.

— רבקה!

פעליקס האָט זיך ווידער גבורהדיק צעלאַכט און זי געצויגן צו זיך.

— ווי גוט דיר וועט זיין צו פאַרברענגען מיט אָפיצערן...

רבקה האָט באַצייטנס געוויינט: אָט דאָ אין איר טאַטנס שטוב וועט זי גיכער שטאַרבן איידער דאָרט לעבן... פעליקס האָט געטראַכט הויך אויפן קול: ביי אים איז נישט קיין קראָם אויסצוקלייבן זיך... ער וועט זי צופּאַסן אויב זי וויל אַז דער יודע — דער שוסטער־יונג — זאָל בלייבן לעבן...

דאָס צופרידן געלעכטער, וואָס האָט זיך אַריינגעטראָגן אַהער צו אַרקען זיצנדיק באַצערט לעבן זיין וואַרשטאַט, האָט געלעכערט זיינע אויערן, ווי מ׳וואָלט אים מיט נאָדלען געשטאָכן. ער האָט מער נישט געקאָנט איינזיצן דאָ. בייזער צאָרן האָט אים אונטערגעטראָגן. ער האָט קוים־קוים געשוועבט אויף דער נאַקעטער ערד, געבליבן שטיין לעבן די פאָרהאַנגען פון אַלקער, געזען ווי פעליקס ציט זיך צו רבקהן און זי ראַנגלט זיך מיט אים. איר פּנים איז געל. זי שרעקט זיך. די אויגן ביי אַרקען האָבן זיך מסוכן ברייט צעעפנט. אים האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ער הערט אַ בת־קול: דיין טויט אָדער זיינער!

אַרקע האָט אַ שליידער געטאָן דעם האַמער, וואָס ער האָט געהאַט געהאַלטן פאַרשטייפט אין זיינע ציטערדיקע הענט.

דער רעוואָלווער אין פעליקס הענט האָט אויסגעשאָסן . . .

דער ערשט־צופרידענער פעליקס איז געלעגן איינגעקאָרטשעט אין זיך אויף דעם ערדענעם דיל און געקרעכצט. רבקה האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ:

— וואָס האָסטו געטאָן? אַז ער וועט שטאַרבן, וועט מען אונדז אַלעמען אומברענגען . . . ביסט פון זינען אַראָפּ?

אַרקע האָט זי געגלעט איבער די פּלייצעס און באַגייסטערט גע־רעדט:

— הער זיך נאָר צו, רבקהלע, אַ נאַצי קרעכצט! כ׳האָב דאָך אים פאַר אַ מענטשן געמאַכט . . . וואָס זאָגסטו, הער פעליקס, נישטאָ קיין כוח צו שטעלן זיך אויף די פיס? רבקהלע, רוף צונויף אַלע יידן אַהער! זאָלן זיי זען מיט זייערע אייגענע אויגן! זאָלן זיי הערן . . .

די שוועסטער האָט זיך געלאָזט לויפן צום טיר, געזאָגט צו אַרקען, אַז זי האָט איצט מורא מיט אים צו זיין אַליין . . .

אַרקע האָט איר נאָכגעשריען:

— פּייגלינג, מ׳האָט דיר צוגעוואוינט אַז בלויז אונדז דאַרף מען פּייניקן. פאַרוואָס גייסטו דעם הענקער נישט אָפּראַטעווען? — ער האָט זיך מיטאַמאָל דערשראָקן פאַר זיין אייגענעם קול: ווי גרילציק זיין שטי־מע איז געוואָרן! ער האָט אָנגעהויבן ריידן מיט געבעט: — רבקהלע, פאַרשטיי מיך, פאַרשטיי מיך! דאָס איז אַ סיגנאַל צו אונדזערע ברי־דער . . . הערט יידן פון דער גאָרער וועלט! אַ נאַצי ליידט יסורים . . אַ נאַצי האַלטביים שטאַרבן . . .

אַרקע האָט אָנגעהויבן צו לאַכן און וויינען. געכאַפּט רבקהן פאַר דער האַנט, אַ פּראַל געטאָן מיט דער טיר און געלאָזט זיך מיט איר לויפן, לויפן איבער ווייט־פאַרוויסטע פעלדער און ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען איבער זיין קאָפּ אַ לויטערן אויסגעשטערנטן הימל...

# דער מאַן מיט די טויבן

פאַר די מענטשן וואָס האָבן געוואוינט ווייט אַוועק פון דעם אַרי־מען געסל באַנד סטריט, וועט די פּאַסירונג פון דעם מאַן מיט די טויבן קלינגען ווי אַ לעגענדע, אָבער נישט פאַר די שכנים זיינע, אויף ביידע זייטן פונעם געסל. דאָ איז מונדי אויף יעדן איינוואוינערס ליפּן גע־ווען. זומער־צייט זיינען די שכנים געזעסן פאַר די הייזער און באַרעדט מונדין:

— אַ מאַן זאָל עס זיין אַזוי איבערגעגעבן צו טויבן!

— סאַ גאָטס רחמנות אויף זיין יונגער פרוי. ער האָט דען אַ מי־נוט פאַר איר?

— זי וועט אים פאַרלאָזן!

— אַז קיין קינד איז נישטאָ און קיין פּרנסה אויך נישט, וואָס וועט זי זיך האַלטן?

דאָ האָבן די מענער צעזשאַרעט זייערע ליולקעס, אַז דער רויך זאָל פאַרשטעלן זייערע פּנימער: זיי אַליין גיבן אויך נישט קיין פּרנסה...

דערפאַר האָבן די קינדער פאַרהערלעכט מונדין. זיי האָבן גאָר נישט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן אים. איין יינגעלע מיט אַ באַשפּרענקלט פּנים און אַ רירעוודיקער ביז גאַר, האָט אויף אַ דין קול כמעט צעזונגען זיך מיט זיין באַרימעריי, אַז ער איז שוין געווען צו גאַסט ביי מונדין אויפן דאַך: אַזאַ גוטער! ער האָט אים אַפילו געגעבן אַ טייבעלע צו האַלטן און דערביי געזאָגט: „האָב נישט קיין מורא! טויבן זיי־נען די בעסטע באַשעפענישן. קום אַהער וועל איך דיר ווייזן ווי זיי קושן זיך"...

אַן אַנדער יינגל האָט באַוואונדערט די פעדערן פון די טויבן. זיין טאַטע איז אַ פאַרבער, אָבער אַזעלכע פאַרבן האָט ער ביי אים קיינמאָל נישט געזען.

— נישטאָ אין קיין קראָם אַזאַ פאַרב! — האָט מען אים פאַרזי־כערט.

— פאַרוואָס?

— ווייל טויבן קומען פון דעם הימל אַראָפּ...

מ׳האָט זיך געסודעט אַז מונדי פאַרשטייט די שפּראַך פון די טויבן: שוין איינמאָל אַ קלוגער מאַן...

בלויז איין יינגל האָט נישט געוואָלט צושטימען אַז מונדי איז אַ לייטישער מענטש: פאַרוואָס? ער האָט אַליין געזען ווי מונדי האָט געשאָכטן אַ טייבעלע, און דאָס וועט ער אים קיינמאָל נישט פאַרגעבן...

די קינדער זיינען געבליבן זיצן פאַר אַ ווײַלע אומעטיקע:

— טאָקע נישט ריכטיק!

— פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן?

די עלטערע קינדער האָבן געוואָלט ווייזן פאַר די קלענערע אַז זיי זיינען בראַוו, האָבן זיי פּרובירט אָוועקצומאַכן מיט די הענט:

— דאָס איז גאָר נישט! אָט אַ שטייגער שעכט מען הינער, קי און אָקסן...

דאָס יינגל וואָס האָט דעם ענין אַרויפגעבראַכט, האָט זיך מיט פּראָטעסט אויפגעהויבן און אָוועקגעגאַנגען...

מונדין איז קיין זאַך נישט אַנגעגאַנגען. ער האָט אַפילו נישט געוואוסט אַז מען רעדט וועגן אים. ווינטער איז ער געשטאַנען אויפן דאַך אין זיין קורצן פּעלצל, די הענט אין די זייטיקע קעשענעס, געוואַרט מיט אומגעדולד אַז די טייבעלעך זאָלן זיך אומקערן צוריק אין די וואַרעמע נעסטן וואָס ער האָט אויפגעסטרויעט פאַר זיי. ער האָט דערפאַר מסוכן פיינט געהאַט ווינטער. ער האָט נאָר געטראַכט: ווען ער וועט נאָר האָבן געלט, וועט ער זיך פאַרנעמען פון דאַנען ערגעץ אין אַ וואַרימען קלימאַט...

איז געקומען דער זומער, איז צו מונדין קיינער נישט גלייך געוועזן. ער איז געשטאַנען אויפן דאַך, אַפיר געקוקט פון הינטער אַ גרינעם דאַשעק איבער זיין גרויסן שטערן. נאָכגעקוקט די פליענדיקע טויבן, גערופן זיי מיט באַשטימטע נעמען וואָס ער האָט זיי געגעבן. געפאַרעט זיך מיט די אייעלעך ווי מיט פּערל. אין איין וועג אַריינגעקוקט אין פאַרשיידענע כלים צי עס איז פאַראַן גענוג וואַסער, זערניעס. נאָכדעם האָט ער זיך אַ יום־טובדיקער אַ לאָז געטאָן צו די ערשט־געבוירענע טייבעלעך. ער האָט צופרידן געשמייכלט, ווי זיי וואָלטן געווען זיינע קינדערלעך. און באַצייטנס געקלערט וועלכע נעמען צו געבן זיי. ער האָט זיך פּלוצים צעלאַכט: אויפן לאַנגן צעטל וואָס איז געהאַנגען אויף אַ טירל זעט ער אַז די נעמען זיינען שוין פאַרנומען...

בעת מונדי האָט זיך דאָ אַרומגעפּאַרט מיט די טייבעלעך, הנאה געהאַט פון זיין לעבן ביז גאָר, איז אין שטוב געזעסן זיין פרוי קלאַראַ, געביסן אירע דינע ליפּן און אין איר געדאַנק געקריגט זיך מיט מונדין: „וואָס מיינט ער, דער בורלאַק, איכל זיצן דאָ און וואַרטן ביז ער וועט

פאַרטיק ווערן אויבן ? דאָרטן וועט ער פטרן זיין גאַנץ צערטלעכקייט וואָס ער פאַרמאָגט, אַרונטערקומען מיט אַ געפּילדער אַז ער וויל עסן ! זי וועט אים אַזעלכעס אָפּטאָן, אַז ער וועט זי האָבן צו געדענקען״ . . .

זי האָט אַ קוק געטאָן אין שפּיגל. באַטראַכט אירע בלאָנדע זיידענע האָר, איר הויכן האַלדז און איר שמאָלן פּנים מיט דעם קורצן נעזל, די בלויע קינדערשע אויגן. זי האָט קאָקעטיש געדרייט זיך פאַרן שפּיגל מיט אירע אָפּגעדעקטע רונדיקע אָרעמס און באַשלאָסן אַז זי וועט אַוועק פון הויז און דעם מאַן נישט אויסזאָגן. שפּעטער, וועט זי אים שרייבן אַ בריוו און לאָזן וויסן וועגן איר האַרץ : ווי אַזוי זאָל ער טראַכטן וועגן איר, אַז ער האָט אויבן אַ טויב וועמען ער רופט מיט איר נאָמען ? ער קושט און האַלדזט די טויב און האָט נאָך די חוצפּה צו דערציילן איר וועגן דעם. זי איז שוין מיד דאָס אַלץ צו הערן . . .

„אפשר זאָל זי זיך מיט אים אינגאַנצן צעשיידן ? וואָס דאַרף זי אים האָבן ? דער גרויסער פּרנסה־געבער ? פון אירע פאַרדינסטן נעמט ער נאָך און קויפט שפּייז פאַר די טויבן, מאַטעריאַל צו סטרויען קע־מערלעך פאַר זיי. זאָל ער שוין דאָרטן אויבן נעכטיקן אויך און אַן עק זאָל עס נעמען !״

אין אַ מינוט אַרום האָט קלאַראַ אַנדערש געטראַכט : „אַז ער האָט אַ נאָמען געגעבן די שענסטע טויב נאָך איר, איז אַ סימן אַז ער האָט זי ליב . . . ער האָט אַ גוטן כאַראַקטער און איז קלוג ביז גאָר ! ווען מען האָט זיי אַרויסגעשטעלט פון די צימערן איז ער אַוועק אין געריכט און וואָס דאָרטן האָט זי אָפּגעטאָן ? ער האָט דעם ריכטער אַזוי צעטומלט : וואָס הייסט איך זאָל זיך פאַרנעמען פון הויז? כ׳האָב דאָך דאָרט אויבן אַלע מיינע טויבן ; צי מעג איך זיך אַזוי גרויזאַם באַגיין מיט אַזויפיל אָרימע באַשעפענישן ? מענטשן, אַז זיי זיינען אָרים, דאַרפן זיי נישט האָבן קיין וואוינונגען, אָבער טויבן ? זיי ווייסן דאָך נישט פון קיין אָרים און רייך ! אַנו, זאָל מיין לענדלאָרד זיי שיקן אַ דיספּאָזעס, ווי מיינט דער האָנאָרייבל ריכטער, וועלן זיי קומען צופליען אַהער ?

דער ריכטער האָט געוואָלט מאַכן אַ פּשרה צווישן ביידע צדדים : „זאָל מונדי פאַרקויפן די טויבן . . . צום לענדלאָרד״.

„יור האָנאָר, דאָס וועל איך קיינמאָל נישט טאָן !״ און דער לענד־לאָרד האָט געטענהט, אַז ער דאַרף נישט האָבן קיין טויבן. ער וועט זיי צעטרייבן ! ער וועט זיי . . .

דאָ האָט זיך דער ריכטער שוין צעבייזערט אויפן לענדלאָרד : ער האָט נישט קיין רעכט דאָס צו טאָן. אין די קאָדעקס־ביכער איז נישט

פאַראַן אַזאַ געזעץ אַז מ׳זאָל טויבן מאַכן צו „מופן״. ער האָט זיך דער־נאָך געוווּנדערט צו מונדין: אויב ער וויל האָבן אַ לאַיער, וועט אים די שטאַט געבן אַ לאַיער.

„נישטאָ קיין יוריסדיקציע איבער טויבן״, האָט דער שטאַטישער לאַיער געטענהט.

„ווי באַלד אַזוי״, האָט דער ריכטער פאַרגעשלאָגן, „פאַרגלייכט זיך! דירה־געלט מוז מען צאָלן!״

„יור האָנאָר, גיט מיר נאָך אַביסל צייט! איך נעם זיך אונטער צו באַצאָלן ביז אַ סענט, זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן״...

„ווי אַזוי קאָן מען נעמען און פאַרלאָזן אַזאַ מאַן ווי איר מונדי, אַז ער איז קלוג און מיינט גוט פאַר אַלעמען?״ — האָט קלאַראַ זיך ווידער געאַמפּערט מיט אירע בייזע מחשבות. „זי האָט אַן אַנדער פּלאַן — אַ קינד״...

מונדי איז געזעסן פאַרטיפט אין לייענען אַ בריוו, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון אַ לאַנגן קאָנווערט. קלאַראַ האָט זיך צו אים צוגע־טוליעט. ער האָט זיך באַלד אויפגעשטעלט, געלאָזט זיך איבערן צימער מיט אומעטיקע טריט הין און אַהער. קלאַראַ האָט מיט גרויס פאַרוואונ־דערונג געפרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט?

— גאָר נישט!

— וואָס־זשע ביסטו אַזוי צעטומלט?

— כ׳האָב מיטלייד אויף די טויבן.

— אין בריוו שרייבט זיך עס? — האָט קלאַראַ געפרעגט מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל אויף איר לאַנגן פּנים.

מונדי האָט זיך אויסגעדרייט צו איר. באַטראַכט זי ווי ביי זייער ערשטן מאָל טרעפן זיך. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער באַלד חרטה געהאַט. ווידער געקוקט אויף דעם געדרוקטן בייגעלע פּאַפּיר...

קלאַראַ האָט מיט אַ בייזער האַנט אַ כאַפּ געטאָן פון אים דאָס בריוול און צעשריען זיך אויף אים:

— דו מאַכסט מיר נערוועז! כ׳הייב נישט אָן צו וויסן וואָס דו פּלאַפּלסט! — זי האָט זיך פאַרטיפט אין די עטלעכע שורות.

מונדי האָט מיט ערב־געוויין אין זיין קול צעלאָזט זיך:

— כ׳ווייס, מענטשן וואָלטן אויף מיר איצט געזאָגט, אַז איך בין אַ פייגלינג. ניין, ניין! איך בין עס נישט! אָבער וואָס וועט פאַרט ווערן פון די אומשולדיקע באַשעפענישן? איך בין דאָך זייער טאַטע...

קלאַראַ האָט שוין געוואוסט אַז מען רופט איר מאַן פּאַר אַ סאָל־דאַט. זי האָט אים צוריקגעקערט דעם בריוו און מיט אַביסל פאַראַכ־טונג אים געלאָזט וויסן אַז זי געהער זיך אויך עפּעס אָן צו אים.

מונדי האָט זי אַרומגענומען. אַ קוש געטאָן איר און שוין געלאָזט אַ טרער: זי מעג אים רופן לומפּ! פאַרוואָס האָט ער זי אויסגעלאָזט? מ'האָט דאָ אין שטאָט נישט קיין איין קרוב ווי עלנט זי וועט עס איצטער זיין . . . ער האָט זיך געשטאַרקט און צעלאָזט זיך מיט פעסטע רייד:

— פאַרשטייסט, מיין טייערע? דו ביסט דאָך אַ מענטש, אַ ביר־געריץ פונעם לאַנד באַגלייך מיט מיר, עס איז אַ מלחמה דאַרף דער מאַן גיין שלאָגן זיך פאַרן לאַנד. אָבער וואָס זאָל איך זאָגן די טייבעלעך מיי־נע? קום אַרויף וועל איך דיר ווייזן ווי אַזוי אַנצוגיין מיט די שטילע באַשעפענישן . . .

— דערווייל קאָנסטו נאָך אַליין גיין! דו ביסט זייער טאַטע, אָבער איך בין נישט זייער מאַמע, פאַרשטייסט? — זי האָט אים געפּילט ווי צו זאָגן, אַז איצט, ווען זיינע טעג זיינען געציילטע, וואָלט ער באַדאַרפט מיט איר פאַרברענגען, נאָר אַז ער האָט נישט קיין שכל דערצו, וועט זי בעסער שווייגן . . .

מונדי האָט אָפּגעזיפצט:

— עך, ווען די מענטשן זיינען אַריינגעראָטן אין מיינע טויבן, וואָלט דאָך קיין מלחמה נישט געווען . . .

קלאַראַ האָט אַ פּראַל געטאָן מיט דער טיר און אַוועק צו אַ שכנה.

אויף מאָרגן האָט דאָס גאַנצע געסל שוין געוואוסט, אַז מונדי גייט פּאַר אַ סאָלדאַט. קליינוואַרג האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אים. זאָל מונ־די זיי אָוועקשענקען די טויבן, אַז נישט וועט מען אַכטונג געבן אויף זיי ביז ער וועט זיך אומקערן צוריק . . .

— און טאָמער וועל איך זיך נישט אומקערן צוריק? — האָט מונ־די וואויל־יונגעריש געפרעגט.

די קינדער זיינען צעטומלט געוואָרן. אויף אַזאַ האַרבער פראַגע האָט זיך קיינער נישט געריכט. אָבער גראַדע דאָס ייִנגעלע איליאַי, וועל־כער האָט געטראָגן אַ בייז האַרץ אויף מונדין דערפאַר וואָס ער האָט גע־שאָכטן אַ טייבעלע, איז איצט געקומען צולויפן אים מוחל זיין. און מונ־דין פאַרזיכערט אַז ער וועט צוריקקומען. אַלע קינדער וועלן בעטן גאָט פּאַר אים . . .

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיי אים באַגלייט צו דער באַן: זאָל זיך מונדי גאָר נישט זאָרגן, זיי וועלן אַפילו קלאַראַן באַדינען אַבי

ער, מונדי, זאָל האָבן אַ רואיקן קאָפּ און זיין אַ גוטער סאָלדאַט. מ׳האָט אים נאָכגעשריען ער זאָל אויך פֿאַר זיי זיך אָפּרעכענען מיט די נאַציס.

פונדעסטוועגן איז מונדי נאָך אַלץ געזעסן אין וואַגאָן אַ ברוגזער. ער האָט זיך נישט אָנגעקערט מיט די אַנדערע רעקרוטן, וועלכע האָבן געזונגען און געשטיפּט. ער האָט געטראַכט איצטער וועגן זיין פרוי קלאַראַ: אַ וואוילע אַזאַ און גאָר קיין נחת ביי אים נישט געהאַט . . . ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט וואָס ער האָט זיך אַזוי אַריינגעלאָזט אין אַן אַנדער לעבן? פאַרוואָס איז אים געקומען אַזויפיל אַרבעטסלאָזיקייט? ער איז דאָך אַ גוטער מעכאַניקער; וועט זיין לאַנד כאָטש אים אַמאָל בעסער באַהאַנדלען? אויב נישט, צו וואָס לוינט זיך אינגאַנצן זיין גיין מלחמה האַלטן?

דעם סאַמע אויבנאָן אין זיינע מחשבות האָבן פאַרנומען די טויבן: זיי וועלן אויסגיין! זיין גוף האָט געציטערט. ער האָט זיי אין זיין דמיון באַצייטנס געזען מיט אויסגעשטרעקטע פיסלעך . . . קלאַראַס פנים האָט זיך פאַר אים באַוויזן. ער האָט זיך מיט איר אויסגעטענהט: די וועלט ווערט זיך איינשטעלן וועל איך אויך זיין אַנדערש. גיב זיך דערווייל אַן עצה. אַז דו וועסט זיך נאָך מיר פאַרבענקען, קום אַרויס אין קעמפּ אַריין . . . זאָל ער נאָר האָבן אַ טישל פאַר זיך, וועט ער איר שרייבן אַ בריוול, אַז זי וועט זיך ערשט איצט מיט אים בעסער באַקע־נען . . .

אָבער גלייך נאָכן ערשטן מאָלצייט אין קעמפּ האָט מען מונדין גע־רופן אין אָפיס אַריין. אַ יונגער אָפיצער איז שוין געזעסן מיט אַ לאַנגן בויגן פּאַפּיר און ביי מונדין געפרעגט אַן אַ שיעור פראַגן. געקוקט אויף אים יעדע ווייַלע און אויסגעפילט אַלץ נייע קעסטעלעך.

ביים סאַמע סוף האָט דער יונגער אָפיצער שוין מיט אַ שמייכל אויף זיין פאַרשוויצטן פנים אַ פרעג געטאָן מונדין, מיט וואָס אַשטייגער האָט ער אויסגעפילט זיין ליידיקע צייט?

מונדי האָט זיך שוין אויך באַפרייט אַביסל פון דער שטייפקייט, וואָס האָט ביז אַהער געהערשט צווישן ביידע. ער האָט צוריק געשמייכלט און געענטפערט: ער האָט אַ ליבלעכע פרוי, געוואָלט איר אַלץ געבן, אָבער זיין פרייע צייט האָט ער פאַרבראַכט צו זוכן אַרבעט. מער האָט ער נישט גערעדט: נאָך וואָס אייגנטלעך דאַרף ער אָט־דעם אָפיצער אָפּגעבן דין־וחשבון?

דער אָפיצער האָט זיך פאַר אַ ווייַלע געריבן זיין שטערן און בעת מעשה געלאָזט וויסן מונדין אַז ער מיינט נישט קיין אַרבעט: צי האָט

ער זיך אַמאָל פֿאַרנומען צו גיין כאַפּן פֿיש? אָדער ענלעכע ספּאָרט־זאַכן. מונדי האָט אים געלאָזט וויסן, אַז ער האָט פֿאַר דעם נישט גע־האַט קיין צייט, ווייל ער האָט געכאָוועט טויבן.

דער אָפֿיצער האָט פֿריילעך אויסגערופֿן:

— טויבן? איר מיינט עס ערנסט?

מונדי האָט זיך אַביסל פֿאַרשעמט. אים דאַכט זיך, אַז דער אָפֿי־צער הייבט שוין אָן חוזק צו מאַכן פֿון אים. דאָך האָט ער געלאָזט וויסן דעם אָפֿיצער מיט גרויסקייט אין זיין טאָן, אַז ער האָט איבערגעלאָזט צוויי הונדערט טויבן, אַז־ אַז ער האָט אַ געפֿיל צו זיי ווי צו קינדער; וואָס וועט ער איצטער זאָגן? צום סוף האָט מונדי זיך אַביסל פֿאַר־ענטפֿערט:

— עס איז גלאַט צו רייד געקומען, האָב איך אייך דערציילט. אַנט־שולדיקט מיר!

דער אָפֿיצער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ געדרייטן געלעכטער: כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי און כע־כע־כע.

דאָ האָט שוין מונדי געטראַכט: ווען יענער און ער זיינען איצט נישט אין די אוניפֿאָרמען, וואָלט שוין דער אָפֿיצער ניט געלאַכט; פֿאַר־וואָס קומט עס אים אַזאַ אויפֿנאַמע? וואָס וואָלט אים אשטייגער גע־קומען ווען ער גיט דעם אָפֿיצער אַ פֿרעג, צי דענקט ער אַז צוליב דעם האָט מען אים אַהער גערופֿן? ער האָט מיטאַמאָל דערפֿילט אויף זיין רעכטן אַקסל דעם אָפֿיצערס האַנט:

— פּריוואַט מונדי, אייערע טויבן וועלן דער אַרמיי זייער גוט צו־נוץ קומען. מיר וועלן זיי אַלע דרעפּסן און איר וועט זיי לערנען שכל־דיקע זאַכן. האָט איר נישט געהערט וואָס פֿאַראַ גוטע בריוו־טרעגער זיי זיינען אויפֿן פֿראָנט?

מונדין האָט זיך נאָך אַלץ געדאַכט אַז דער אָפֿיצער מאַכט לצנות אויף זיין חשבון און ער האָט זיך אָנגעבלאָזן, אַ סימן אַז מונדי האָט פֿאַראיבל אויף דעם עלטסטן זיינעם. אָבער אינמיטן האָט זיך אַריינ־געשטעלט דער קאַפּיטאַן, און גלייך האָט אים דער קאַפּיטאַן געלאָזט וויסן וואָס פֿאַראַ אַנטדעקונג ער האָט געמאַכט, אַז דער פּריוואַט האָט עס צוויי הונדערט טויבן. דער קאַפּיטאַן האָט זיך דערפֿרייט און גע־קלאַפּט מונדין איבער דער פּלייצע: זאָל ער אַריינקומען מאָרגן גאַנץ פֿרי וועט ער באַקומען אַ פּעס פֿאַר עטלעכע טעג. די אַרמיי וועט אים באַזאָרגן מיט אַ טראָק צו ברענגען די טויבן אַהער. זיי וועלן זיין סאָל־דאַטן אָן אוניפֿאָרמען, — האָט ער זיך געוויצלט.

האָט שוין מונדי אויך געשמייכלט. איצט איז ער זיכער, אַז מען טרייבט מיט אים נישט קיין קאַטאָוועס. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט צו די באַראַקן, האָט ער געטראָגן הויך זיין קאָפּ, דערפילט זיך שטאָלץ וואָס ער האט זיך פארנומען מיט טויבן, און אַז זיי וועלן זיין ווידער אַרום אים. זיי וועלן העלפן גיכער צו באַזיגן דעם שונא . . .

ער האָט באַטראַכט די נאַכט, די לבנה מיט די שטערן, די גלייכע רייען ביימער, וואָס שטייען אויסגעשטעלט ווי סאָלדאַטן אויף דער וואַך, געטראכט, אַז זיין פרוי קלאַראַ וועט איצט אויך אויף אים אַנדערש קוקן. זי וועט פאַר אים האָבן אַ פּאָר צאַרטע ווערטער, און זי וועט זיך באַפרייען פון איר ביז־איצטיקער שנאה צו די טויבן, וואָס ווערן אַריינגענומען אין דער אַרמיי. מיט זייער אומשולדיקן פליען וועלן זיי געבן געענוג צרות די שונאים. זאָל זי אים העלפן בעטן, אַז מיט זיי זאָל קיין שלעכטס נישט פּאַסירן . . . אַט גייט ער טאַקע אָנשרייבן אַ בריוול וואָס דאָ האָט זיך געטראָפן . . .

שבת נאָכמיטיק האָט זיך אין געסל באַוויזן אַן אַרמיי־טראַקל, אָפּגעשטעלט זיך לעבן מונדיס הויז. ער איז אַרונטערגעשפּרונגען און איז גלייך אַריין זען זיך מיט קלאַראַן. ער האָט זי אָבער אין דער היים נישט געטראָפן, איז ער אַרויסגעקומען צוריק, געשטעלט זיך אויף די שטיינערנע טרעפּ און זיך אַרומגעקוקט צי קומט זי נישט אָן פון ערגעץ, צי זיצט זי נישט אַמאָל פאַר אַ שכנס הויז?

די קינדער האָבן באַלאַגערט דאָס אַרמיי־טראַקל. באַטראַכט עס און באַטאַפּט און מיט אומגעדולד געוואַרט אַז מונדי זאָל צוקומען, מ׳האָט דאָך מיט אים אַזוי פיל צו רעדן וועגן זיינע טויבן און זאָל ער זיי דערציילן וואָס ס׳טוט זיך אין דער אַרמיי . . . אָבער מונדי האָט זיך פאַרקערעוועט אויף צוריק, אַרויף גיך, גיך אויפן פּלאַטשיקן דאַך צונויפזאַמלען די טויבן און דערציילן פאַר זיי וואָס און וועמען און ווען . . .

איז דאָרטן געשטאַנען קלאַראַ און געהאַלטן אַ טויב אין איר האַנט. אירע אויגן פול מיט טרערן. זי האָט געפּלאַפּלט, גערופן די טויב מיט זיין נאָמען: „דו פליסט אַוועק און דו קומסט צוריק צו מיר” . . .

זי איז בלייך געוואָרן ווען זי האָט פּלוצים דערפילט אויף אירע אַקסלען גרויסע מענערישע פינגער. זי האָט געוואָלט אויסשרייען, אָבער מונדי האָט זיך געשטעלט פאַר איר פּנים: אַט דאָס בין איך, דיין מאַן. זי האָט פיבעריש געציטערט בעת ער האָט איר געהאַלטן אין זיינע שטאַרקע אָרעמס. די טויב וואָס קלאַראַ האָט געהאַלטן אין איר רעכטער האַנט האָט זיך אַרויסגעריסן און איז אַוועקגעפלויגן. מונדי האָט

עס צוריקגערופן, אָבער די טויב האָט זיך אַפּנים געשראָקן פאַר זיינע סאָלדאַטסקע קליידער. מונדי האָט געשמייכלט: ער וועט זיינע טויבן אויסלערנען זיך נישט צו שרעקן פאַר אַ סאָלדאַט. און אין איין וועג האָט ער שוין דערציילט קלאַראַן אַז אינדרויסן שטייט אַן ארמיי־טראָקל און וואַרט פאַר זיי. ביידע האָבן ווי קינדער געלאַכט. מונדי האָט צע־שויבערט אירע האָר און מיט באַגייסטערונג אויסגערופן:

— מיין טייערע, זאָלסט וויסן זיין אַז וואָס די טויבן וועלן אויפטאָן פאַר אונדזער לאַנד, וועסטו האָבן מיט מיר אַ גלייכן חלק . . .

קלאַראַ האָט צוגעשאָקלט מיט איר קאָפּ. זי האָט נישט אַראָפּגע־נומען די בליקן פון מונדין, וועלכער איז איצט אין אירע אויגן אויס־געוואַקסן, אַזאַ וויכטיקער מענטש געוואָרן . . .

# דער שטענדיקער סאָלדאַט

אין שטעטלדיקן פּאַרק זיינען די מערסטע באַזוכער געוועזן סאָלדאַטן פון ארומיקע אַרמיי־קעמפּס, וועלכע זיינען געקומען אויף אורלויב — צו קיינעם נישט. זייערע היימען זיינען ווייט, ווייט פון דאַנען. עס האָט זיך זיי פאַרוואָלט אַן איבערבייט, זען פאַר זיך נייע פּנימער . . .

האָבן זיי שעהן נאָכאַנאַנד געוואַנדערט אָן אַ זין אין פרעמדע געסלעך, ביז זיי זיינען מיד געוואָרן אין געקומען אַהער זיך אָפּצורוען אַביסל. טייל האָבן זיך באַזעצט אויף די שטיינערנע בענק. אַנדערע האָבן זיך דערפילט היימיש דאָ און אויסגעצויגן זיך אויף די ווייכע גראָזן. איי־דער וואָס־ווען האָט שוין איין סאָלדאַט געהאַט געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ היגער מיידל, וועלכע האָט מיט אים גלייך גענומען איינשטודירן איר סאָוטערן אַקצענט און זי האָט געלאַכט הויך אויפן קול, וואָס דער סאָלדאַט האָט איר נישט נאָכגעזאָגט ווי געהעריק. ער האָט עס אָר־מיסטן געטאָן, כדי די שטיפעריי זאָל אַנהאַלטן וואָס לענגער . . . און דאָס מיידל האָט אים אָנגעהויבן צו לערנען פון ס׳ניי.

אַנדערע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך נאָך מיט זייער איינזאַמקייט נישט געשיידט, האָבן געהאַט מיטגעבראַכט אַהער פּעקלעך מיט גע־פּראַזשעטע ניסלעך, געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט טייבעלעך. באַלד האָבן זיך אַ יאָווע געטאָן צוויי וועווריקלעך, געשטעלט זיך אויף זייערע הינטערשטע פיסלעך און געשאָקלט מיט זייערע לאַנגע אויערן, אַפּנים פאַראיבל געהאַט אויף זייערע קאָנקורענטן — די טויבן. אָבער די סאָל־דאַטן האָבן געהאַט גענוג ניסלעך פאַר אַלעמען. און ווען מ׳האָט זיי אויך מכבד געווען, האָבן די מיילעכלעך ביי די וועווריקלעך גענומען צי־טערן, ווי באַדאַנקט די גוטע סאָלדאַטן, וואָס זיי פאַרטיילן נישט אויך זייער מין . . .

אַביסל טיפער אין פּאַרק האָבן קאַדעטן באַטראַכט סטאַטועס — העלדן פון דעם בירגער־קריג. פון איין מאָנומענט האָבן זיי גאָר נישט געקאָנט אָוועקנעמען זייערע בליקן.

— ער איז דאָך אַ פּשוטער סאָלדאַט ! — האָט איינער גאַנצע טענות צו די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן אין דעם שולדיק געווען . . .

אַ צווייטער האָט שוין געהאַט איבערגעלייענט די שריפט אויפן מאָ־

נומענט. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו זיינע קאַמעראַדן און גערעדט מיט גרויס פאַרדרוס אין זיין טאָן:

— איר הערט אָן אויפטו? ער איז דער ערשטער געפאַלן אין שלאַכט פאַר דער סאָוט, — ווייזט ער אָן אויפן מאָנומענט, דעם פשוטן סאָלדאַט מיט דער אַלטמאָדישער ביקס אין האַנט.

דאָ כאַפּט זיך איינער אויף ווי פון שלאָף און צעשרייט זיך אויפן קול:

— דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געשלאָגן קעגן דער לינקאָלן־רעגי־רונג, האָט מען אים נאָך געשטעלט אַ דענקמאָל?

— ער האָט זיך קוים באַרעכנט! — חוזקט אָפּ אַ צווייטער פון אים. צערעדט מען זיך שוין וועגן דעם שטעטל, וואָס איז אַזוי פרעמד צו זיי... „וואו מען שטעלט אַ פוס אַנידער לאָזט מען באַלד וויסן, אַז דאָ האָט מען די נעגערס נישט געוואָלט באַפרייען... וואו מען גייט זעט מען נאָך אַלץ באַזונדערע אַריינגאַנגען פאַר שוואַרצע״...

— מאָדנע, — זאָגט איינער מיט אַ רחמנותדיקן קול, — די מענטשן דאָ זיינען גאָרנישט קיין שלעכטע, נאָר ווען עס קומט צו אַ נע־גער...

— איינגעזאַפּטע שלעכטע טראַדיציעס, — זאָגט דער עלטסטער קאַדעט. — ווען מיר וועלן דאָ דערצויגן, וואָלט אַלץ ביי אונדז אויך גע־ווען נאַטירלעך...

— איך רעכן אויך אַזוי, פּראָפעסאָר, — גלעט אים דער גלייכגילטיקער קאַדעט איבער די פּלייצעס און טראָגט אים אונטער זיין האַנט־זייגערל, אַז זיי דאַרפן זיך שוין צוריק אומקערן צו זייערע ביכער אין דעם מיליטערישן קאָלעדזש. מ׳האָט זיך אָנגעהויבן אונטעראייַלן. דאָס שפּאַנען זייערס האָט אָפּגעקלונגען אין דעם גאַנצן אַרום, אַריבערגעשריען אַלע אַנדערע פּוסגייער. דאָס האָט אויפגעוועקט סאַרדזשענט קעלין, וועלכער איז גראָד געשלאָפן געשמאַק, ווייל ער האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט זיינע עטלעכע פרייע שעהן. זיינע אויערן זיינען אָבער צו סענסיטיוו צום סאָלדאַטסקן שפּאַן... און ער האָט געמוזט עפענען זיינע אויגן.

סאַרדזשענט קעלי איז שוין אַ גרויער מאַן, נאָענט צו די פופציקער, מיט אָן אָפּגעברענטן פּנים. די באַקן — ווי געשייערט קופּער. ער האָט מיט אומעטיקע אויגן נאָכגעקוקט די קאַדעטן, געוועזן בייז אויף זיי פאַר איבערשלאָגן אים אַ זיסן חלום... ער איז נישט געווען אַליין... איצט איז ער ווידער איינזאַם. ער האָט מקנא געווען די קאַדעטן, וועל־

כע גייען איבעראַל צוזאַמען . . . אים איז אַזוי שווער צו פאַרהאַלטן זיך „גוט" מיט די אַנדערע סאַרדזשענטס. אַזעלכע יונגינקע ! ווען מען פרעגט ביי אים, וואָלט מען זיך נישט באַדאַרפט צו יאָגן אַזוי מיט דער יונגוואַרג צו דערהויבן זיי . . . ער איז אַ פערטל יאָרהונדערט אין דער אַרמיי. ער קען דאָך אַלע רעגולאַציעס אויף אויסנווייניק. די ביקס קאָן ער צעטרייבערן אויף קליינע טיילן און צוזאַמענשטעלן מיט פאַרמאַכטע אויגן. ווי קומען זיי צו אים ?

זיין כעס האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעטאָן פון די קאַדעטן, וועלכע האָבן אים אויפגעוועקט פון זיין שלאָף . . . ער האָט זיך אין הארצן צעטענהט מיט די הויך־ראַנגיקע מיליטערלייט, וועלכע זיינען לויט קע־ליס מיינונג נישט גענוג פאַרזיכטיק מיט די יונגע סאָלדאַטן. אָפּטמאָל פאַרשעמט ער זיך, ווען אים קומט אויס צו סאַלוטירן אַ יונגן אָפיצער אין די צוואַנציקער. אַ מאָדנע אַרמיי געוואָרן ! ווי מען פלעגט זיך עס אַמאָל רעכענען מיט עלטער, מיט דערפאַרונג . . . אָבער גענוג גע־פלאַפּלט, קעלי ! ס'פּאַסט נישט פאַר דיר, דעם שטענדיקן סאָלדאַט, צו מישן זיך, וועלן זאָגן דעות. ס'איז נישט דיין באַבעס דאגה . . . דו דאַרפסט פאָלגן וואָס מען הייסט דיר . . . ער האָט זיך שוין געהאַלטן אין איין פאַרענטפערן, וואָס אַזעלכע מחשבות האָבן זיך אין זיין מוח פאַרקליבן . . .

פרישע צוויי סאָלדאַטן האָבן אים איבערגעשלאָגן זיין פאַרטראַכט־קייט. זיי האָבן זיך ממש אַנגעריירט אָן זיינע צוויי לאַנגע, אויסגע־שטרעקטע פיס. און גערעדט האָבן זיי וועגן דער „יו־עס־אַ", וואוהין זיי גייען שרייבן בריוו צו זייערע מאַמעס, צו זייערע כלה־מיידלעך.

סאַרדזשענט קעלי האָט זיך מיט גרויס פּראָטעסט אויפגעהויבן, אַוועקגעשפּאַנט פון דער נישט־מזלדיקער באַנק מיט בייזע טריט. ער האָט געטראַכט : אויף שריט און טריט הערט ער נאָר וועגן בריוו שריי־בען, און ער האָט אויף דער וועלט קיינעם נישט . . . פאַרוואָס־זשע זאָל מען זיך מיט אים רייצן ? . . . ער וועט זיך שוין אומקערן צוריק אין קעמפּ. גענוג עגמת־נפש געהאַט.

סאַרדזשענט קעלי האָט מיטאַמאָל דערפילט אויף זיך די בליקן פון אַ ציווילן מאַן אַרום זיין עלטער. „אַ ביישע אַנשיקעניש", האָט ער גע־טראַכט און אַוועקגעדרייט זיך פון יענעם. אָבער יענעם איז ווי געגאַנ־גען אין לעבן צו באַגעגענען זיך מיט קעלין פנים אל פנים.

— אויב איך מאַך נישט קיין טעות, האָבן מיר צוזאַמען געדינט

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, — האָט דער ציווילער מאַן אַ שמייכל־דיקער קעלין אָפּגעשטעלט.

— אפשר, — האָט קעלי גלייכגילטיק אָפּגעענטפערט.

— מיין נאָמען איז לאַזאַרוס, און אייער נאָמען ?

— קעלי.

— ריכטיק ! — האָט זיך דער ציווילער מאַן לאַזאַרוס דערפרייט.

— פון וואַנען געדענקט איר מיך ? — האָט סאַרדזשענט קעלי מיט אומצוטרוי געפרעגט, געוואָלט כאַפּן לאַזאַרוסן ביי אַ ליגן, און ער וועט אויסלאָזן זיין האַרץ צו אים . . .

לאַזאַרוס האָט אויפגעשטעלט די פינף פינגער פון זיין רעכטער האַנט, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אָנציען אַ פּידל. ער האָט אויסגערעכנט נעמען פון פאַרשיידענע קעמפס, וואו זיי האָבן מעגלעך געדינט צוזאַמען.

פון די מערסטע נעמען האָט זיך קעלי אָפּגעשאָקלט:

— קיינמאָל דאָרטן נישט געווען !

זיין רעכטער פוס איז שוין ביי אים געווען גרייט אָוועקצושפּאַנען, אָבער לאַזאַרוס האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אָן נאָך אַ קעמפּ, און ענד־לעך אים צוגעטראָפן. קעלי איז געוואָרן פריילעך:

— יאָ, אין „פאָרט טאָטען" בין איך געווען ! דאָרטן איז געווען מיין ערשטער פּלאַץ אין דער אַרמיי. דאָרטן בין איך געוואָרן אַ קאָר־פּאָראַל.

— איך געדענק עס זייער גוט, — האָט לאַזאַרוס געזאָגט, דערמאָנט אים ווי שטרענג ער איז דאַן געווען:

— קיינע קאָמפּראָמיסן מיט קאָרפּאָראַל קעלי !

קעלי האָט זיך מיט שטאָלץ אויסגעגלייכט, אונטערגעטראָגן לאַזאַ־רוסן זיין רעכטן אָרעם, זאָל ער זען, אַז קעלי איז שוין אַ סאַרדזשענט. לאַזאַרוס האָט אים אָבער באַלד ווי אָפּגעהאַקט די פליגל, ווען ער האָט אים דערציילט וועגן זיין באַזוך דאָ, אַז ער האָט אַ זון אין דער אַרמיי, אַן אָפיצער.

ביי קעלין האָט דער קאָפּ אָנגעהויבן אַרונטערצוזינקען. זיין אָרעם האָט ער שלאַבערדיק אַוועקגעטראָגן און געטראַכט זיך, אַז עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז ער, סאַרדזשענט קעלי, אַ פערטל יאָרהונדערט אין דער אַר־מיי, האָט לאַזאַרוסן שוין נישט איינמאָל סאַלוטירט. „שיין זיך אַרויפּ־געאַרבעט" . . . ווי באַלד אַזוי, וועט ער עס מאַכן קורץ מיט דעם צי־ווילנעם . . .

— וויפיל זין האָט איר אין דער אַרמיי, סאַרדזשענט קעלי ,

— איך בין אַליין דער זון — האָט קעלי ברוגזלעך געענטפערט.
— פון דעמאָלט אָן אין דער אַרמיי ?
— יעס סער ! איר וועט נאָך זען אַ דענקמאָל איבער מיר — „דער אומבאַקאַנטער״ . . .

— נאָך אַט דער מלחמה וועט זיך שוין קיינעם נישט גלוסטן מלחמה צו האַלטן, — האָט לאַזאַרוס געטרייסט, געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אָבער סאַרדזשענט קעלי האָט זיך היסטעריש צעלאַכט, געשאָקלט זיך ווי אַ שיכור הין און צוריק. אַז ער האָט זיך געהאַט גוט אויסגע־לאַכט האָט ער גערעדט מיט אַ מין צולהכעיס אין זיין טאָן, ווי צו טאָן לאַזאַרוסן :

— אַזוי לאַנג ווי עס זיינען פאַראַן סאָלדאַטן, וועט זיין מלחמה. און סאָלדאַטן וועלן קיינמאָל נישט אויספעלן . . .

לאַזאַרוס האָט אים איבערגעשפּאַרט. ער האָט געלייענט אַ בוך פון אַ הויכן מיליטער־מענטש, און יענער שרייבט אַזוי : „מלחמה איז אַ רע־זולטאַט פון געמיינער פּאָליטיק אין פרידנס־צייט . . . דאָס וועט זיך מער נישט ווידערהאָלן. מ׳וועט פאַרטיק ווערן מיט די דרויסנדיקע שו־נאים, וועט מען זיך אומעטום אַ נעם טאָן צו די, וואָס ווילן נאָך אַלץ שפּילן געמיינע פּאָליטיק״ . . .

קעלי האָט זיך פאַרקרימט : „פּאָליטיק איז נישט זיין דאגה . . . און ער וועט זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון נאַרישע ביכער . . . ער איז אַלעמאָל אַ סאָלדאַט, וואָס פאָלגט אויס באַפעלן״ . . .

לאַזאַרוס האָט אים פאָטערלעך געגלעט איבער דער פּלייצע :

— סאַרדזשענט ,אין פרידנס־צייט זיינען דאָ בעסערע פירמעס ווי אייערע . . .

און ווען לאַזאַרוס האָט דערפילט, אַז קעלי איז נישט גערן זיינע רייד, האָט ער פאַרשאַרט זיין לינקן אַרבל, אַ קוק געטאָן אויף זיין האַנט־זייגערל און האָט אויסגעשריען :

— מיין אָפּיצער וואַרט שוין אויף מיר ! זייער גוט, וואָס מיר האָבן זיך צופעליק געטראָפן. כ׳האָף, אַז מיר וועלן זיך נאָכאַמאָל באַגע־גענען . . . אין פרידנס־צייט.

— טאָמער נישט, וועל איך אויך קיינעם נישט אויספעלן . . . — האָט שוין קעלי געזאָגט מיט יאוש אין זיין קול.

לאַזאַרוס האָט זיך אָוועקגעאיילט. קעלי האָט אים נאָכגעקוקט מיט אומעטיקע אויגן. אַ חשבון־הנפש האָט זיך אויף אים אָנגערוקט. „ווי אַזוי האָט ער זיך אַליין געקאָנט איינשמועסן, אַז די ביקס קאָן פאַרנע־

מען דעם אָרט פון אַ פּרוי? זיינער אַ זון וואָלט געוויס איצט געווען אַן אָפיצער . . . נישט גוט, אַז אַ מענטש גייט אַוועק פון דער וועלט און לאָזט קיין אייגן בלוט און פלייש נישט איבער״ . . .

סאַרדזשענט קעלי האָט זיך אויפגעשטעלט מיט אַ מין שטייפקייט אין זיינע ביינער. אים האָט זיך געוואָלט נאָכשרייען לאַ־זאַרוסן, אַז ער איז געזינטער פון אים. ער וואָלט קיינמאָל נישט גע־וואָלט טראָגן אויף זיך דעם עול פון ציווילן לעבן, צו באַדאַרפן זאָרגן זיך פאַר צאָלן דירה־געלט, עלעקטריע און אַפילו פאַרן עסן . . . פאַר אים זאָרגט מען זיך אין סאַמע וואַשינגטאָן . . . און מיט געמאַכטער רואי־קייט האָט ער זיך געלאָזט גיין צווישן זיינס גלייכן — די סאָלדאַטן.

אָבער דעם גאַנצן וועג האָט ער זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון לאַזאַרוס׳ באַמערקונג: „וואָס וועט פון אים ווערן, ווען קיין מלחמה וועט מער נישט זיין״. דער געדאַנק, אַז טאָמער וועט ער, סאַרדזשענט קעלי, דאַרפן ווען עס איז אַריינטרעטן אין דעם ציווילן לעבן, האָט אויף אים באַצייטנס אַנגעיאָגט אַ מורא . . .

# צוויי חברים

קיינער וואָלט זיך אין געסל נישט געגלויבט אַז ס׳וועט אַמאָל קומען אַ צייט אַזאַ ווען אייזיק ראָס און באַרני פּאַט זאָלן זיך איין טאָג נישט זען, צי צוזאַמען גיין וואו זיך אַמוזירן איינער אָן דעם צווייטן. אַפֿילו ווען מ׳האָט זיך אַרויסגעלאָזט זוכן אַרבעט, האָבן זיי געהאַט אַן אָפּמאַך: דזשאָבס פֿאַר ביידע, אָדער גאָר נישט!

בעת זיי זיינען געגאַנגען אין סקול נאָך, האָט מען זיי גערופֿן דער צווילינג, ווייל מ׳איז געווען אַרום איין עלטער און געטראָגן די זעלביקע קאָסטיומלעך. געהאַט איין באַגער פֿאַר קאָלירן. אייזיקס טאַטע האָט געוואוסט אַז ער גייט איינקויפֿן אַ שפּילצייג פֿאַר זיין בן־יחיד, מוז ער ברענגען צוויי. און באַרניס טאַטע אויך נישט אַנדערש.

ביידע קינדער — פֿאַרחלומטע, מיט פֿינקלדיקע אויגן. געוואַקסן אין איין מאָס. טאָמער איז אייזיק אויסגעוואַקסן אַביסל העכער און באַרני איז געוואָרן געפֿאַלן ביי זיך וואָס ער איז פּלוצים געבליבן הינטערשטעליק, האָט דעם חברס מאַמע גלייך געטרייסט, אַז ער וועט אָביאָגן. אייזיק האָט אים דערלאַנגט זיין האַנט און צוגעזאָגט, אַז מער וועט ער נישט וואַקסן ביז באַרני וועט ווערן זיין הויך...

ביי ביידע עלטערן איז גאָר נישט געווען קיין גרויסער חילוק פֿון איין קינד צום צווייטן. מ׳האָט אַלעמאָל גערעדט צו ביידע: עסט, קינדערלעך! ווער האָט היינט קיין מילך נישט געטרונקען? שפּילט זיך בעסער אין הויז, אינדרויסן גיסט אַ רעגן. איז איינער פֿון זיי קראַנק געוואָרן, זיינען צוויי מאַמעס ביים בעט געשטאַנען אויף וואַך.

אייזיק האָט זיך דער ערשטער באַגעגנט מיט אַ מיידל און זיך אין איר פֿאַרליבט, געבראַכט זי אין שטוב אַריין צו הערן אַ מיינונג אויף זיין אויסוואַל. זיינע אייגענע טאַטע־מאַמע זיינען גאָר אַנטציקט געוואָרן: זי איז דאָך גאָר אַן אַנטיק, אָבער דאָס איז פֿאַר אים נישט גענוג געווען. ער האָט געדאַרפֿט הערן וואָס די באַרניס האָבן צו זאָגן...

היינט, ווער זאָל זיך געווען ריכטן, אַז גראָד איצט, אין מלחמה־צייט, ווען ביידע געפֿינען זיך אין איין קעמפּ, זאָל מען זיך זעלטן אָבטרעפֿן? אויב שוין יאָ אַמאָל, איז עס בגנבה, הינטן אַרום, אָדער צופֿעליק...

וואָס האָט פּאַסירט? האָבן זיי זיך מער נישט ליב? זיך געוואָרן

קעגנער, ווי ס'מאַכט זיך, ווען מ'וואַקסט אונטער און מ'הייבט זיך אָן פאַרנעמען מיט פּאָליטיק; איינער גייט פאַראויס און דער צווייטער בלייבט שטיין אויף אָן אָרט? זיינען געווען געגנוג עדות דערויף, אַז ביידע זיינען זיי געגאַנגען אין די זעלביקע וועגן! נאָך איידער זייער לאַנד איז אַריין אין קריג, האָבן ביידע אין איין טאָג, אין איין שעה אַפילו וואָלונטירט פאַר דער אַרמיי, מיט איין ציל.

נאָר וואָס־זשע דען? אייזיקן האָט מען גערופן אַביסל פריער, בעת מ'האָט זיך שטאַרק געניימיקט אין פרישע, צאַפּלדיקע אָפיצערן. און ער האָט די מיליטערישע שול דורכגעמאַכט איינס און צוויי. אַז באַרני איז אָנגעקומען אין זעלביקן קעמפּ פאַר אַ סאָלדאַט, האָט ער שוין גע־מוזט זיין גוטן חבר סאַלוטירן. אייזיק האָט זיך גראַדע געקענט באַגיין אָן דעם כבוד, אָבער אַזוי פאָדערט די אַרמיי! אַפילו אָן אייגענער טאַ־טע ווען ער איז נאָר אַ פּשוטער סאָלדאַט, און דער זון אָן אָפיצער, דאַרף ער סאַלוטירן . . .

עס איז געווען אַ סברה אַז אייזיק האָט שטאַרק צוגערעדט זיין חבר באַרנין אַז ער זאָל אויך גיין אין דער מיליטערישער שול. מיט גוטע אָפיצערן וועט מען גיכער געווינען די מלחמה . . . — איז געווען איי־זיקס מיינונג. אָבער דעמאָלט האָט די אַרמיי זיך גענויטיקט אין פּשוטע סאָלדאַטן, הענט פאַר ביקסן און קאַנאָנען.

האָט זיך אויבנאויף אויסגעדאַכט: וואָס איז דער אונטערשייד? ביידע זיינען זיי סאָלדאַטן. ביידנס אַרבעט איז גלייך וויכטיק! טאָ־מער דאַרף באַרני סאַלוטירן אייזיקן איז וואָס? דאָס דאַרף גאָר זיין אַ כבוד פאַר אים; מען קאָן זיך צומאָל באַרימען פאַר אַנדערע סאָלדאַטן: איר זעט דעם אָפיצער אייזיק ראָס? — אַ פערזענלעכער חבר מיינער!

לאָזט זיך אָבער אויס, אַז ביידע זעען זיך אַזוי זעלטן. מ'ווערט אָפּ־געפרעמדט מער און מער מיט יעדן טאָג. אייזיק געפינט זיך צווישן זיינס גלייכן אָפיצערן געוויינטלעך. מיט זיי גייט ער עסן, מיט זיי שפּאַסט ער זיך אַרום. זומער, אין די הייסע טעג, גייט מען זיך באָדן אין אָן אַנדער צייט, ווען די פּשוטע סאָלדאַטן זיינען פאַרנומען. אַפילו קאָנצערטן האָבן זיי באַזונדערע; איז מיט וואָס און מיט וועמען זאָל זיך באַרני גיין באַרימען פאַר זיינע קאַמעראַדן?

ביידע האָבן געהאַט עגמת־נפש דערפון. באַרני האָט אַפילו אין די סאַמע ערשטע טעג זיינע אין דער אַרמיי געטראָגן אַ בייז האַרץ אויף אייזיקן: נישט גענוג וואָס דער אָפיצער דאַרף נישט שטיין אין די פינצטערע נעכט אויף וואַך, אַרבעטן אין קיך, יאָגן זיך מיט דער ביקס

אויפן אַקסל, האַלט ער זיך נאָך גרויס. אָבער זינט אייזיק האָט זיך מיט אים באַגעגנט, באַקלאָגט זיך אַז אים טוט לייד וואָס ער קען נישט ענ־דערן דעם סדר פון דער אַרמיי, האָט באַרני אָנגעהויבן טראַכטן אַנדערש וועגן אייזיקן. ער איז מער נישט בייז געווען אויף אים: אַ שאָד וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט! ס׳וואָלט געווען פיל בעסער ווען זיי ביידע זיינען גלייכע מחותנים דאָ, אָבער פאַרפאַלן. אים איז נישט אומעטיק מער . . . ער האָט געשלאָסן געגוג פריינטשאַפט דאָ אין קעמפּ. עס איז פאַראַן געגוג שפּאַס און געלעכטער ווען מ׳איז צוזאַמען מיט אַזויפיל חברה פון אַלע עקן לאַנד. אייזיק פעלט אים אויס צו דערמאָנען זיך די גוטע טעג וואָס מ׳האָט פאַרבראַכט איידער מ׳האָט אויף זיך אָנגעטאָן סאָלדאַטסקע קליידער. דער תחום צווישן זיי איז נישט שיין פאַר די ציווילע אינדערהיים ?

שפּעטער האָבן זיך ביידע אָנגעטראָפן אויף אַ שמאָלער קעמפּ־סטעזשקע: דער אַהער, דער אַהין.

— באַרני, נעם אַ טאָג אורלויב, גיי אַהיים און גיב זיי דאָרט אַפּ אַ גרוס פון מיר ! איך בין שטאַרק פאַרנומען . . . — דערביי האָט מען זיך צעשיידט.

און בעת באַרני איז שוין געלעגן אויף זיין בעטל אין באַראַק, האָט ער נאָך אַלץ געטראַכט וועגן אייזיקן: דער לוטענאַנט האַלט זיך גאָר נישט גרויס ביי זיך ! אַזוי וועט ער אים אינדערהיים פאַרשטעלן. דער זעלביקער אייזיק ! אים גרייט געווען צו טאָן אַ טובה, עס איז אָבער נישט געווען זיין שולד וואָס ס׳האָט זיך גאָר נישט אויסגעלאָזט פון דעם. ער אַליין איז נישט גרייט צו בייטן זיין פּאָזיציע. ער איז נישט געקומען אין דער אַרמיי זוכן לייכטע אַרבעט . . .

דאָך האָט דער גרוס ביי אייזיקס עלטערן נישט אויסגענומען: סטייטש, אַזעלכע צוויי חברים ווי מ׳איז אינדערהיים געווען, זאָלן זיך גאָר בלויז צופעליק טרעפן ! וואָס פאַראַ טעם האָט אַזאַ גרוס ? די מוטער אייזיקס, וואָס האָט זיך ערשט געגרויסט מיט דעם וואָס איר איי־זיק איז געוואָרן אַן אָפיצער, האָט אויך צוגעגעבן אַז איר געפעלט נישט וואָס די צוויי קינדער ווערן דערווייטערט:

— זאָג מיר נאָר, באַרני, וואָס איז די אורזאַך פאַר נישט וואוינען אין איין באַראַק ?

באַרני האָט זיך גוטמוטיק צעשמייכלט:

— ווייל אָפיצערן האָבן זיך זייערע אייגענע באַראַקן ! אָבער איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, אַז אייזיק האַלט זיך נישט גרויס ! נו, טאָמער

האָט ער איצט נייע פריינט, איז וואָס ? זאָל נאָר די מלחמה פאַראיבער און ער וועט מיך נעמען צוריק . . .

דער פאָטער אייזיקס האָט כעסדיק געביסן דאָס פּיסקל פון זיין ליולקע, אויסגעליידיקט אַ פול מויל מיט רויך, עפּעס געוואָלט זאָגן און באַלד חרטה געהאַט. ער האָט נישט אָפּגעטאָן זיינע בליקן פון באַרנין ביז ער איז אַוועקגעגאַנגען. דער פאָטער האָט געטראַכט אַז אזא חבר ווי באַרני וועט זיין זינדל לאַנג דאַרפן זוכן ; אַ מבין ווי ער פאַרענט־פערט אייזיקן ? פאַרשטייט מען דען אַליין נישט, אַז באַרני איז נישט דורכאויס צופרידן מיט אייזיקס האַנדלונגען ? ער פאַרענטפערט אים, ווייל איצט, אין מלחמה־צייט, טאָרן זיך נישט אַוועקשטעלן אַזעלכע קלייניקייטן אין וועג. זיין אייגענע מיינונג איז אויך אַזוי, אַז דאָס טאָר נישט פּאַסירן . . .

לוטענאַנט אייזיק ראָט האָט זיך דערוואוסט אַז פאַר אים וועדט צו־צוגעגרייט אַן אורלויב אויף צען טעג צייט. האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט באַרנין און אים וועגן דעם דערציילט. ער וויל אַז באַרני זאָל גיין גלייך וואו מ׳דאַרף און אויך מאַנען אַן אורלויב. ער וועט שוין אויס־אַרבעטן אַז ביידנס אורלויב זאָל זיין אין איין צייט. אייזיק האָט זיך אַרומגעקוקט און באַרנין דערלאַנגט אַ גוט־ברודערישן קלאַפּ אין פּלייצע:

— געפעלט דיר מיין פּלאַן ?

— פאַרוואָס נישט ?

— ס׳וועט זיך אַביסל אָפּטאָן אין געסל, ווען מ׳וועט אונדז ווידער דערזען צוזאַמען.

— נאָך ווי אַזוי !

יענעם אָוונט איז באַרני געשטאַנען אויף וואַך. אַרום אים איז די פינצטערניש געווען געדיכט ביז גאָר, ווי הויכע שוואַרצע ווענט. מאָד־נע מחשבות זיינען אים געקראָכן אין קאָפּ : די מלחמה גייט נישט ווי ס׳געהער צו זיין. ווייניק וואָס ווערט איינגעפלאַנצט קעגן די נאַציס, ווען מ׳וועט זיך מיט זיי באַגעגענען וועט עס שטאַרק אויספעלן. דאָ אין קעמפּ געפינען זיך סאָלדאַטן וואָס זיינען גלייכגילטיק. דערנאָך, האָט זיך אים דערמאָנט די באַגעגעניש מיט אייזיקן : וואָס גייט אַזוי אין לעבן דעם לוטענאַנט ראָס אַז זיי זאָלן גיין צוזאַמען אויף אורלויב ? ניט אַנדערש אַז ער וויל זיך אויסשטעלן פאַרן געסל, פאַר זיין כלה־מיידל דיאַנא : „זעט וואָס פאַרא קאָפּ־מענטש ! איך בין אַן אָפיצער !״ באַר־ני האָט זיך אין געדאַנק געבייזערט אויף אייזיקן : זאָל ער פאָרן מיט זיין גלייכן ! צו וואָס זאָל ער זיך דאַרפן רויטלען צו פאָרן אויף דער

באַן מיט אַ פּריוואַט? וואָס פֿאַראַ פּנים וועט עס האָבן פֿאַרן געסל, אַז ער, באַרני פּאַט, וועט דאַרפֿן סאַלוטירן אײַזיקן? גיי גיב צו פֿאַר־שטיין דעם עולם ווי אַלץ פֿירט זיך אין דער אַרמיי! מ׳וועט אים חושד זײַן אַז ער פֿאַרגינט נישט זײַן אייגענעם חבר וואָס איז אַן אָפֿיצער . . .

ביידע מאַמעס האָבן זיך געגרייט פֿאַר די געסט. ביידע צוזאַמען זײַנען זיי געגאַנגען איבער די קראָמען אײַנקויפֿן. מרס. ראָס, דעם לױ־טענאַנטס מאַמע האָט זיך געשפּאַסט אויפֿן וועג: ביי אונדז זײַנען זיי ביידע קינדער! ווי לאַנג צוריק אַז זי האָט אײַזיקן אָוועקגעלייגט אויף אירע קני און אויף אים צוגעצערעוועט די הויזן? אַ גרויסער יחסן! זאָלן זיי אונדז געזונט און שטאַרק זײַן און די נאַציס זאָלן גיך קראַפּירן. מ׳וועט אויסטאָן די סאָלדאַטסקע קליידער וועט מען זיך נאָכמער ווי פֿריער ליב האָבן . . .

מרס. פּאַט, באַרניס מאַמע, האָט איר אויף דעם געענטפֿערט: לויט איר מיינונג, דאַרף מען גאָר נישט פֿירהאַלטן אײַזיקן. דער אָפֿיצער האָט זיך דאָך ביי איר אין שטוב כמעט אויפֿגעכאָוועט. איר מאַן האָט אים געלערנט שפּילן שאָך. זאָלן ייִדן קיין אַנדערע צרות ניט האָבן . . .

פֿונדעסטוועגן האָט זי אין האַרצן פֿאַראיבל געהאַט אויף אײַזיקן: איר מאַן איז גערעכט! אַ מענטש דאַרף זיך קיינמאָל ניט האַלטן גרויס ביי זיך אַפֿילו ווען ער ווערט אַ גענעראַל . . . און אַז עס זיצט שוין אַ פּאַסיקל זילבער אויפֿן אַקסל איז וואָס?

מר. פּאַט האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו זײַן זון באַרני: זאָל ער וויסן זײַן, אַז אַלע האָבן אים ליב פּונקט ווי פֿריער. און זאָל אײַזיק נישט מיינען, אַז אַ מלחמה קאָן מען פֿירן בלויז מיט אָפֿיצערן. וואָס נאָך? קיינער האָט נאָך דערווייל נישט באַשלאָסן ווער עס איז וויקטיקער . . . אַרײַנגעוואָרפֿן דעם בריוו אין פּאָסט־קעסטל האָט מר. פּאַט צופֿרידן גע־שמייכלט צו זיך אַליין. אים איז לײַכטער געוואָרן אויפֿן האַרצן.

מיטאַמאָל, אַ טומל אין גאַס. וואָס איז געשען? ער זעט פֿון ווײַטן זײַן פֿרוי, די פֿאַמיליע ראָס, מ׳איז אַזוי אויפֿגעלייגט. איידער ער גיט זיך נאָר אַ ריר פֿון אָרט, יאָגט צו אים צו אַ פֿאַרסאָפּעט ייִנגל און דער־לאַנגט אַ בשׂורה, אַז באַרני און אײַזיק זײַנען דאָ. ער אײַלט זיך אונ־טער און זעט די צוויי געסט ווי זיי שפּאַנען אַקסל צו אַקסל. ביידע לאַכן. אָט נעמט מען זיך גאָר אַרום. פּאַט האָט געטראַכט וועגן בריוו וואָס ער האָט נאָר־וואָס אַרויסגעשיקט. די בייזע שורות האָבן גע־טאַנצט פֿאַר זײַנע אויגן, אים נישט געלאָזט הנאה האָבן פֿון דער פֿרייד וואָס קומט אים אַנטקעגן . . .

# אַ שאַפּ האָט זיך צוגעמאַכט

די וועלט־פּאָליטיק, וואָס איז געפירט געוואָרן כמעט אין יעדן ווינקל פון שאַפּ, כמעט יעדן טאָג, איז מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט געוואָרן. די נייעס, אַז דער שאַפּ פאַרמאַכט זיך, האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן. עס האָט זיך געטראָגן פון אויער צו אויער, פון מויל צו מויל:

— געהערט?

— וואָס דען, נישט געהערט?

די מערסטע האָבן שוין געטראַכט וועגן זיך אַליין. אונטערגעצויגן אייגענע חשבונות, צי איז עפּעס פאַרבליבן אויף אַ רעגנדיקן טאָג פון די יאָרן אַרבעט דאָ אין שאַפּ.

צום אָנהייב האָט מען געטראַכט, אַז דער ענין איז נישט ערנסט: סטייטש, מ'האָט דאָך ערשט אייערנעכטן געשריען אויף אַ מיידל, וועלכע האָט זיך פאַרשפּעטיקט אויף אַ האַלבער שעה צו דער אַרבעט. די קולות פון דעם פאָרמאַן גרילצן נאָך אין די אויערן; דער טעלעפאָן גייט כאָדראָם! מען וועט בטל מאַכן די באַשטעלונגען... זאָל זי מער נישט וואַגן פאַרשלאָפן! וואָס נאָך: אַלע זיינען דאָ אין שאַפּ אַזוי איינגעפונדעוועט. מיט פאַרמאַכטע אויגן וועט יעדער טרעפן צו זיין אָרט. אַפילו אינדערפרי, ווען מען קומט פון דערהיים, קוקט מען שוין נישט וועלכע גאַס דאָס איז. די פיס וועלן קיין טעות נישט מאַכן. זיי וועלן אַהער ברענגען. מעג מען זיך אַפילו פאַררעדן מיט עמיצן. כמעט יעדער האָט דאָ אַביסל אייגנטום: ווער אַ שירעם, טאָמער וועט ביים אַהיים גיין רעגענען; קאַלאָשן, פאַרטוכער. די מענער ביי די מאַשינען האָבן קישעלעך אויף די בענקלעך, ס'זאָל זיי זיין ווייך צו זיצן: מען איז דאָך דאָ נישט אויף דערוויילע! אַבי געזונט... איינער האָט שוין דעם צווייטנס קאַפּריזן געוואוסט. מיט וועמען מען קאָן אַ שפּאַס טאָן, און מיט וועמען נישט. איינער האָט געוואוסט דעם צווייטנס פריידן און ליידן — אַפילו באַהאַלטענע... זיי האָבן שוין אַזוי אַ פּאָר צענדליק חתונה־פּאַרטיס געפּראַוועט. די מערסטע פאָרלעך האָבן זיך טאַקע דאָ אָנגעהויבן אין די אויגן אַריינצוקוקן... מען האָט אין שאַפּ געוואוסט וועלכע פאַרהייראַטע פרוי קלייבט זיך צו ווערן אַ מאַמע... געווען איין גרויסע משפחה וואָס וואוינט אין איין הויז; איז ווער וועט זיי גיין צעשיידן אָן זייער וויסן?...

דער בוכהאַלטערין האָבן אַלע געגלויבט, ווען זי האָט סודותדיק געזאָגט, אַז דער קלאַנג איז באַרעכטיקט, דער שאָפּ מאַכט זיך צו, האָט מען שוין געוואוסט אַז דאָס איז עס! . . .

ווי באַלד אַזוי, איז שוין דאָס לעצטע ביסל אַרבעט געמאַכט געוואָרן אײַנגאַנצן אָן חשק: זיי איז שוין אַלצאיינס . . . מ׳האָט זעלטן געהערט אַ וויץ אָדער געזאַנג, ווי אין די פריערדיקע טעג. עס האָט אויסגעזען ווי אַ חולה מסוכן וואָלט פאַר זייערע אויגן געלעגן, ווען דער פּראָפעסאָר אַליין האָט די יאָרן אָפּגעזאָגט . . .

אויפן צווייטן טאָג איז געווען גרויס טומל אין שאָפּ. נייטן גראָס, איינער פון די סאַמע ערשטע אָפּערייטאָרס, האָט געבראַכט אָן אויסשניט פון דער טרייד־צײַטונג, וואוהין די פירמע האָט אַרײַנגעשריבן אַ דערקלערונג פאַר מאַכן אַזאַ שריט. זאָל די וועלט וויסן, אַז די „מעגי דרעס קאָמפּאַני", וועלכע באַשעפטיקט העכער הונדערט אַרבעטער, האָט גראָדע, נישט צו פאַרזינדיקן, אָפּגעשפּאָרט אַרום אַ פערטל מיליאָן דאָלער. נאָר איצט לוינט זיך מער נישט. צופיל קאָנקורענץ. די פירמע איז נישט געוואוינט צו קיין „קליין געלט". די צוויי באַלעבאַטים פון דער פירמע, וועלן זיך דערווייל פּאָרן אָפּרוען אַביסל ערגעץ אין אַ צוגעפּאַסטן קלימאַט, אויסרוען זייערע נערוון. דערנאָך וועלן זיי מיט רויִקע קעפּ טראַכטן וועגן אַ פּלאַן, וואָס פאַר אַ מסחר ס׳וועט זיך זיי בעסער לוינען . . . צום לעצט האָט זיך געשריבן אין דער טרייד־צײַטונג, אַז די פירמע דריקט אויס פיל דאַנקבאַרקייט צו צוויי מענטשן: צום פאָרמאַן און צום הויפּט־סיילסמאַן, ווײַל די צוויי זײַנען געווען געטריי צו דער „מעגי דרעס קאָמפּאַני", זיי ווערט געגעבן דאָס רעכט צו באַנוצן זיך מיט דעם נאָמען פון דער פירמע. אָט־די צוויי וועלן די באַלעבאַטים קיינמאָל נישט פאַרגעסן . . .

די מעלדונג האָט געבראַכט צו אַזאַ טומל אין שאָפּ: געהערט אַזוינס? וועגן אונדז אַ וואָרט נישט! אַזוי האָבן זיך די סאַמע ערשטע באַלמעלאָכעס פון שאָפּ געקאָכט. ווען זיי זײַנען אַהער אַרויפגעקומען האָבן דאָך די באַלעבאַטים קיין לײַטישע שיך נישט געטראָגן. ווען נישט מיר . . . .

די שפּעטערדיקע באַלמעלאָכעס האָבן זיך געוויצלט:

— איז וואָס האָט איר דען אַזוינס געטאָן פאַר דער פירמע, געשטעפּט? אויך מיר אַן אַרבעט! אַ סימן האָט איר, מ׳האָט ביי אייך זיך נישט אָנגעפרעגט . . .

## אין גרויע טעג

— נו, נו, גענוג! — האָט נייטן גראָס זיך געבייזערט, — אַ נייעס גאָר, זאָלץ אויף די וואונדן.

דער דעזיינער, אויבנאָן, איז געשטאַנען אַ באַזאָרגטער, אַ באַטריבטער. די געשטאָפּטע פיגורן אַרום אים האָבן אויסגעזען ווי יתומים אַרום אַ טאַטן, וועלכער איז נאָר־וואָס אַן אלמן געבליבן . . . ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן . . .

דאָס מאָדעל־מיידל, אין דעם אויסגעפּוצטן „שוי־רום", האָט כעסדיק געקייעט די „גאָם". וואָס הייסט מען דערמאָנט נישט אַ וואָרט וועגן איר? ווער נאָך האָט אַריינגעגעבן אַזויפיל לעבן אין יעדן נייעם פּאַסאָן באַזונדער? איר לייב האָט דאָך יעדער מיט די הענט געקנאָטן, ווי זי וואָלט אַ שטיק טייג געווען . . . אָט אַזוי באַלוינט מען אַזאַ נוצלעכן מענטשן?

די לעצטע טעג האָט זי שוין נישט געוואָלט ליידן, ווען מ׳האָט אויף איר גלאָט אַזוי אַ האַנט אַוועקגעלייגט: — פּליז, אייערע הענט זיינען אַזוי קאַלט!

אַפילו ווען איינער פון די באַלעבאַטים איז פאַרבייגעלאָפן און באַרירט איר נאַקעטן אַקסל, האָט זי זיך פאַרקרימט: עפּעס אַלע קומען היינט פון דעם נאָרד־פּאָל . . .

דער צושניידער, ראָבינס, איז געשטאַנען לעבן ליידיקן טיש אויף וועלכן ער האָט ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק, אויף וויס פּאַפּיר, לאַנגע שטיקער זיידנס געצייכנט. געטראַכט האָט ער, אַז די פירמע האָט אים בשום־אופן נישט געטאָרט פאַרזען: ווער נאָך איז געווען אַזוי בצימצום מיט דער פירמעס סחורה ווי ער? די אָפּערייטאָרס האָבן דאָך ביי אים קיינמאָל קיין לייטיש שטיקל „פּייפּינג" נישט אָנגעזען. זיינען אים שונאים געוואָרן. ער האָט געדענקט, אַז די פירמע האָלט רעכענונג, און צום סוף . . .

ראָבינס איז געווען אַזוי פאַרטיפט, אַז ער האָט זיך פאַרגעסן אַז פונקט אַנטקעגן אים זיצט נאָרא, די פינישערין, צו וועלכער ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט עטלעכע מאָל איבערן טאָג צו כאַפּן אַ גנבהשן בליק, און שוין געוואָלט דער פאַרנאַכט זאָל אָנקומען ער זאָל זי ביים אָרעם נעמען און גיין מיט איר פאַרברענגען. ער האָט געהאַט גרויס הנאה ווען אַן אַרבעטער האָט ביי אים געפרעגט: ווען באַהענגען מיר שוין דעם שאַפּ מיט סטענגעס? . . . ראָבינס האָט איצט קיינעם נישט געזען. ער האָט געטראַכט אַז די פירמע האָט אַלע זיינע פּלענער צעשטערט . . .

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז שוין די אַרבעט אינגאַנצן געווען אָפּ־געשטעלט. די מערסטע אַרבעטער זיינען אַרויפגעקומען צום לעצטן מאָל אַ שמעק טאָן: אפשר האָט די פירמע חרטה? זיי זיינען געגאַנ־גען צווישן די מאַשינען, פאַרטראַכטע, מיט אומזיכערע טריט. דאָ און דאָרט האָט איינער, אפנים פון געוואוינהייט, דאָס לעמפּעלע ביים זייט פון זיין מאַשין אָנגעצונדן, וואָס האָט איצט אויסגעזען ווי אַ יאָרצייט נאָך עמיצן. דער אומעט איז דאָ געווען ווי אויף אַ בית־עולם. די מענטשן אַרום, ווי זיי וואָלטן אויף קבר־אבות געקומען... דאָ און דאָרט האָבן צעשראָקענע בליקן אַרומגעוואַנדערט אויף די בלעכענע, ווייסע קעסט־לעך, וועלכע זיינען געווען אין דער ריי אויסגעשטעלט אויף די געשטעלן פון די מאַשינען, און אויסגעזען האָבן זיי ווי מצבות. אפשר האָבן די מענטשן געטראַכט וועגן די פאַרגאַנגענע יאָרן זייערע, וועלכע וועלן שוין בלייבן דאָ אויף אייביק?...

אָפּגעזונדערט פון אַלעמען איז געשטאַנען באַרני דער פּרעסער לעבן פּרעס־טיש, נישט אַרונטערגענומען די אויגן פון דעם קאַלטן פּרעס־אייזן, ווי זיך מיט דעם אין זיין מחשבה אויסגעטענהט, אַז ער און דאָס קאַל־טע פּרעס־אייזן זיינען ביידע געווען פון די סאַמע ערשטע דאָ אין שאַפּ. ווען דער פּלאַץ איז נאָך געווען גאָר קליין, ווי אַ היימיש צימער די גרויס, מיט קליינע ווענט, וועלכע מען האָט שפּעטער צעשפּאַרט. איצט וועט מען זיי ביידע צעשיידן: דעם אייזן וועלכן ער האָט אַזוי אָפּט געפּוצט. מיט גלאָז־פּאַפּיר דעם זשאַווער גערייניקט, וועט מען פאַר־קויפן צו אַ פרעמדן און אים — לאָזן אויף גאַטס באַראַט... ער האָט באַטראַכט די פאַרשיידענע קישעלעך וועלכע זיינען געווען צעוואָרפן איבערן טיש, קליינע און גרויסע. געטראַכט האָט ער: ער וואָלט זיי גאָר באַדאַרפט נעמען אַהיים. ער האָט זיי דאָך אַלע אויפגענייט... ביין, ער דאַרף זיי נישט האָבן מער! ער וואָלט זיי גאָר באַדאַרפט אַריינ־טראָגן אין אָפיס, און זאָגן צו זיינע באַלעבאַטים אַזוי:

— אָט זעט! איך האָב אָן אייך נישט פאַרגעסן...

באַרני האָט אָנגעהויבן אַרומצוטראָגן זיינע בליקן אויף אַנדערע זאַכן, וואָס ער האָט אויפגעמאַכט: אָט איז אַ שופלאָד ביים פּרעס־טיש; אַ פּאַליצע די היטלען אַוועקצולייגן; און אָט, אַ שאַפּקעלע פאַרן דע־זיינער! אַלץ מיט זיינע צען פינגער אויפגעמאַכט...

שפּעטער, ווען די פירמע האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן, האָט מר. ראָס

צו אים געזאָגט: באַרני, דער פּרעס־טיש איז דיינער! אָט האָסטו נאָך אייזנס, פּרעס־ברעטער, נעם אַרויף ווּעמען דו ווילסט! פאַרטיק געוואָרן מיטן פּרעסן, האָט זיך באַרני אַ נעם געטאָן אַלץ גרייט צו מאַכן פאַר די נייע פּרעסערס. ער איז דאַן אַהיים געקומען זייער שפּעט. די פרוי האָט זיך געבייזערט: האָסט שוין געקאָנט בלייבן נעכטיקן אין שאַפּ! אַ גאַנצן טאָג מיט די פּיצלעך קינדער. זי וויל אויך אָנזען דעם דרויסן . . . ער האָט איר דאַן קוים איינגעשטילט: נאַרעלע, די פּיר־מע וואַקסט, און איך בין „רעספּאָנסיבל״! באַדאַרפט צוגרייטן דעם טיש פאַר נייע אורחים . . . געטראַכט האָט ער איצט ווידער: אפשר וועט זיך די פרוי זיינע דערמאָנען אָן יענער צייט . . . און נאָך:

— געדענקסט, באַרני, ווען דו ביסט מיט פּיבער געגאַנגען צו דער אַרבעט?

ער וועט בלייבן שטיין ווי אַ נאַר, נישט וויסן וואָס צו ענטפערן. צוועלף יאָר דאָ געטריי געאַרבעט, מענטשן האָבן אים אין געלט געשאַצט, צום סוף . . . ניין, ער קאָן נישט פאַרן אָפּרוען זיך ווי זיינע באַלעבאַטים און דערנאָך ערשט באַשליסן וואָס צו טאָן, ער דאַרף גלייך מאָרגן גיין זוכן אַרבעט . . .

ער האָט זיך דערנאָך צוגעשאַרט צום שפּיגל וואָס איז פון יענער זייט טיש געהאַנגען. ערשט איצט האָט ער דערזען גרויע האָר ביי זיך אין קאָפּ: ניין, באַרני, נישט קיין ווייסע באָוול! דו ווערסט אַלט!...

די אַנדערע פּרעסערס זיינען אונטערגעקומען:

— אַ מבין! אינמיטן העלן טאָג האָט באַרני צייט צו קוקן אין שפּיגל! וואָס הערט זיך מיט די ספּעשלס? — האָט איינער נאָכגע־מאַכט דעם פאָרמאַנס קול.

באַרני האָט געשוויגן. ער האָט געפילט, אַז דאָס רייצן זיי זיך מיט אים פאַר זיין געטריישאַפט צו דער פירמע . . . וואָס האָט ער גע־זאָלט וויסן?

אַרבעטער פון אַלע ווינקלעך האָבן זיך שוין באַצייטנס געלאָזט גיין אַהיים. מ׳האָט צווישן זיך גערעדט שטיל: אָט אַזוי איז דאָס. פאַר־פאַלן! נייטן גראָס האָט אַ לענגלעכן בליק געטאָן אויף דער מענגע מענטשן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּראָצעסיע, און זיך דערמאָנט אָן דער מעלדונג פון דער פירמע: אַ האַלבן מיליאָן דאָלער אָפּגעשפּאָרט! נישט אַנדערש די וועלט מאַכט חוזק פון אים און די אַרומיקע, האָט אים געדליבעט אין קאָפּ: — פאַרוואָס?

באַרני איז אַ ווײַלע נאָך פאַרבליבן אין שאַפּ. די פּוסטקייט אַרום

האָט אים אָנגעהויבן צו שרעקן. ער האָט פעסט אָנגעכאַפּט דאָס הענטל פונעם קאַלטן אייזן, ווי ער וואָלט זיך דאָס געקליבן עמיצן וואַרפן; דער־נאָך, מיט צאָרן אַ שליידער געטאָן אויפן געשטעל, אַז ס׳איז אַזש אויפן טיש געפאַלן. דאָס יעכצן האָט זיך דערטראָגן אין אָפּיס אַריין. גלייך אין די אויערן פון די, וועלכע האָבן זיך פאַר די לעצטע טעג אין שאַפּ ניט באַוויזן. ביידע באַלעבאַטים, דער פאָרמאַן, און דער הויפּט־סיילסמאַן זיינען מיט גיכע טריט אַריינגעלאָפן. געזען באַרניס פּלייצעס הוידען זיך. די פיס, קוים וואָס זיי רירן זיך פונעם אָרט, ווי ער וואָלט שיכור געווען. די קישעלעך פון דעם פּרעס־טיש צעוואָרפן איבערן דיל. דער פאָרמאַן האָט זיך געלאָזט פאַראויס. די באַלעבאַטים האָבן אים צוריק־געהאַלטן . . .

# אַ יורד...

צו דער לוויה פון משה מייקלסאָן, וועלכער איז פּלוצים געשטאָרבן, אין עלטער פון עטלעכע און פופציק יאָר, זיינען געקומען געציילטע מענטשן: עטלעכע גאָר נאָענטע שכנים, טייל פון דער משפחה און אַ פּאָר יידן פון זיין פאַראיין. צום בית־עולם, נאָכן ארון, זיינען נאָכגעפאָרן דריי אויטאָמאָבילן. אין ערשטן: די אלמנה מיט צוויי זין, אַן איינציקע טאָכטער מיט איר מאַן. אין צווייטן: אַ צאָל אַרבעטער פון דעם יונגן מייקלסאָנס לעדער־שאָפּ, ביי וועמען דער פאָטער האָט געאַרבעט און צעטראָגן די סחורות. אין לעצטן אויטאָמאָביל: צוויי יונגע באַלעבאַטים פון צוויי באַזונדערע דרעס־פירמעס, וועלכע האָבן באַשטעלט פרויען־גאַרטלען ביים יונגן מייקלסאָן אין שאָפּ, און אַ לאַנדסמאַן פון דעם פאַראיין, וואו דער פאַרשטאָרבענער איז יאָרן לאַנג געווען אַ מיטגליד.

די באַלעבאַטים האָבן גערעדט מיט פאַרוואונדערונג:

— ערשט נעכטן איז ער געווען ביי מיר אין שאָפּ, — האָט איינער ווי געבייזערט זיך אויפן צווייטן.

— ער שטייט מיר פאַר די אויגן! — האָט דער צווייטער מיט אויסגעשפּרייטע הענט געזאָגט, — שטענדיק האָט ער אַזוי שווער געסאָפּעט, אַזש די צונג אַרויסגעשטעלט...

מען איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. ביידע האָבן זיך דערמאָנט ווי מען פלעגט זיך אויף אים בייזערן, ווען די גאַרטלען זיינען געווען נישט ווי געהעריק געמאַכט. מויש, האָט מען אים גערופן. מ'האָט צו אים גערעדט און ער האָט אַרויסגעשטעלט זיינע אויגן ווי אויטאָמאָביל־לאַמפּן. ער האָט זיך געהאַלטן ביים ברוסט־קאַסטן, געשטאַנען אַזוי באַצערט, קיין איין וואָרט קיינמאָל נישט אָפּגעענטפערט. בשעת כעס, האָט מען זיך פאַרגעסן אַן זיין עלטער: מויש, גיי זאָג דיין באַלעבאָס אַז ער הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין דעם פאַך!

— מויש, זאָג דיין באַלעבאָס, אַז איך וויל די אַרבעט אין צייט. נעם צוריק די וואָס זיינען מיט אויל פאַרפלעקט, זאָל ער זיי האַלטן פאַר זיך...

איינער האָט פּרובירט פאַרשן ביים צווייטן, צי האָט יענער אויך פּוגע־בכבוד געווען דעם אַלטן. און אַז יענער האָט גענומען אויסריידן:

— וואָס קען מען זיך העלפן, אין ביזנעס קען מען קיין מלאך נישט

זיין; האָט דען זיין אייגענער זון צו אים שענער גערעדט? — האָט שוין דער פרעגער געפילט אַ דערלייכטערונג, — ווי באַלד אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש . . .

דאָך האָטביידן געהאַט אַרומגענומען אַן אומבאַשטימטע שרעק. מען האָט זיך, יעדער ביי זיך אין האַרצן, ווי פאַרענטפערט: גיי ווייס אַז ער האַלט גאָר ביים שטאַרבן! נו, וואָס בין איך שולדיק, אַז ער האָט קיין האַרץ נישט געהאַט. גיי האָב דרך־ארץ פאַר אַזעלכן מיט אַזאַ הולך וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בעטלער! ווער האָט געזאָלט וויסן אַז דער מענטש איז אַמאָל געווען אַ באַלעבאָס?

פון דעם לאַנדסמאַן וואָס איז מיט זיי מיטגעפאָרן, האָבן זיי זיך דערוואוסט אַז דער פאַרשטאָרבענער מייקלסאָן, ווּעמען זיי האָבן גערופן מויש, האָט אַמאָל געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אין דער „ביזנעס"־וועלט — ער האָט שיעור נישט געהאַט אַרויפגעקלעטערט צום סאַמע שפּיץ פון דעם גאָלדענעם לייטער — שיעור נישט אַ מיליאָנער. דאָן איז זיין נאָמען געווען פאַרקירצט אויף מייקל. ער איז געווען באַרימט ווייט און ברייט. אויף אַזעלכע צוויי באַלעבאַטים ווי זיי זיינען, וועלכע האָבן זיך אויף אים ערשט נעכטן געבייזערט, וואָלט מר. מייקל זיך דאַן אַפילו ניט געווען אומגעקוקט . . . אַרום אָט־דעם מויש, וועלכער איז נעכטן איבּ־מיטן גאָס געפאַלן מיט אַ פּעקל גאַרטלען פאַרשטייפט אין זיינע הענט, האָבן זיך געדרייט אַגענטן פון הייזער, פון דער בירזשע, און ער האָט געגעבן צו פאַרדינען. מען האָט זיך צו אים געוואַלדיק געחנפעט. מען האָט געלאַכט פון זיינעם אַ וויץ, נאָך איידער ער האָט אים געהאַט פאַר־ענדיקט: מען ווייסט שוין אַז ס׳וועט זיך ענדיקן „פאַני", אַז מר. מייקל דערציילט עפּעס . . . מען האָט אים געגלעט, אַלץ פאַר אים צוגעבראַכט צו דער נאָז. איידער ער האָט אינזינען געהאַט צו בייטן זיין פּאַראַיאַ־ריקן אויטאָמאָביל, איז שוין געשטאַנען פאַר זיין פּריוואַטער הויז אַן אַגענט מיט אַ שפּאָגל נייעם, פון דער לעצטער מאָדע און זיך געלאַס־טשעט צום נגיד:

— מר. מייקל, איך וויל בלויז זען ווי גרויסאַרטיק איר וועט אויס־זען ביים רעדל . . .

— מרס. מייקל, קומט אויך אַריין.

דער לאַנדסמאַן האָט אָפּגעזיפצט:

— נו, דער טויט גלייכט אַלעמען אויס. זאָל אים בלויז דאָס גוטע וואָס ער האָט געטאָן, אַקעגן קומען . . . ער האָט גענוג געזינדיקט קעגן זיינע אָרימע ברידער . . .

ביי די לעצטע ווערטער האָבן זיך די צוויי באַלעבאַטים איבערגע־קוקט, ווי זיי וואָלטן זאָגןביידע אויף אַמאָל: איצט רעדט שוין דער לאַנדסמאַן נאַרישקייטן. און דער לאַנדסמאַן האָט זיך מיטאַמאָל דער־פילט אומבאַקוועם ווייטער צו ריידן . . .

די אַלמנה וועלכע איז געפאָרן מיט אירע קינדער, האָט זיך נישט אויפגעהערט צו טוליען צו דער טאָכטער. זי האָט זיך איצט דערמאָנט אַז קעגן איר האָט די רייכע הויז פון אַמאָל זיך גאָר נישט לייטיש אויפ־געפירט. וואָס עס האָט זיך דאַן אָפּגעטאָן ווען די טאָכטער מרים האָט זיך פאַרליבט אָן דעם מאַשיניסט, וואָס פלעגט אַרבעטן אַרום די מאַשי־נען אין שאָפּ? אין הויז איז געווען תשעה־באב ווען זי האָט חתונה געהאַט, עס האָט געמוזט זיין אין דער שטיל . . . דער טאַטע האָט גע־קלאַפּט אין טיש: ער וועט זיך שעמען זיין פּנים צו ווייזן! אַ קליינ־קייט, ס׳אַראַ חתונה ער, מייקל, וואָלט געפּראַוועט, ווען זי קלייבט זיך אויס זיינס גלייכן! אַלע אַנגעזעענע מענטשן פון דער ביזנעס־וועלט וואָלטן די גאַנצע גאַס פאַרפלייצט מיט זייערע אויטאָמאָבילן.

די לעצטע צייט האָט ער שטאַרק חרטה געהאַט: פאַר וועמען האָב איך זיך עס אַזוי געוואָלט אויסשטעלן? זיי זיינען נישט די ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי! — האָט ער געטענהט, — ביי יענע לייט, אַז מען איז נישט רייך, דאַרף מען דיך מער נישט האָבן. אַז ער איז אַרונטער פון דער מדרגה, האָבן זיך אַלע אָפּגעקערט פון אים. אַז מ׳האָט אים באַ־געגנט האָט מען אים בלויז באַדויערט. ער האָט זיך געבעטן מען זאָל אים געבן אַרבעט, האָט מען זיך פאַרקרימט . . . מען וועט זיך נישט פילן גוט ווען מען וועט אים זען פאַר די אויגן: סטייטש, מר. מייקל גאָר אַן אַרבעטער!

ער האָט זיך אויך באַקלאָגט אויפן זון, ביי וועמען ער האָט געאַר־בעט. ער האָט געוואָלט כאָטש אַמאָל געבן אַן עצה ווי אַזוי צו פירן דעם שאָפּ, האָט זיך דער זון געבייזערט:

— פאָ, מען ווייסט אַז דו ביסט אַמאָל געווען פון די גרויסע וויי־סערס, אָבער היינט איז אַנדערש . . . אַנדערע צייטן, פאָ . . .

די אַלמנה האָט זיך דערמאָנט אַז די לעצטע צייט פלעגט ער זאָגן, אַז ביי דער טאָכטער אין הויז פילט ער זיך אַזוי גוט . . . און אַז ביי די זין איז ער דער אָפּגעקומענער. דער וואָס האָט נישט געהאַט גענוג שכל זיך קעגנשטעלן דעם קריזיס . . . דער איידעם, צו וועמען ער האָט יאָרן נאָכאַנאַנד קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, איז אים אַזוי מקרב:

— זיצט שווער! ערגערט זיך נישט אַזוי! ס׳וועט נאָך זיין גוט פאַר אַלע מענטשן...

אָן אַנדערש מאָל האָט ער זיך באַקלאָגט פאַר איר: אים דאַכט זיך, אַז די לאַנדסלייט דערלעבן זיך אַ נקמה אָן אים. ער האָט צוגעגעבן, אַז זי האָט געהאַט רעכט, ווען זי האָט אים געוואָרנט אין יענע גאָלדענע צייטן, נישט צו קנאַלן אַזוי מיט דער בייטש... זאָל ער נאָר נישט דענקען אַז עס איז הפקר אַ וועלט...

אַז דער דאָקטער האָט אים געזאָגט ער זאָל היטן זיין געזונט, האָט ער מאָדנע געהויבן מיט די אַקסלען: אים איז אַלצאיינס; דערפאַר, אַפּנים, איז ער אַרומגעגאַנגען אַזוי אָפּגעלאָזן, נאַכלעסיק ביז גאָר, זיין קאָפּ געבויגן. זי האָט זיך איצט דערמאָנט ווי צייטנווייז האָט ער זיך געוואָלט אָביסל דערהייבן. ער פלעגט זיך דאַן באַרימען פאַר דער טאָכטער מיט זיין פאַרגאַנגענהייט: נישקשה, ער האָט אויפגעטאָן אַ סך גוטע זאַכן. וויפיל אַנשטאַלטן האָט ער געשטיצט בעת ער איז געווען רייך! וויפיל קרובים האָט ער אויף די פיס געשטעלט! זיין יאָגעניש דאַן איז געווען צוליב די קינדער. ער האָט געוואָלט אַז מען זאָל ביי אים אין שטוב קיינמאָל נישט וויסן פון אָרעמקייט. ער האָט דאַן גע־גלויבט, אַז אַלע טאַטעס קאָנען דאָס באַווייזן, און די וואָס גייען נישט נאָך אין זיינע פוסטריט זיינען ווערט דעם שטעקן... ער האָט זיך מודה געווען פאַר זיין טאָכטער, אַז דעמאָלט האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן ווי היינט. ווען אַ מענטש שטייגט, טראַכט ער בלויז וועגן שטייגן העכער, העכער. ער האָט פאַרענדיקט מיט אַן אויסגעצוי־גענעם זיפץ: איבערגיין זיך קאָן מען נישט, און אַזוי לעבן איז אים שווער, זייער שווער...

די אַלמנה האָט פּלוצים אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. די טאָכטער האָט זי געגלעט איבער אירע ווייסע האָר, איבער איר געקאָרטשעטן שטערן:

— מאַמע, שטאַרק זיך! מיר ווילן זאָלסט זיין געזונט און האָבן נחת אין אונדז, — דעם טאַטן לעבעדיק מאַכן קאָן מען נישט...

— אפשר ווען ער אַרבעט נישט, וואָלט ער נאָך געווען געלעבט, — האָט זיך די מוטער ווי געדונגען מיט דער טאָכטער.

דער עלטערער זון, ביי וועמען דער פאָטער האָט געאַרבעט, האָט זיך אַריינגעמישט:

— כ׳לעבן מאַ, דער טאַטע האָט נישט געאַרבעט שווער, איך האָב אים נישט געלאָזט...

דער צווייטער זון, אַ לאַיער, האָט געטענהט:

— די מאַמע איז גערעכט! דער טאַטע איז נישט געוואוינט גע־ווען צו קיין ארבעט. מיר זיינען ווערט פעטש. ווי אַזוי האָבן מיר דער־לאָזט דעם טאַטן צו ווערן אַ שיק־יינגל ביי די יאָרן? . . .

דער איידעם האָט נישט געקאָנט פאַרליידן זייערע לפנימדיקע רייד. ער האָט דעם לאַיער איבערגעשלאָגן:

— דער שווער איז אַלע יאָרן געווען אַ שיק־יינגל, און וואָס איז דען בעני? — האָט ער געקוקט אויפן שוואָגער, ביי וועמען דער שווער זיי־נער האָט געאַרבעט.

דער לאַיער האָט זיך טיף באַליידיקט:

— מ׳האָט שוין נישט איינמאָל געהערט דיין פילאָסאָפיע. ווען די צייט וועט זיך ענדערן וועסטו בלייבן מיט אַ נאָז . . .

די ארבעטער וועלכע האָבן געהאַט אַזויפיל מיטלייד אויף דעם אַלטן מייקלסאָן און נישט אָנגעהויבן צו וויסן אַז ער איז אַליין אַמאָל געווען אַ באַלעבאָס, האָבן זיך געצאַרנט אויפן זון וואָס האָט פאַרן פאָטער קיין ברעקל דרך־ארץ נישט געהאַט:

— ווי ער פלעגט זיך דאָס מיט אים שאַפן! שרייען אויף אים, אַז ער גייט אַוועק, ווערט ער פאַרלוירן . . .

— אין ביזנעס איז נישטאָ קיין אייגענע . . .

— מען קען דאָך זיין אַ לייטישער באַלעבאָס, — האָט איינער גע־לאָזט פאַלן אַ באַמערקונג. מ׳האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַ געלעכ־טער:

— דעם אַלטנס שולד! ער האָט דעם זון נישט געגעבן די ריכטיקע דערציאונג, — האָט דער צושניידער פון שאַפּ, אַ מיטל־יאָריקער מענטש, זיך אָפּגערופן.

דער פריערדיקער אַרבעטער פון וועמענס מיינונג מ׳האָט ערשט געהאַט געלאַכט, האָט געהויבן מיט די אַקסלען, ווי געשפעט פון דעם צושניידערס ווערטער:

— ווייסעך וואָס, דערציאונג! האָסט דאָך געזען ווי אונדזער באַלעבאָס האָט געוויינט!

— דאָ זיינען אַלע אויפגעשפּרונגען:

— וועווקע, וואָס האָסטו געוואָלט, ער זאָל איצט לאַכן? די חברה האָבן מורא פאַר אַ טויטן טאַטן, מער ווי פאַר אַ לעבעדיקן, — האָט דער צושניידער צוגעגעבן.

דער בית־עולם מיט צעבליטעביימער אַ סך, איז שוין געשטאַנען

פאַר די אויגן און אויסגעזעען ווי עפּעס אַ פּאַרק. פייגעלעך האָבן געזונ־גען. די מענטשן אין די אויטאָמאָבילן האָט זיך געדאַכט, אַז די פייגע־לעך זיינען באַצערט. אין די אויערן האָט זיך ביי זיי געזונגען: סוף, סוף, סוף! די אלמנה האָט געוויינט אַזוי הויך אויפן קול, אַז אין דער פרייקייט אַרום האָט זיך געדאַכט ווער ווייסט וויפיל מענטשן עס ווייַ־נען. די טאָכטער האָט זי געוואָלט איינשטילן, אָבער זי האָט זיך אַליין נישט געקאָנט באַהערשן. דערצו נאָך האָט דער איידעם איר אַריינגע־שושקעט אין אויער אַריין, אַז זי זאָל צורו לאָזן דער מאַמען, זאָל זי זיך אויסוויינען . . .

כמעט אַלע וועלכע זיינען אַרויסגעקראָכן פון די אויטאָמאָבילן האָבן קוקנדיק אויף דער אלמנה אויך באַקומען צעקרימטע פּנימער. דער לאָיער האָט אַרויסגעשלעפּט אַ ווייס האַנט־טיכל און געווישט זיך צום ערשטן דעם שטערן און פאַרבייגייענדיק, די ווינקלען פון זיינע אויגן. עס האָט געמיינט: עס פּאַסט נישט פאַר אַ לאָיער צו האָבן פאַרוויינטע אויגן...

אינעווייניק איז די אַרבעט צוגעגאַנגען גיך, ווי מען וואָלט מורא געהאַט אַז דער מת זאָל זיך נישט אויפכאַפּן. דער עלטסטער זון, ביי וועמען דער פאָטער האָט ביז דער לעצטער מינוט געאַרבעט, האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים קבר און אַרויסגעפּלאַצט: „יתגדל ויתקדש״ . . .

די ווערטער האָבן זיך צעבראָקלט, וואָס אַמאָל אַלץ מער אומפאַרשטענד־לעך. אין האַלדז איז אים געוואָרן ענגער און ענגער. טרערן האָבן זיך געגליטשט איבער זיינע באַקן. אַ כאָר וויינענדיקע קולות האָט אים באַ־גלייט. די עכאָס פון ווייט, ווייט האָבן זיך ווי נאָכגעקרימט. אפשר גע־לאָזט וויסן, אַז די שטאָט האָט שוין דעם מת פאַרגעסן . . .

אַביסל שפּעטער, ווען מען האָט זיך געלאָזט גיין צו די אויטאָמאָ־בילן ביים טויער, האָט מייקלסאָן, דער קדיש־זאָגער, זיך געווענדט צו די צוויי באַלעבאַטים, מיט אַ קול וואָס קומט אַרויס פון אַ צעשפּאָלטע־נעם גלאָק:

— אָט דאָס איז דער סוף!

ביידע האָבן יאושדיק צוגעשאָקלט מיט זייערע קעפּ און באַדויערט מער די ירידה פון דעם אַלטן מייקלסאָן, ווי זיין פּלוצימדיקן טויט. די שרעק פון אונטערגאַנג איז נאָכגעלאָפן זייער גיך־יאָגנדיקן אויטאָמאָביל. פון ווינט האָבן בייזע קולות ווי נאָכגעשריען: איר זענט אויך נישט באַוואָרנט! קיינער נישט . . .

# אינמיטן וועג...

מיט יאָרן צוריק האָט מלך שטודירט פאַר אַן אַפּטייקער. האָט אים די משפחה גערופן מילטאָן. דערנאָך, אַז ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַהער זיין פאַמיליע און געמוזט אויפגעבן זיין שטודירן און האָט זיך דערווייל געלערנט פרעסן קליידלעך אין אַ שאָפּ, כדי מפרנס צו זיין די פאַמיליע, האָט מען אים ווידער גערופן „מלך". דער פריערדיקער דרך־ארץ איז אויך באַלד פאַרשוואונדן. מ׳האָט זיך שוין מיט אים מער נישט געעצהט וועגן אַ מעדיצין, וואָס אַ דאָקטער האָט פאַרשריבן פאַר אַ חולה. ער אַליין האָט אויך אויפגעהערט צו שמעקן צו די פלעשלעך, קנייטשן דעם שטערן און זאָגן ווי אַזוי און פון וועלכע קרייטעכצער די מעדיצין איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז עמיצער וועט באַלד אַ חוזק טאָן פון אים:

— זע נאָר זע, אַ פרעסער מישט זיך אין דאָקטעריי!

שפעטער, ווען מלך האָט זיין פאַמיליע איינגעאָרדנט, האָט ער זיך פאַרשריבן אויף ביינאַכטיקע קורסן. איז ער געשטאַנען ביי דער אַר־בעט אַ מידער פון פאַריקער נאַכט לערנען און צוגרייטן זיינע לעקציעס. ער האָט זיך אַליין געטרייסט: מלך, דאָס שווערע שטיקל צייט וועט פאַראיבער! וועסט זיין אַן אַפּטייקער. אַז דו וועסט צוהאָרעווען אַביסל, וועסטו מיט דער צייט שטיין אין אַ צימערל מיט פאַרשיידענע קאָליר־טע פלעשלעך. אויף אַ טישעלע — אַ קליינע מעשענע וואָג־שאָל מיט פיצעלעך געוויכטן. וועסט פאָרזיכטיק לייענען די לאַטיינישע סימבאָלן, וואָס דער אָדער יענער דאָקטער האָט פאַרשריבן.

מלך איז געבליבן פאַרטיפט אין זיינע מחשבות. ער האָט געקלערט אַזוי: גלייך די ערשטע צייט וועט ער אָנשטעלן אַ פּראָוויזאָר. בלויז צייטנווייז, ביי אַן ערנסטער מעדיצין, וועט ער קומען צו גיין האַלטן אַן אויג... נאָך אַלעמען איז דאָך זיין נאָמען פאַרוויקלט. אין נאָרמאַלע פאַלן, ווען די מעדיצין איז בלויז צופרידן צו שטעלן דעם חולה, וועט ער זיך נישט מישן. ער וועט שטיין אין דער אויסגעפּוצטער, שמעקע־דיקער אַפּטייק. זיין ווייבל נעכע, אין אויסגעפּוצטע, קעגן אים. ער וועט זיך מיט איר שפּאַסן: נעכע, דו ווייסט כאָטש, אַז דו ביסט אַן אַפּטייקערין? געדענקסט וואָס איך האָב דיר אינדערהיים אויפן בולוואַר בחורווייז געזאָגט? האָב איך געהאַלטן וואָרט? ווי באַלד אַזוי, מעג־

סטו מיר געבן אַ קוש גלייך דאָ אויפן אָרט. איך וועל בעת מעשה קליי־גען מיטן „רעדזשיסטער״ . . .

דאָס קול פון פאַרמאַן האָט אים איבערגעשלאָגן:

— מלך, דאָס איז נישט געפּרעסט! דיין קאָפּ איז נישט ביי דער אַרבעט . . . דו נעמסט צו אַ פּלאַץ אומזיסט . . . — ער האָט אים גע־האַלטן אין איין צוריקברענגען זיין אַרבעט.

מלך האָט אים אין האַרצן געזידלט: אַזאַ גראָבער יונג! נישטאָ ביי אים קיין ברעקל דרך־ארץ פאַר אַ מענטשן, וואָס לערנט . . . וועמען, אַשטייגער, קאָן עס שאַדן טאָן, ווען אַ קליידל איז נישט דערפּרעסט? וואָס מאַכט אים אַזוי אויס אַ קנייטשעלע, אַז אין די שאַכטלען וועלן דאָך די קליידלעך סיי־ווי־סיי צעקנייטשט ווערן. מלך האָט טאַקע איינמאָל זיך אויסגערעדט פאַרן פאַרמאַן: ער פאַרשטייט נישט דעם שכל, וואָס מען איז אַזוי בודק . . .

— מלך, דו וועסט שוין קיינמאָל קיין באַלמעלאָכע נישט זיין! — האָט דער פאַרמאַן אים מכבד געווען הויך אויפן קול, אַז אַלע אַרבעטער זאָלן הערן. — אַ מבין, ווי אַ מענטש פאַרנעמט אַ פּלאַץ אומזיסט? זעט העענטלעך ביי אים, ווי ביי אַ זייגערמאַכער . . .

מלך האָט פאַרלאָזט דעם שאָפּ. אויפן וועג אַהיים האָט ער גע־טראַכט, אַז ווען אים זאָל געלינגען צו ווערן אַן אַפּטייקער און דער פאַר־מאַן זאָל צו אים צופעליק פאַרבלאָנדזשען, וואָלט ער אים דאַן שיין אָוועקגעשטעלט. ער וואָלט אים פאַרגעשטעלט פאַר נעכען, אַז ער איז אַ באַלעגאָלע . . . און, ווער ווייס? אפשר וואָלט ער אים גאָר וואָרעם געדריקט די האַנט? אַ דאַנק אים איז ער, מלך, אויפן ריכטיקן אָרט...

און אַז די פרוי זיינע, נעכע, האָט דערזען מלכן אינמיטן העלן טאָג אַ דערשלאָגענעם, אַ בלייכן, אַריינקומען אין שטוב, אַוועקגעזעצט זיך ביים קיך־טיש און אונטערגעשפּאַרט זיין מידן קאָפּ מיטביידע עלנ־בויגנס, האָט זי זיך פאַר אים דערשראָקן. זי האָט אַליין נישט גע־וואוסט וואָס צו זאָגן. זי האָט געטראַכט וועגן דער געפאַר צו בלייבן אָן פּרנסה . . . וועגן דעם, אַז איר מאַן איז געוויס באַליידיקט געוואָרן. זי האָט געקוקט אויף זיין קאָפּ, וואָס הייבט אָן ווערן נאַקעט. די שוואַר־צע האָר זיינען ביי אים געוועזן זיין צירונג. עס האָט איר פאַרקלעמט ביים האַרצן און זי האָט אים אָנגעהויבן גלעטן איבערן פּנים און אים אויסרעדן:

— נו, זאָרג זיך נישט, מלך, דאָס קינד אונדזערס וועט אונטער־וואַקסן וועל איך דיר אַרויסהעלפן . . . צי ווייסטו נישט, אַז איך וויל

דו זאָלסט שטודירן . . . מען טאָר נישט פאַרלירן דעם מוט ! דו ביסט נישט דער ערשטער, וואָס מוטשעט זיך. אַט אַשטייגער, דעם פעטער יאַשע איז אויך נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט ביז ער איז געוואָרן אַן אַד־וואָקאַט.

מלך האָט אַרומגענומען נעכעס שמאָלע טאַליע מיט זיינע הענט ווי מיט אַ גאַרטל. ער האָט איר געקוקט גלייך אין פּנים אַריין און ווי דעקלאַמירט זיינע ווערטער :

— נעכע, דו ביסט אַזאַ גוטע, דיר קומט אַ בעסער לעבן און דו וועסט עס האָבן . . .

אויף מאָרגן איז מלך מער נישט געגאַנגען זוכן קיין אַרבעט. ער האָט באַשלאָסן צו האַנדלען מיט פּאַטענטירטע מעדיצינען, טאַקע צווישן די אַרבעטער. ער וועט זיי איינשפּאָרן אַ סך געלט — האָט ער זיך גע־טראַכט : פאַר בלויז צען סענט הערט מען ביי אים אויף צו ניסן. פאַר אַ „קוואָדער" — אַ פלעשעלע אַ פרימע — עס נעמט צו דעם הוסט ווי דורך אַ כישוף. היינט די פאַרשיידענע פּראַשקעס און זאַלבן. ער האָט זיך געקויפט אַ ספּעציעלן דאָקטער־וואַליז, אויסגעביטן זיינע שפּאָקולן, וואָס ער האָט ביז אַהער געטראָגן, אויף פענסנע און זיך אַ לאָז געטאָן אין מאַרק אַריין צווישן די אַרבעטער.

פאַר זיין פרוו האָט מלך געזאָגט, אַז ער האָט נישט דעם מינדסטן חשק צו לערנען אויף אַפּטייקער. דאָ אין דעם לאַנד איז עס אַ נאַרישע פּראָפעסיע . . . דאָ איז עס מער קענדי־סטאָר ווי אַפּטייק. די מעדי־צינישע אָפּטיילונג איז בלויז אַן אויסרייד פאַר דער דיפּלאָמע, אויף וועל־כער מ'האָט געהאָרעוועט. עס לוינט זיך נישט צו שטודירן . . .

מלך פאַרלאָזט זיך נישט אינגאַנצן אויף זיין נייער פּרנסה. אין סעזאָן, ווען ביי זיין פאַך הייבט אָן צו ווערן אַ מאַנגל אין אַרבעטער, און אין די שעפּער איז מען דעמאָלט נישט צופיל מדקדק, לאָזט ער זיך אַרויס אויף טעג אַרבעט. ער טראַכט זיך : מען דאַרף האָבן אַביסל מזומן צו קויפן אַביסל סחורה. ער פאַרגעסט נישט מיטצונעמען זיין וואַליז מיט די פאַרשיידענע מעדיצינען אין שאַפּ אַריין.

מיטיק־צייט טוט זיך מלך אָן זיינע פענסנע אויף זיין קליינער נאָז מיטן בלויען צייכן אין דער מיט, צעעפנט מיט גרויס דרך־ארץ זיין וואַ־ליז און ווערט אַן אַפּטייקער. זיינע רייד זיינען געקינצלטע, מיט אַ סך ענגלישע ווערטער באַגלייט. די אַרבעטער ווערן ביי אים „ליידיס ענד דזשענטלמען". ער רעכנט אויס די מיטלען זיינע : „פאַר אַ גוטן אַפּעטיט" . . . „צום שלאָפן", און אַפילו „צו קריגן נאַטירלעכן קאָליר אין

פנים״, „אַז די האָר זאָלן נישט אויספאַלן״, אויב זיי זיינען אויסגעפאַלן — וואַקסן זיי צוריק אָן . . .

אויף אייניקע פלעשעלעך און פושקעלעך האָט מלך אויפגעקלעפּט בלעטלעך מיט זיין אייגענעם נאָמען. אַז ער פאַרקויפט אַ מעדיצין, פּליקט ער אָפּ דאָס בלעטל. ער שרעקט זיך אַביסל פאַרן געזעץ . . . מיט אַ היימישן אַרבעטער מאַכט ער אַן אויסנאַם. ער זאָגט יענעם אויפן אויער:

— שטעל עס אַוועק אויף אַ קיל אָרט . . .

און אַז עס מאַכט זיך, אַן אַרבעטער גיט ביי אים ראַפּטאָם אַ פרעג, צי האָט ער נישט עפּעס אַ מעדיצין פאַר זיך אַליין, ער זאָל נישט אויסזען אַזוי בלייך, נישט אַזוי דאַר, שווייגט מלך. ער פאַרמאַכט דעם וואַליז און פון הינטער זיינע פענסנע גלאַנצן דורך טרערן . . .

# גיי האָב אַ צונג . . .

דער לאַנגער זומערדיקער געשטיקטער טאָג איז ענדלעך געהאַט אַוועקגעקראָכן. אין די מערסטע קיכן אין געגנט זייַנען שוין געווען געגרייט די טישן פֿאַרן לעצטן מאָלצייַט. דאָ און דאָרט האָט מען בשעת עסן, באַקלאָגט זיך אויף דער היץ־כוואַליע: ווי שווער עס איז געווען הייַנט צו אַרבעטן! אַ פֿענצטער ווייטער האָט מען זיך געקוויקט מיט דעם ים. דאָס וואַסער איז גראָדע הייַנט געווען קיל, אַ מחיה! אָקעגנאַיבער האָט מען שוין געהאַט אָפּגעגעסן, מ׳האָט זיך שוין געקליבן גיין פֿאַר אַ שפּאַציר אין פּאַרק אַרייַן.

לוריע האָט קוים געפּלאָנטערט מיט די פֿיס. ביי אים האָט זיך ערשט די אַרבעט געהאַט אָנגעהויבן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שיכור אין אַ סאַלון, וועלכער קאָן די טיר נישט געפֿינען צו גיין אַהיים, אָבער די פֿרוי האָט אים דערמאָנט אַז מ׳דאַרף די קראָם אויסקערן, אייַדער ס׳וועט זייַן צו שפּעט. האָט ער איר געפֿאָלגט. געשטופּט דעם בעזעם און געטראַכט אַז זי איז גערעכט: ווען ער האָט כּוח, וואָלט ער עס געמאַכט אַביסל גיכער. אָט־אָט וועלן זיך די ביינאַכטיקע קונדן צונויפֿקומען. באַלאַגערן די „סלאָט־מאַשינען”, די טעלעפֿאָנען וועלן ניט רוען. יונגוואַרג וועט זיך לאָזן וואוילגיין מיט פֿאַרשיידענע געטראַנקען ביז העט שפּעט ביינאַכט. צום לעצט, ווען אינדרויסן אַרום איז שטיל, די פֿענצטער זעלטן באַלויכטן, די מערסטע מענטשן שלאָפֿן שוין, וועלן זיך ערשט די פֿאַרשפּעטיקטע קונדן יאַוועון. זיי האָבן ליב צו ריידן אַביסל פּאָליטיק פֿאַרן שלאָפֿן גיין . . . וואָס איז זייער איילעניש, אַז צו זיי נעמט זיך סיי־ווי־סיי נישט קיין שלאָף?

אָט־די לעצטע, האָט מר. לוריע אַ נאָמען געגעבן נעילה־קונדן. אָפּטמאָל האָט ער זיי עס געזאָגט גלייך אין די אויגן. כאָטש אַביסל זיך צו קילן ס׳האַרץ זייַנס וואָס זיי גיבן אים נישט קיין מנוחה: וויפֿיל איז דער שיעור צו מוטשען זיך דאָ? מאָרגן איז דאָך אויך אַ טאָג!

דאָס שלאָפֿלאָזיקייט איז ביי יעדן פֿון די נעילה־קונדן געהאַלטן געוואָרן פֿאַר אַ סוד. איינער האָט זיך באַרימט פֿאַרן צווייטן אַז ווען נישט דער וויסטער וועק־זייגער וואָלט ער געשלאָפֿן און געשלאָפֿן. ביי זיך

טראַכט מען אַזוי: גיי דערצייל יענעם אַז דו ביסט פון דער שלאַפלאָזער קאַטעגאָריע, וועט מען באַלד וועלן וויסן צי מ׳אַרבעט, צי די באַנק וויל צונעמען די שיעור־נישט אויסגעצאָלטע היים, ווייל דאָ אין געגנט ווייסט מען דאָך, אַז פאַר וואוילטיק לאָזט מען נישט אַוועק די נאַכט מיט שמועסן פּאָליטיק. ס׳איז איינס פון די ביידע: מעדיציניִשע ביכער זאָגן דאָך בפירוש, אַז בעת דער מענטש שלאָפט, פאַרריכטן זיך אַלע אָפּ־געטראָגענע אברים . . . אַז דער מאָרגן קומט צוגיין, האָט מען ווידער כוח.

לוריע האָט גראַדע געוואוסט וואָס ביי איטלעכן באַזונדער טוט זיך. מ׳האָט קוים, קוים דערלעבט צו זען די קינדער גרויסע, דרייען זיי זיך אַרום אויף די גרויס־שטאָטישע גאַסן, זיי ווילן צו עפּעס זיך נעמען, באַ־הילפיק זיין טאַטע־מאַמע, אָפּדאַנקען זיי פאַר די דיפּלאָמעס, וועלכע העכ־גען בכבוד אויף די ווענט; פאַר דעם וואָס מ׳האָט זיי געגעבן אַ מעג־לעכקייט צו לערנען, אָבער די גרויסע שטאָט באַגעגנט זיי מיט חוזק. איז מען אין כעס: אויף וועמען ווייסט מען נישט! לאָזט מען זיך אַוועק אָן טאַטע־מאַמעס וויסן ערגעץ אין אַ מער לייטישער שטאָט, אָבער דאָרט איז נאָך ערגער: נישטאָ ווער ס׳זאָל געבן אָפּצועסן אַ מאָלצייט, אָדער געבן אין דער קעשענע אַביסל קליינגעלט . . . מיטאַמאָל אַ מלחמה! וועט מען נעמען פאַר אַ סאָלדאַט איז שלעכט, ווייל גראַדע האָט זיך גע־מאַכט אַרבעט פאַר אַלעמען . . . נישט נעמען פאַר אַ סאָלדאַט מיינט דאָך אַ קראַנקער זון . . .

די מענער דערציילן דאָס נישט פאַר לוריען, אָבער די פרויען זיי־נען זיך פשוט מחיה וואָס זיין פרוי הערט זיי אויס. טוט לוריען מסוכן ווי זיין האַרץ אויף זייער גורל, ווי אויך אויף דעם אופן ווי מענער ריידן עס פּאָליטיק. מ׳לאָזט נישט פאַלן קיין שטרויעלע אויף די אמתע שולדי־קע. די רייד זייערע, ווי פון קינדער. צום סאַמע תוך קאָנען זיי זיך ניט דערגרונטעווען. פאַרוואָס טאַקע האָבן מיר אַזאַ וועלטל וואָס גייט דיר אַלעמאָל קידער־ווידער?

און אַז איינער פון זיינע קונדן האָט איינמאָל געוואָלט מאַכן אַביסל אָרדענונג אין זייערע מוחות, האָבן זיי אים פשוט אַרויסגעטריבן פון דער קראָם: זיי ווילן מיט אַזעלכן נישט זיין אונטער איין דאַך . . . האָט לוריען געביסן די צונג. ער האָט געוואָלט זאָגן: אָט איז ער שוין אַ קרעמער, ווייסן זיי כאָטש אַז ער האָט פשוט נישט קיין צייט צו לעבן? אַז ער איז אַ שונא דעם בעזעם אַפילו . . .

פאַרוואָס זאָל ער עפּעס זיצן ווי אַ זייטיקער? ער האָט דאָך זיי־

אַזויפיל צו זאָגן! איז אָבער זיין פרוי אַלעמאָל אויף דער וואַך. באַלד ציט זי אויס אַן אויסגעמאַטערטן פינגער און סטראַשעט. זי דערמאָנט אים אַז אין דער לעצטער קראַם זייערער האָט ער זיך צעלאָזט מיט זיין צונג איז געוואָרן אויס קראָם . . . נו, זי איז טאַקע גערעכט, אָבער ווי אַזוי קאָן ער פאָרט צוהערן אַזעלכע נאַרישע רייד און שווייגן? קבצנים זאָלן וועלן נאָר פארשטעלן די רייכע! „גאָט האָט זיי געגעבן, האָבן זיי" . . . טענהט מען.

לוריען דאַכט זיך צומאָל אַז אימיצער סודעט אים אין אויער אַריין: שימקע, פלאָנטער זיי אויף! זאָג זיי וואָס דו האָסט געלערנט וועגן קלאַסן! אָבער באַלד קומט אים אויף דער מחשבה וואָס די „ביזנעס" האָט אים געלערנט: דער קונד איז אַלעמאָל גערעכט! דו קרעמער, דאַרפסט בלויז אויסהערן . . .

פלעגט זיך לוריע אינגאַנצן אָפּטראָגן. געשטעלט זיך מין הצד. כלומרשט געציילט דעם פּדיון פון טאָג. געקלונגען מיט דעם קליינגעלט אַז צו זיינע אויערן זאָלן נישט גרייכן די פאַרפלאָנטערטע רייד. אינגאַנצן האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. פון צייט־צו־צייט האָט ער אָפּגעשטעלט זיין ציילן. געכאַפּט אַ פּאָר ווערטער, פאַרקרימט זיך ביז גאָר און גלייך זיך דרייפאַכיק צעקלונגען מיט די מטבעות, וועלכע האָבן זיך שוין געפונען אין אַ קויטיק טאָרבעלע . . .

נאָך האַלבע נאַכט, ווען מאַן און פרוי זיינען געגאַנגען אהיים, מידע, אויסגעשעפּט פון זייערע כוחות, האָט זיך לוריע אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און באַלד אַרויסגעקרעכצט:

— צו וועלכע גוטע יאָר דאַרף איך האָבן אַ צונג אין מויל?

די פרוי האָט זיך אים געלאָזט אַראָפּריידן פון האַרצן. זי אַליין האָט אויך מיטלייד מיט אים. אַזאַ באַריידעוודיקער מאַן זאָל דאַרפן נאָר צוהערן וואָס יענער האָט צו זאָגן . . . זי האָט געטראַכט: זי וועט אים אַלעמאָל אויסהערן, אַבי נישט דאָרט, אין קראָם! ס'איז פּאָרט שעדלעך צו דער פּרנסה . . . גיי זעץ אַרויף דיין קאָפּ אויף יענעם, ווען יענער דענקט אַז זיין קאָפּ איז דער בעסטער אין דער וועלט . . .

אין הויז, ווען דער שלאָף האָט אַזוי געמאַניעט, פון די קינדער־בעטן האָט זיך געטראָגן אַ כראָפּעריי מיט אַ פאַרנעם, האָבן זיך טאַטע־מאַמע ווי צוויי גנבים אַריינגעשאַרט אויף זייערע שפּיץ שיך צו זייער צימער, געקוקט אויף די בעטן, וועלכע זיינען זעלטן פאַרבעט, און אַן וועלכע עס איז צערעמאָניעס זיך גענומען אויסטאָן.

לוריע האָט זיך ווידער באַקלאָגט:

— ביסט כאָטש אַ מבין אויף די פּאָליטיקער ? זיי האָבן דאָך מיר מיינע נערוון צעשרויפט !

— שימקע, ביסט גערעכט !

— אפשר וואָלסטו אויפגעהערט מיר אַלץ נאָכבאָמקען ? אַלעמאָל בין איך ביי איר גערעכט ! אדרבא, פּאַרענטפער כאָטש איינעם פון זיי דאָרט ! לאָז מיך עפּעס זאָגן וויכטיקעס . . .

די פרוי האָט אים מוטערלעך געגלעט איבער די באָקן :

— איצט דאַרפן מיר גיין שלאָפן !

לוריע האָט זיך אַריינגעשליידערט אין בעט און מיט צאָרן געלאָזט הערן זיין קול פון אונטער דער קאָלדרע

— אַפנים אַז מ'האָט אַ קענדי־סטאָר דאַרף מען קיין צונג נישט האָבן . . .

די פרוי האָט אים נישט געענטפערט. זי האָט געטראַכט : אַז זי וועט נאָך עפּעס זאָגן, וועט מען צעפּטרן די פּאָר שעה שלאָפן. זי האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל, אַ סימן אַז ער דאַרף זיין שטיל. באַלד וועט ער דאַרפן אויפשטיין. לוריע האָט אָפּגעזיפצט, די פרוי האָט אים נאָכגעטאָן, אויף אַזאַ אופן דעם גערעכטן מאַן אָפּגעענטפערט . . .

# דאָס סאָלדאַטסקע קנעפּל . . .

דער סאַלון, נישט ווייט פון קעמפּ, איז געווען געפּאַקט מיט סאָל־דאַטן. טייל האָבן געהאַט באַלאַגערט דעם „קאָנטער”, אַנדערע זייגען געזעסן אויסגעזעצט ביי אָפּגעטיילטע טישלעך, מ'האָט געטרונקען בראַנ־פן, ביר, כמעט אָן אַ רעכענונג. אין דער לופטן האָט זיך געטראָגן אַ זויערער גערוך וואָס האָט געקיצלט אין די נעזער. זיילן רויך האָבן זיך געדרייט הין און צוריק. איינער האָט דעם צווייטן געזען ווי דורך אַ נעפּל. די אויגן ביי די מערסטע האָבן אויסגעזען שלעפערדיק. די פּנימער — פאַרפאַליעט. די שפּיץ נעזער — רויטלעך. דאָ און דאָרט האָט מען זיך שווין געהוידעט ווי אויף אַ שיף אינמיטן ים. די גאָר יונגע פון זיי, מיט וואָרעניק־היטלען אויף אַ זייט, האָבן אויסגעזען נאָך מער פאַרשאַרט ווי די עלטערע: נישטאָ דאָ קיינער ווער עס זאָל אַ דעה זאָגן . . .

די געשפּרעכן זיינען דורכאויס געווען וועגן זייער קעמפּ־לעבן. מען האָט זיך געשפּאָסט אויפן חשבון פון די עלטסטע. איינער האָט דערציילט וועגן זיין קאָמפּאַני־קאָמאַנדיר, וועלכער האָט אַ פליך, געבראַכט מיט זיך פון ציווילן לעבן, און ער האָט נישט געקאָנט צוזען ווי זיי, די סאָל־דאַטן אונטער אים, שפּיגלען זיך אָן זייערע שיינע קעפּ האָר, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז אַלע זאָלן זיך אָפּגאָלן ביז צו דער הויט: מען האָט אים גאָר נישט געבענטשט דערפאַר . . .

אַ קאָרפּאָראַל פון דער זעלביקער קאָמפּאַני האָט פון געוואוינהייט וועגן פאַרענטפערט דעם קאָמאַנדיר:

— מען שמועסט אַז ער האָט עס געטאָן צוליב אונדזער אייגענעם געזונט . . .

— מוחל, מוחל! איך האָב ליב אַ טשופּרינע, — האָט אים דער פּרייוועט איבערגעשלאָגן, ער זאָל מער ניט פאַרענטפערן זייער עלטסטן.

נאָך איינער האָט דערציילט וועגן זיינעם אַ לייטענאַנט, וואָס האָט פיינט צו זען סאָלדאַטן זיצן ליידיק — אפילו אין אַ רעגנדיקן טאָג, ווען מען קאָן נישט גיין אינדרויסן אַרויס מושטירן. ביי אים אין די אויערן קלינגט אַפילו דאָ זיין שטימע:

— סאַרדזשענט! — האָט דער סאָלדאַט נאָכגעמאַכט יענעמס שטי־

מע, — מאַך מיט זיי אַביסל איבונגען. די ביינער פון אַ סאָלדאַט דאַרפן אַלעמאָל זיין בויגיק . . . ער וועט זיך אייך אַוועקשטעלן אינדרויסן און וואַרטן פאַר אַ „קרבן“, טאָמער וועט איינער פאַרגעסן צו פאַרשפּיליען זיך דעם מונדיר, אָדער מיט איין האַנטשוי אַנגעטאָן. דערפאַר, ווען מען סאַלוטירט אים פלינק, די פינגער צוזאַמענגענומען, נאָענט צום שטערן, ווי עס שרייבט זיך פאַר אין אַרמיי־בוך, דאַן וועט ער אייך אַלץ פאַרגעבן. פון אַזאַ סאַלוט טוט אים גערוואַלדיק הנאה . . . ווער שמועסט נאָך, אַז מען שטעלט זיך אַביסעלע אָפּ, פרעגט שוין נישט ! . . .

ביי אַן אַנדער טישל האָט מען גערעדט וועגן אורלויבן. פרייוועט לואיס האָט פאַרקלאָגט זיין יונגן קאַפּיטאַן וואָס איז בלויז ווייכהאַרציק צו די פאַרהייראַטע : „פרייוועט מיטשל, ווילסט גיין זען דיין פרוי ? אָט האָסטו אַ „פּעס“!

— דאָס איז נישט ריכטיק ! — האָט פרייוועט פיליפּס גערעדט מיט פאַראיבל אין זיין טאָן, — וואָס הייסט ? עלטערן פאַרן זען איז נאָך וויכטיקער. אַ מאַמע טראַכט מער איבער ווי אַ ווייב . . . זיין קאַפּיטאַן איז שוין אין דעם זינען גאָר אַנדערש. עלטערן האָבן ביי אים דעם פאַרצוג . . . מען מוז אים צוזאָגן, אַז מ׳פאָרט גלייך אַהיים זען דעם טאַטן מיט דער מאַמען . . .

ביים „קאַנטער“ האָט איין סאָלדאַט עטלעכע מאָל געגענעצט, גערהוידעט זיך, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אַלע פאַרזאַמלטע און געפרעגט הויך אויפן קול :

— עי, באָדיס, וואו האַלטן מיר מיט דער מלחמה ? מיר זיינען נאָך אַלץ נישט פאַרטיק ?

— מייק, מען וואַרט דאָרט פאַר דיר ! — האָט זיך דערהערט פון ערגעץ אַ שטימע.

— איך קום ! איך קום ! — האָט מייק אויף אַ קינדערשן אופן געמאַכט עטלעכע שפּאַן און דער עולם האָט געלאַכט.

פון אַן אַנדער ווינקעלע, וואו עטלעכע סאָלדאַטן זיינען געשטאַנען אין אַ רעדל אַקסל־צו־אַקסל, געקוקט זיך אין די אויגן ווי פאַרליבטע, האָט זיך דערטראָגן אַ היימיש געזאַנג אָנגעפילט מיט בענקשאַפט.

מיטאַמאָל, אַ קריגעריי צווישן צוויי סאָלדאַטן.

פרייוועט נעלסאָן, אַ הויכער, מיט פלאַקסענע האָר און בלויע אויגן, האָט געשריען הויך אויף זיין לירישער שטימע :

— אַזעלכע רייד הערט מען פון אַ נאַצי ! טו אויס אונדזער אוניפאָרם, דו ממזר !

און דער צווייטער, פּרייוועט קאַלאַמבאַ, אַ ברונעט, מיט ברייטע פּלייצעס און אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ, האָט געשריען נאָך העכער:

— איך בין פּונקט אַזאַ פּאַטריאָט ווי דו! וואו מיינסטו בין איך געבוירן געוואָרן? איך האָב אָבער בלוט אין זיך און זאָג נאָכאַמאָל, אַז מיט די יאַפּאַנצעס האָבן מיר זיך לייכט געקאָנט פאַרגלייכן, און מיט די דייטשן — זאָלן זיך די יידן גיין שלאָגן... איכ'ל וועטן ביר פּאַר אַלע־מען אויב דו אַליין וואָלסט נישט געוואָלט גיכער פאַרברענגען מיט אַ מיידל, איידער זיך לערנען ווי אַזוי אַרומצוקריכן אויף אַלע פיר ערגעץ אין אַ דזשאַנגל ווי אַ חיה...

— ווער איז ער? — האָט אַ שכן אַ פרעג געטאָן ביי אַ צווייטן.

— דערקאָנסט אים נישט אַן זיין לשון?

— כ'זע אים ס'ערשטע מאָל!

— ער איז פון די נייע רעקרוטן...

— עי דו, האָב נאָר נישט אַזאַ גרויס מויל! — האָט זיך אַריינגע־מישט סאַרדזשענט קעלי, וועלכער האָט ביז אַהער געביסן זיין ליולקע.

קאָרפּאָראַל לי האָט אים פּרובירט איינשטילן:

— לאָז אים צורו, ער איז שיכור, פּלאַפּלט ער!

— פאַרוואָס רעדט ער נישט קיין לייטישע רייד?

— דאָ איז די אַרמיי!

— נו, האָט ער נישט קיין שכל!

די ליפּן ביים פּרייוועט נעלסאָן האָבן געציטערט. ער האָט מער נישט געקאָנט קוקן גלייכגילטיק אויף פּרייוועט קאַלאַמבאָן, וועלכער האָט געקרימט זיך מיט דער נאָז, זייטיק אָפּגעהוזקט פון דעם סאַר־דזשענט.

ער האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן מאַנטל און געהאַלטן שטייף ביי די לאַצן:

— קום אינדרויסן, דו סאַנאָוואַ...

קאַלאַמבאַ האָט זיך פרעך צעלאַכט:

— איך וועל זיך נישט גיין איינשמירן מיינע הענט מיט אַ יידן... אָדער אַפילו מיט זייערס אַ ליבהאָבער...

— דו ממזר, וואָס שלעפּסטו אַריין די יידן אינדערמיט? — האָט נעלסאָן געטופּעט מיט די פיס.

— לאָז מיך אָפּ, דו לויזיגער! — האָט קאַלאַמבאַ געדונערט.

נעלסאָן האָט אים אונטערגעשטעלט אַ קולאַק אונטער דער מאָרדע, אויסגעצויגן אים דעם גאָרגל.

קולות האָבן זיך דערטראָגן פון אַרום:
— גיב אים, נעלסאָן! גיב אים!
— מ׳דאַרף אים אויסטאָן די אוניפאָרם!
— מ׳דאַרף אים אַוועקשטעלן אין גאַס אין די הוילע גאַטקעס . . .
כאַ־כאַ־כאַ . . .

קאַלאַמבאַ האָט אויסגעזען געל. ער איז געוואָרן שטאַרק צעטומלט. עפּעס האָט ער געזאָגט, אָבער מ׳האָט אים פאַרשריען.

דער אייגנטימער, מיט אַ רויטן קאַרק, האָט געקלאַפּט מיט זיינע גרויסע פויסטן אין טיש אַריין: ער וויל נישט קיין געשלעג ביי זיך. ער וועט באַלד אָפּרופן אין קעמפּ אַריין, האָט ער געסטראַשעט. דערנאָך ערשט האָט ער זיך אַליין מטריח געווען און „צעריסן" די צוויי סאָלדאַטן.

נעלסאָן האָט בעת מעשה אָפּגעפּליקט ביים פּרייוועט קאַלאַמבאַן אַ קנעפּל פון מונדיר. איבערגעלאָזט אים אַ פאַראַכטעטן בליק, אויסגעגלייכט זיך און איז אַוועק צוריק אין קעמפּ.

אויף מאָרגן, נאָך איידער מ׳האָט זיך גענומען צו דער אַרמיי־רוטינע, איז פּרייוועט נעלסאָן געשטאַנען אויסגעצויגן פאַר זיין קאָמאַנדיר און דערציילט אים וועגן אַן אומבאַקאַנטן סאָלדאַט, וועמענס פּנים ער האָט זיך אַפילו געמיאוסט ריכטיק אָנקוקן, אָבער יענעמס רייד לאָזן אים נישט רוען . . . ער איז אַ גאַנצע נאַכט צוליב דעם נישט געשלאָפן. איין באַווייז האָט ער מיט זיך — אַ קנעפּל, וואָס ער האָט ביי יענעם אָפּגעפּליקט פון מונדיר . . .

דער קאָמאַנדיר האָט אַ שמייכל געטאָן בעת נעלסאָן האָט אים דערלאַנגט דאָס מעשן קנעפּל. אָבער זיין פּנים איז באַלד ערנסט געוואָרן, ווען ער האָט דערהערט וואָס יענער האָט געזאָגט. אַזאַ הונט קאָן מען ניט פאַרשווייגן! ער׳ט באַלד מעלדן אין די אַנדערע קאָמפּאַניס וועגן אַן אונטערזוכונג, האָט ער נעלסאָנען פאַרזיכערט. נאָך היינט וועט מען דעם אומבאַקאַנטן סאָלדאַט געפינען און אים ווייזן ווער עלטער איז . . . ביז וואָס ווען זאָל נעלסאָן האַלטן ס׳מויל: קיינער טאָר פון דעם נישט וויסן . . .

כמעט אין דער זעלביקער צייט האָט זיך פּרייוועט קאַלאַמבאַ געכאַפּט אַז ביי זיין מונדיר פעלט אַ קנעפּל און ער וועט קריגן אַ גאַב, ווען מען וועט אים פּאַקן. דער היץ־קאָפּ, וועמען ער האָט נעכטן באַגעגנט אין סאַלון האָט אים אפשר פאַרמוסרט. ער האָט טאַקע נישט באַדאַרפט פּלאַפּלען אַזוי אָפן . . . מ׳האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל „גראָבן"

שטילערהייט, און דאָ האָט ער זיך גלייך פאַרקנאַקט. וואָס האָט ער גע־זאָלט טאָן, אַז אים האָט אַזוי געצויגן נאָך אַביסל בראַנפן . . . פאַר־פאַלן ! די בעסטע זאַך איצט פאַר אים, ער וועט אָנטאָן פרייוועט מילס מונדיר, יענער טראָגט זיין מאָס און שאַ־שטיל. ער איז אַוועק עסן.

אין „מעס־האָל" האָט זיך פרייוועט קאָלאָמבאַ דערפילט זייער נישט באַקוועם. אים האָט זיך נאָר געדאַכט אַז אַלע סאָלדאַטן קוקן אויף אים. אַז פרייוועט מילס וועט באַלד צוקומען מאָנען זיין מונדיר און אים פאַר־שעמען פאַר אַלעמען אין די אויגן. ער האָט אַריינגעטאָן די אויגן אין זיין בלעכענעם שיסל און נישט געקוקט צו קיינעם. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער איבערקומען און אַרויס פון דאַנען.

אָבער אינמיטן עסן נאָך — אַ באַפעל ! אַז אַלע סאָלדאַטן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן טראָטואַר אין דאָפּלטע רייען.

פרייוועט קאָלאָמבאַ איז דער ערשטער אַרויס. ער האָט שוין דאָרט געטראָפן סאָלדאַטן פון אַלע סקוואַדראָנען. ער האָט קוים געקאָנט אָנ־זען די ענדע פון דער לאַנגער מענגע סאָלדאַטן. די קאָמאַנדירן פון גאַנ־צען קעמפּ זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט.

עס האָט באַלד אָפּגעקלונגען אַ שטימע :

— אַכטונג ! — און מ׳האָט דאָס קול פון סאַמע עלטסטן צעטראָגן צו אַלעמען.

די אָפיצערן, קאַפּיטאַנען, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיט פולער מי־ליטערישער ערנסטקייט בודק זיין יעדן סאָלדאַט באַזונדער : צו וועמען געהערט דאָס אָפּגעפּליקטע קנעפּל, וואָס פרייוועט נעלסאָן האָט געבראַכט צו זיין קאָמפּאַני־קאָמאַנדיר ? טייל זיינען געגאַנגען אין דער פראָנט־רייע, טייל אינמיטן, ווי דורך אַן ענדלאָזן ליקל.

לייטענאַנט טשעסטער האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט. אויף זיין ראָזעווע פּנים האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ צופרידענער שמייכל. ער האָט אויפגעהויבן זיין רעכטע האַנט אַלס צייכן, אַז מ׳דאַרף מער נישט זוכן : געפּאַקט דעם פויגל ביי וועמען עס פעלט אַ קנעפּל . . .

פרייוועט מילס, לעבן וועמען דער לייטענאַנט טשעסטער איז גע־שטאַנען אַ ווײַלע אַזאַ זיגרייכער, האָט נאָך אַלץ נישט געוואוסט פון וואָס צו זאָגן. ער האָט אויסגעזען מסוכן בלייך : עפּעס גאָר נישט קיין גוטס קומט אויף אים און ער קאָן זיך בשום אופן נישט כאַפּן אין וואָס זיין זינד באַשטייט . . .

מ׳האָט אַלע סאָלדאַטן פריי געלאָזט, נאָר פרייוועט מילסן האָט לײַ־טענאַנט טשעסטער מיט גרויס פּאַראַד געפירט צו זיין קאַפּיטאַן.

— נו, זאָג נאָר איבער די רייד וואָס דו האָסט נעכטן אין סאַלון גערעדט ! — האָט אים דער קאַפּיטאַן ביי זיך אין אָפיס באַפוילן, גלייך ביים אַריבערטרעטן די שוועל.

מילס האָט זיך געוואָלט אַ ריר טאָן, אָבער סאַרדזשענט פּיט וואָרנט אים, אַז ער דאַרף שטיין אין „אַטענשאַן" שטייף אויסגעצויגן.

— איך ווייס נישט וואָס מ'וויל פון מיר האָבן ! — האָט מילס זיך שיעור נישט צעוויינט.

— מאַך זיך נישט טאַמעוואַטע און קום אַרויס מיט לשון, — האָט דער סאַרדזשענט מיט ברייטקייט געפּרואווט זיך נוצלעך מאַכן אין די אויגן פון זיין קאַפּיטאַן.

— ווער האָט דיך אויסגעלערנט אַזעלכע רייד ? — האָט דער קאַפּיטאַן מעשה טאַטע ביי מילסן געפרעגט.

— וואָס 'אַראַ רייד ?

דער קאַפּיטאַן האָט זיך „אָנגעצונדן", זיין פּנים איז אינגאַנצן רויט געוואָרן, אַפילו זיינע אויערן. ער האָט שוין געטופּעט מיט די פיס :

— פייגלינג וואָס דו ביסט ! מען דאַרף נישט האָבן די מלחמה, האָסטו געזאָגט — פאַר די יידן שלאָגן מיר זיך ? האָסט נישט געלייענט די ציייטונגען וואָס די נאַציס טוען מיט פעלקער ?

— איך האָב קיינמאָל אַזוי נישט געזאָגט, — האָט פרייוועט מילס אויסגעשריען און אין די ווינקלען פון די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן.

— דו דערקענסט דאָס קנעפּל ? — האָט ענדלעך דער קאַפּיטאַן אַרויסגעפּלאַצט און עס צוגעטראָגן מילסן נאָענט כמעט צו די אויגן און אים אָנגעוויזן אויפן מאַנטל סאַמע אויבן, פון וואַנען עס האָט ווי אַרויס־געשפּראָצט שטיקלעך באַוול. — סאַרדזשענט, האַלט אַן אויג אויף אים, — האָט דער קאַפּיטאַן פאַרענדיקט, און באַפוילן ביידע צו פאַרלאָזן דעם אָפיס.

פון יענער זייט טיר האָט דער סאַרדזשענט דערזען קאַרפּאָראַל בע־נעטן און אים גלייך צוגערופן. ביידע האָבן זיך געסודעט אַ ווײַלע, בע־נעט האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און בעת מעשה געקוקט מיט גרויס פאַראיבל אויף מילסן . . . אַזאַ חוצפּהדיקער בחור, זיך נישט געריכט אויף אים . . .

נייגעריקע סאָלדאַטן וועלכע זיינען די גאַנצע צייט געשטאַנען ביי דער טיר פון אָפיס האָבן אַרומגערינגלט מילסן, דעם סאַרדזשענט, און קאַרפּאָראַל בענעטן :

— וואָס גייט דאָ פאָר ? — האָבן אַלע אויפאַמאָל געפרעגט.

דער סאַרדזשענט האָט זיך אויף זיי געבייזערט: זאָלן זיי נישט שטופּן די נעזער וואו מען דאַרף נישט! זיי וועלן שוין אויסגעפינען...

איין סאָלדאַט, וועלכער האָט נישט ווייט פון זיי געשפּילט אויף אַ צעפּאָרענער פּיאַנאָ, ווי ער וואָלט געקלאַפּט אויף אַ שטיק בלעך, און פאַרלעך סאָלדאַטן האָבן זיך געדרייט אויפן לאַנגן דיל, האָט אויפגעהערט צו שפּילן און די טענצער זיינען געבליבן אינמיטן, כמעט מיט די פיס אין דער לופטן. אַלע האָבן רחמנות אויף מילסן און מ'ווייסט ניט וואָס מ'קאָן טאָן פאַר אים...

מילס האָט אָנגעהויבן אַרומשפּאַצירן הין און צוריק, דעם האַלדז אין קאָלנער, די הענט אין די קעשענעס, אַז מ'זאָל נישט זען ווי אַפילו זיינע פינגער ציטערן. דערנאָך, צו פאַרטרייבן זיין עלנטקייט, האָט ער אַרויסגעצויגן אַ באַשריבענעם קאָנווערט פון אַ קעשענע, אַ פּיר געטאָן זיינע בליקן, געלייענט און געחידושט זיך: ווי קומט צו אים אַ בריוו וואָס איז אַדרעסירט צו פּרייוועט קאַלאַמבאַן?

ער האָט עטלעכע מאָל געלייענט: אפשר אַ טעות? זיינע אויגן האָבן זיך צעפינקלט. ער האָט זיך אַ פרייליכער געווענדט צום סאַרדזשענט: אָט איז אַ באַווייז וואָס ס'האָט זיך פאַרביטן מיט זיין מאַנטל.

דער סאַרדזשענט האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך:

— ווי ער וויל זיך עס אַרויסדרייען! ס'וועט נישט אַרבעטן, פּרייוועט מילס! איצט איז צו שפּעט זיך ריינצוואַוואַשן... צו מיר האָסטו גאָרנישט, איך האָב דיר נישט געהייסן פּלאַפּלען...

מילס האָט אים אָנגעהויבן צו גלעטן איבער די פּלייצעס: ער מוז אים נאָכאַמאָל לאָזן ריידן צום קאַפּיטאַן איידער יענער פאַרלאָזט דעם אָפּיס.

— ניין, ער וועט אים נישט דערלויבן!

— פאַרוואָס? — האָט מילס אויף אים געשריען, — זאָל ער אים זאָגן ווי קומט אין זיין קעשענע אַ בריוו וואָס איז אַדרעסירט גאָר צו פּרייוועט קאַלאַמבאַן?

דער סאַרדזשענט האָט צוליב נייגעריקייט וועגן אַ קוק געטאָן אויפן קאָנווערט און מיטאַמאָל, ווי אימיצער וואָלט אים אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין: „עי סאַרדזשענט, צי קאָנסטו נישט פּרייוועט מילסן? צי ווייסטו דען נישט אַז ער איז אַ באַשיידענער בחור? זע ווי כמעט אַלע דאָ אין דער קאַזאַרמע זיינען זיך גרייט אָנצונעמען פאַר אים; פּרייוועט מאָרי, וועלכער באַפּאַלט די פּיאַנאָ ווען ער האָט נאָר צייט האָט אויפגעהערט צו שפּילן — פאַרוואָס?"

ער האָט אָפּגעמאָסטן מילסן מיט זיינע בליקן. געריבן זיך אַ ווייַלע דעם שטערן, צעשויבערט זיינע טיפע וויַס און מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— וואַרט נאָר אונטער אַ ווייַלע! — ער האָט זיך געלאָזט גיין אין אָפיס אַריין וויַזן דעם קאַפּיטאַן דעם בריוו וואָס מילס האָט ביי זיך אין קעשענע געפונען: עפּעס איז דאָך נישט גלאַטיק...

מילס האָט אים נאָכגעקוקט. ער האָט עפּעס געשעפּטשעט מיט די ליפּן, ווי אין אַ תּפילה, אַז דער קאַפּיטאַן זאָל אים וועלן אויסהערן.

סאָלדאַטן אַרום האָבן זיך געשושקעט:

— וואָס גייט דאָ פאָר?

— ווער קאָן וויסן?

— מילס איז אַ לייטישער בחור; אפשר נישט?

— נו, זעסט דאָך!

— פּרייוועט מילס! — האָט זיך דעם סאַרדזשענטס קול געלאָזט הערן און די סאָלדאַטן זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. מילס האָט זיך אַ יאָג געטאָן מיט פריילעכע טריט אין אָפיס אַריין.

דער קאַפּיטאַן האָט אויף אים שוין מער נישט געקוקט מיט אַזויפיל אומצוטרוי ווי פריער. ער האָט געטראַכט: דער ענין לאָזט זיך אויפפּלאָנטערן... דעם בריוו וואָס דער סאַרדזשענט האָט אים דערלאַנגט, האָט ער געהאַלטן מיט די שפּיץ־פינגער ווי אַן אומריינע זאַך. עס האָט אים באַצייטנס אָנגעהויבן צו פאַרדריסן וואָס אַט־דער נפש, פּרייוועט מייק קאָלאָמבאַ געפינט זיך אין זיין קאָמפּאַני. ער האָט געהאַט אַ פּאַרלאַנג צו באַפעלן מיטן סאַרדזשענט אים גלייך אַהער ברענגען און אַ נעם טאָן אים אויפן פאַרהער גלייך פאַר די אויגן פון דעם אומשולדיקן פּרייוועט מילס, וועמען מ'האָט אומזיסט און אומגישט פאַרשאַפט אַזויפיל עגמת־נפש. ווען ער איז נישט קיין קאַפּיטאַן, וואָלט ער זיך אַנטשולדיקט פאַר מילסן; מ'דאַרף אים פונדעסטוועגן זאָגן אַ פּאָר גוטע ווערטער:

— פּרייוועט מילס, דו מעגסט שוין גיין, — האָט דער קאַפּיטאַן צו אים געזאָגט און בעת מעשה געשמייכלט, — דו ביסט פריי און באַלד וועסטו האָבן צוריק דיין מאַנטל...

פּרייוועט מילס האָט מיט גרויס דרך־ארץ סאַלוטירט און אַ דריי געטאָן זיך אויף די שפּיץ שיך, אָפּצוקערן זיין פּנים פון קאַפּיטאַן און מיט שטאָלץ אַרויסמאַרשירט פון אָפיס.

* * *

אינמיטן העלן טאָג, די זון האָט געשיינט, שניי פון אַלע זייטן האָט געבלענדט די אויגן ביז טרערן, סאָלדאַטן האָבן געקלונגען מיט זייערע מעטאַלענע שיסלען, לעפל און גאָפּלען, געוואַרט אין דער ריי אויף זייער מיטיק, האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן פּרייוועט קאָלאָמבאָ אָן זיין אוני־פאָרם, גאָר מיט בלויע אַרבעטס־קליידער. נאָך אים איז מיט גרויס שטאָלץ נאָכגעגאַנגען מילס מיט אַ ביקס אויף זיין אַקסל. די מערסטע סאָלדאַטן האָבן צו אים געוואונקען מיט די אויגן: איצט פאַרשטייען מיר שוין! קאָלאָמבא האָט געזינדיקט און אויף דיר האָט מען גע־וואָלט וואַרפן די שולד . . .

דער קאַפּיטאַן אין אָפּיס האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער און געוואַלדיק הנאה געהאַט פון זיין אייגענעם איינפאַל, וואָס ער האָט באַ־שטימט מילסן צו פירן דעם אַרעסטירטן סאָלדאַט. ער האָט דערנאָך זיך געשפּילט מיטן מעשענעם קנעפל פון יענעמס מאַנטל, געגלעט עס, געווען צופרידן וואָס דורך דעם האָט מען געפּאַקט אַ שונא . . .

# אויף קרומע וועגן

אין הויז איז געווען שטיל ביז גאָר. אויסגעבלייכטע צווי פּרויען, אַ שוויגער מיט איר שנור, האָבן זיך געהאַלטן אין איין אַרומפּאַרען דאָ און דאָרט. ביידע האָבן אַרומגעשוועבט אויף זייערע שפּיץ־נעגל, אַז קיין שאָרך זאָל זיך נישט דערטראָגן צום חולה, דעם יונגן רב, אפרים פּינקוס. דער דאָקטער האָט באַפוילן אַז ער דאַרף רו, — אַ סך שלאָף. נישט פאַר־לאָזן זיך אינגאַנצן אויף די פלעשלעך מעדיצינען. האָבן די פּרויען אויס־געפּאָלגט ווי געטרייע צוויי סאָלדאַטן אויף גאָר וויכטיקע פּאָסטנס.

חנה, דעם חולהס פּרוי, האָט זיך אין איר האַרצן בעת מעשה גע־מוסרט, אַז זי איז די סאַמע שולדיקע אין איר מאַנס קראַנק ווערן. הלוואי וואָלט זי געהאַט געגוג מוט צו זאָגן דאָס הויך אויפן קול, אַז די שוויגער זאָל עס הערן, וואָלט איר אפשר לייכטער געוואָרן:

„אפרים האָט זיך ביי איר געבעטן, זי זאָל אים ניט צורעדן צו שפּי־לען אַ פאַלשע ראָליע אין זיין שול. די פּני פון זיין קהילה האָבן פיינט מאָדערנע לעקציעס. מ׳וויל פון אים דרשות פון חומש, וואָס האָט גאָר נישט צו טאָן מיטן היינטיקן ביטערן לעבן . . .

„זי וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי אַזוי ער האָט עס אויסגעזען ווען זי האָט אים אַריינגעשושקעט אין אויער, אַז אַט־אַט וועט ער אַ טאַ־טע ווערן און ער מוז מטיב זיין מיט זיינע באַלעבאַטים וועלכע ער וועט שוין סיי־ווי־סיי נישט ענדערן. ער וועט זיי אפשר קיינמאָל נישט ליי־טישער מאַכן . . .

צום ערשטן מאָל, אַז זי האָט פון אים דערהערט אַ הויך געשריי:

„חנהלע, איך בין אַ רב, — אַ גייסטיקער פאַרשטייער פון דעם יידישן פאָלק און איך טאָר נישט האַלטן צוגעמאַכט די אויגן נישט צו זען די גרויסע עוולות וואָס ווערן באַגאַנגען פון ייד צו ייד. די תורה לערנט אונדז, אַז גוטע אויפפירונגען פון מענטש צו מענטש שטייען הע־כער פאַר אַלץ. גאָט איז מוחל זיין כבוד . . .

„אָבער ווען ער האָט דערזען טרערן אין אירע אויגן, איז ער צוגע־קומען נאָענט, אויסגעווישט אירע אויגן און מער נישט גערעדט . . . גענומען זיך צו אַלטע דרשות, פּונקט ווי זיין טאַטע, ביי וועמען עס איז אויך נישט געווען מיט זיין גוטן ווילן . . .

„איצט, ווען זי פאַרשטייט אים אַזוי גוט, קלינגען אָפּ זיינע רייד

ווי מוזיק. ערשט נישט לאַנג צוריק האָט ער צו איר געזאָגט: „חנהלע, נישט געבוג אַז יידן זאָלן זיין ווי אַלע פעלקער. יענע גייען אויף קרומע וועגן און מיר אין זייערע טריט . . . אונדזער אַלטע רעליגיע האָט אויף אונדז אַרויפגעלייגט אַ חוב צו ווייזן די אומות־העולם אַ שענערן דרך: נישט יאָגן זיך נאָך רייכטום אויף דעם ברודערס חשבון. למשל, מען זיצט ביי אַ סעודה, דער טיש איז יום־טובדיק געגרייט, געבוג עסן פאַר אַלעמען, אָבער צווישן עולם געפינען זיך בלויז אַ פאָר פרעסער און דורך זיי וועלן בלייבן עטלעכע הונגעריקע; איז עס ריכטיק? אונדזער תורה איז קעגן פראַצענטניקעס. „ווען דו נעמסט אַ משכון ביי דיין חבר, לאָ־מיר זאָגן, אַ קאָלדרע, און יענער וועט זיך מיט דעם דאַרפן באַנוצן צו־צודעקן זיך ווען די נאַכט קומט אָן, זאָלסטו עס אומקערן איידער די זון פאַרגייט" . . . און אויב די תורה שטעלט זיך אָפּ וועגן אַ מלבוש, לער־נען מיר דערפון, אַז אַ מענטש דאַרף האָבן אַ דאַך איבער זיך. אַרויס־שטעלן אַן אָרימאַן פון זיין דירה איז קעגן אונדזער תורה . . . איידער מען ברענגט אונדזער לערע פאַר די אומות־העולם, באַדאַרפן יידן אַליין ווייזן אַ ביישפּיל; נישט אַזוי?"

„ווי שטאַלץ וואָלט ער געווען מיט זיין פאָלק ווען מען זאָגט אויף דעם: מ'האָט זיך באַדאַרפט צוהערן צו „ישראלין", וואָלטן גאָר קיין נאַציס נישט געווען און קיין מלחמה אוודאי נישט . . . אויב זאָגן, אַז די וועלט פירט זיך אַזוי פון דור־דורות, וועלן מיר זיך אויך אַזוי פירן; וואָס פאַר אַ מדרגה איז עס פאַר אַ יידן?"

די שוויגער איז אונטערגעקומען און איר געגלעט איבער די פּליי־צעס, גערעדט אין אַ פאַרקלעמטן טאָן, זייער שטיל:

— קינד מיינס, מ'דאַרף האָבן בטחון! גאָט וועט העלפן, אפרים וועט געזונט ווערן. דער שווער וועט זיך מיען פאַר אים, ער האָט אים זייער ליב געהאַט. „אַזאַ זון ווי אפרים איז ווערט צו פאַרנעמען זיין אָרט", האָב איך אים אַליין געהערט זאָגן.

חנהלע האָט דער אַלטיטשקער אַרומגענומען. איר אַ קוש געטאָן: זאָל זי איר זאָגן צי האָט איר רב אויך אַזוי געליטן פון די קהילה־פּי־רער, ווי אפרים?

— נאָך ווי אַזוי געליטן! דער שווער האָט געהאַט אַ ווערטל: „בעסער צו זיין אַ קאָוועל איידער אַ רב. דאָרט אין קוזניע ווען דאָס אייזן ווערט צעגליט, קאָנסטו עס בייגן, אָבער נישט די באַלעבאַטים". עד־עד, טאַכטער מיינע, איך קאָן דיר מיטפילן. אפרימס כאַראַקטער איז, אים צו לאַנגע יאָר, דעם טאַטנס. — זי האָט אַ שמייכל געטאָן. — נו,

גאָט האָט מיין זונדעלען צוגעשיקט דיך. ביסט צו אים ווי אַ גוטער מלאך. ער ווייסט אַז אין הארצן ביסטו אַלעמאָל אויף זיין זייט.
חנה האָט זיך פאַררויטלט:
— אפרים האָט עס אייך טאַקע געזאָגט?
— וואָס דען, איך האָב עס אויסגעטראַכט?
— גוטע זאַכן מעג מען אויסטראַכטן. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איר האָט מיר באמת פאַרשאַפט אַביסל פאַרגעניגן... און איך האָב נאָר געטראַכט אַז ער האַלט מיך פאַר אַ צרה אויף זיין קאָפּ. איך האַלט דאָך אים אַלעמאָל צוריק...
— גיי שוין גיי, נאַרעלע. אפרים איז קלוג, ער פאַרשטייט גוט, אַז ס'איז ביי דיר נישט פון רשעות וועגן... נו, מ'דאַרף זיך נעמען אַביסל אויפראַמען. די פּני פון שול וועלן באַלד קומען מבקר־חולה זיין דעם רב זייערן.
— הלוואי וואָלטן זיי נישט געקומען, — האָט חנה כמעט מיט אַ בייזער אין איר קול געזאָגט.
די אַלטע האָט דערויף גאָר נישט געענטפערט. זי האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. חנה האָט פּראָטעסטירט: כל־זמן דאָס קינד שלאָפט אַזוי רואיק קאָן זי אַליין אויפראַמען. זי האָט צום לעצט אויסגעלאָזט, אַז זי, די שוויגער, האָט גענוג זיך אָנגעאַרבעט אויף איר לעבן. צו דערציען אַזאַ זון ווי אפרים איז אויך נישט קיין קלייניקייט... זאָל די שוויגער כאַפּן אַ קוק צו אפרימען.
זי האָט ווידער געטראַכט וועגן דער שוויגערס באַמערקונג, אַז אפרים האָט וועגן איר אַזאַ געהויבענע מיינונג. דאָס איז אַזוי גוט צו הערן. ער האָט דער מאַמען געוויס געוואָלט זאָגן אַז ער האָט זי שטאַרק ליב, נאָר אין דעם גראַד רעדט מען נישט אַזוי, אָבער זי איז זיכער אַז איר אפרים האָט עס געמיינט... זי האָט אַ שטילן נדר געטאָן, אַז ווען ער וועט צו זיך קומען, וועט זי אים אויסהערן און דערמוטיקן...
דאָס גלעקל אין קיך האָט זיך צוקלונגען. חנה איז אָן אָטעם גע־לאָפן צו דער דרויסנדיקער טיר. עס האָט איר אַ שפּאַר געטאָן אין פּנים אַריין אַ קנויל מיט רויך, וואָס מר. גלאַדסטאָן, דער שול־פּרעזידענט, האָט פון זיך נאָר־וואָס געהאַט אַוועקגעבלאָזן. זי האָט זיך אַזש פאַר־הוסט. מיט אים איז געווען זיין איידעם, מאַנדעל, אַ רויטלעכער, מיט גרויע אויגן. דער שווער גייט כמעט איבעראַל מיט אים, וואו מ'דאַרף האָבן אַ „מויל". חוץ דעם איז ער טאַקע מיט דעם איידעם שטאָלץ. פון יענער זייט ים וואָלט ער אים נישט געוועזן געקאָנט האָבן פאַר זיין טאָכ־

טער. די לאַנדסלייט פון שול האָבן פאַר אים אַ דאָפּלטן רעספּעקט. ער האָט זיך געהאַט אַ ווערטל: „אַז דאָ הי ווען מ׳אַרבעט זיך אַרויף, ווערט מען אַ יחסן" . . .

חנהס באַציאונג צו זיי איז געווען יאושדיק. זי האָט זיי אָנגעוויזן אויף שטולן, אָבער נישט געבעטן זיצן. אויב זי האָט עפּעס געזאָגט, איז עס געווען בייסנדיק: מען דאַרף אַמאָל מאַכן אַן אונטערשייד צווישן אייערן אַ שאַפּ־אַרבעטער ביז צום רב . . .

מאַנדעל, וועלכער איז נישט איינמאָל דאָ געווען, גערעדט צו איר, אַז זי זאָל באַווירקן איר מאַן נישט צו זוכן קיין נייע וועגן, ווייל „די אַלטע זיינען די בעסטע", האָט ער צו איר דאַן געזאָגט מיט גרויס אויטאָריטעט, און זי האָט זיך מיט זיינע רייד גערעכנט, האָט איצט דער ערשטער דערפילט איר קאַלטע אויפנאַמע. ער האָט געפילט ווי צו געבן איר אַן אָנצוהערעניש, אַז אָן דער שולס הילף, וואָלט זי איצט געווען אין גרויס נויט . . . אַ דאַנק אים האָט זיך אַלץ אויסגעדרייט גוט. „פאַרוואָס איז זי אַזוי באַזאָרגט? איז עס אויסשליסלעך דערפאַר וואָס איר מאַן ליגט צו בעט?" — האָט ער ביי איר כלומרשט אַזוי זיך אַ פרעג געטאָן.

— קיינער קאָן איצט נישט זיין אויפגעלייגט! — האָט חנה זיך כמעט געבייזערט אויף אים. זי האָט דערנאָך ווי אויסגעוויינט אַיעדעס וואָרט: — וואָס דאָס יידישע פאָלק ליידט זיך אָן. מיין ברודער און דעם רבס שלאָגן זיך קעגן שונא, און אַז זיי וועלן זיך אומקערן מיט גאַנצע ביינער און דאָס לעבן וועט זיך ענדערן, וועט מען זיך אויך נישט קאָנען פרייען . . . יאָ, מאָדנע מחשבות קריכן אין קאָפּ אַריין . . .

מאַנדעל האָט איר איבערגעשלאָגן:

— קלערט זיך וויניקער אַריין! אין אַלע צייטן האָבן מענטשן דורכגעלעבט קאַלטס און וואַרעמס. ס׳וועט זיך אינגיכן איינשטעלן און אַלץ וועט זיין ווי געווען. איר ווייסט דאָך מיין מיינונג: די אַלטע וועגן זיינען די בעסטע . . .

חנה האָט מער נישט גערעדט צו אים. נאָר ווי אַ נוירס אין שפּיטאָל אָנגעוויזן דעם אַריינגאַנג צום חולה. זי האָט אים געוואָלט זאָגן, אַז זיין שווער קאָן זיך אָן אים דאָרט נישט באַגיין. ער האָט ווי פאַרשטאַנען איר אָנצוהערעניש און געלאָזט זיך גיין נאָך איר צייג־פינגער. באַלד האָט מען געהערט זיין קול:

— העלאָ רב, איילט זיך בעסער צו, די הייליקע טעג רוקן זיך אָן.
— כ׳האָב שוין דעם רב געזאָגט, אַז דער עולם לעכצט נאָך אַ דרשה,

— האָט אים דער שווער איבערגעשלאָגן, כדי דער איידעם זאָל נישט דענקען אַז ער איז דאָ געזעסן און געוואַרט אויף אים עפּעס צו זאָגן . . .

דער רב אפרים האָט אַ שאַרפן בליק געטאָן אויף ביידע און געפרעגט :

— די יידן האָבן עס אייך געזאָגט ?

דער שווער מיטן איידעם האָבן זיך אויסגעדרייט איינער צום צווייטן אין דער זעלביקער סעקונדע, און אַזוי ווי מ׳איז געזעסן נאָענט, האָט זיך געדאַכט, אַז זיי וועלן זיך באַלד אָנקלאַפּן די נעזער. דער שווער האָט געוואָלט זאָגן דעם איידעם, אַז זיי האָבן זיך „איינגעהאַנדלט״ שוין איינמאָל אַ רב. אים האָט זיך געדאַכט אַז דער איידעם זאָגט : „שווער לעבן, לאָמיר אים לאָזןריידן, וועלן מיר וויסן וואו מיר האַלטן מיט אים אין דער וועלט״. ער האָט באַלד אויפן קול אַ פרעג געטאָן ביי אפרימען:

— וואָס־זשע טוט דער רב אַ גאַנצן טאָג ?

— איך ליג און טראַכט . . .

— וועגער הייסט אייך אַזויפיל טראַכטן ? — האָבן זיך ביים שול־פּרעזידענט די ווערטער אַרויסגעגליטשט פון מויל.

— נו, איר מר. גלאַדסטאָן וועט זיך נישט גיין אַוועקזעצן און טראַכטן, איך אויך נישט ; ווער דען ? — ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ זיפץ אַזאַ, אַ גילגול פון זיין עלטער־עלטער זיידן . . . — אַ קליייניקייט, אַזוי פיל יידן אומגעבראַכט געוואָרן ! דאָס בלוט רופט : ברידער, האַלט זיך צוזאַמען וועט איר קאָנען נעמען די געהעריקע נקמה, וועט איר קאָנען אויסמיידן אַז אויף אייערע קעפּ זאָל אַזוינס נישט קומען . . . און ביי די יידן דאָ איז נאָך אַלץ קיין אחדות נישטאָ. אַפילו איצט, ווען אונדזער גאַנץ פאָלק איז אונטער אַ צעלעכערטן דאַך . . .

מר. גלאַדסטאָן האָט מיט שטילן כעס איבערגעשלאָגן :

— איר וועט מיר מוחל זיין רב, איך הייב נישט אָן צו פאַרשטיין אייערע פילאָסאָפישע רייד ! וואָס האָט איר אַ שטייגער געוואָלט, אַז יידן זאָלן זיין מלאכים ?

דער רב האָט זיך אויפגעזעצט :

— ניין, נישט קיין מלאכים, נאָר אויפריכטיקע יידן ! ווי די הייליקע תורה לערנט אונדז. איר האָט דאָך געלערנט אין חומש וואָס פאַר אַ סוף קורח האָט געהאַט, וועלכער האָט זיך געיאָגט נאָך אוצרות ? איך וואָלט געוווינטשן אַז מיין פאָלק זאָל זיך אָפּזאָגן פון קנעכטשאַפט. דו אַרבעט אויף מיר און איך וועל דיר אַפילו נישט באַצאָלן גענוג אויף פרנסה, ווייל אַזוי פירט זיך עס ביי די אומות־העולם. לאָמיר גיין אין

זייערע גוטע וועגן און נישט אין זייערע שלעכטע. איך וואָלט געוועןשטאָלץ מיט מיין פאָלק ווען ער ברענגט איצט דער וועלט אַ פּלאַן ווי אַזוי אַלע מענטשן זאָלן לעבן אין פרידן . . . גאָט אין הימל, צי מוז אויף אייביק זיין אַנטיסעמיטיזם ? די שונאים טאַדלען דאָך אויף אונדז סייווי־סיי, זאָל עס כאָטש זיין פאַר אַן אידייע . . . פאַר אַ לייטישער וועלט. נאָכאַלעמען האָט דאָך אונדז די איצטיקע צייט געטראָפן מער ווי אַלע פעלקער, דאַרפן מיר זוכן די רפואה צו דער מכה . . .

דער איידעם האָט זיך אינגאַנצן פאַרגעסן אַז דער רב איז אַ חולה און ליגט צו־בעט. פאַר זיינע אויגן איז געשטאַנען אַ שאַפּ־אַרבעטער זייגער, וואָס וויל ביי אים העכערע שכירות ווי אַנדערע באַלעבאַטים צאָלן. ער האָט זיך צעשריען הויך אויפן קול:

— מיר זיינען אַזוי גוט ווי די אומות־העולם און בעסער טאָרן מיר נישט זיין!

— אָט זעט איר דאָך צו וואָס עס האָט דערפירט! — האָט דער רב אויסגעשפּרייט זיינע בלייכע הענט.

— ווי עס זעט אויס צו מיר, וויל אונדזער רב אַז יידן זאָלן זיין די אָרימע־לייט און די גויים זאָלן זיך אָנשטאָפּן, — האָט דער שווער צוגעזעצט.

— איר'ט מיר מוחל זיין, מיסטער גלאַדסטאָן, נישט דאָס איז מיין כוונה . . . — האָט דער רב אים אָפּגעשטעלט מיט אַ בלאַסן פינגער, ווי אַ דיריגענט בעת איינער פון דער קאַפּעליע נעמט אַ פאַלשן טאָן.

דער שול־פּרעזידענט האָט זיך אויסגעדרייט צום איידעמס זייט:

— וואָס זאָגסטו? האָב איך אפשר גערעדט אויסן וועג?

— קומט שווער, לאָמיר גיין! — האָט דער איידעם ביין אויסגערופן, — דער רב וועט געזונט ווערן, וועט ער אפשר האָבן אַנדערע געדאַנקען . . . — ער האָט זיך ראַפּטאָם אויפגעשטעלט, געקוקט באַצייטנס צו דער אָפענער טיר און אין זעלביקן טאָן נאָך אַ זאָג געטאָן:

— גוד־באַי, אַ רפואה שלמה.

דער שווער, מר. גלאַדסטאָן, וועלכער האָט נאָך געפילט זיך בכוח דעם רב אַריינצוזאָגן, האָט זיך אָן חשק אויפגעהויבן פון שטול און ווי נאָכגערעדט דעם איידעם:

— אַ רפואה שלמה.

אינדרויסן האָבן ביידע פאַר אַ ווײַלע געשוויגן. מר. גלאַדסטאָן האָט זיך אָבער לאַנג נישט געקאָנט איינהאַלטן:

— וואָס זאָגסטו עפּעס אויף אונדזער רב ?
— מיר מוזן גלייך רופן אַן אסיפה, — האָט דער איידעם פאַרגע־שלאָגן, — מיר וועלן דעם כניאָק נישט לאָזן איבערפירן אונדזער קהילה...
— האָסט ביי מיר אַרויסגעכאַפּט די ווערטער פון מויל, — האָט מר. גלאַדסטאָן מיט אַ שטראַלנדיק פּנים אויסגערופן.

# אַ געפאַנגענער . . .

איןביידל פון דער מעדיציניִשער אָפּטיילונג איז געווען זייער שטיל. אינדרויסן האָט נאָך אַלץ גערעגנט, אָפּגעהאַלטן די מלחמה־אָפּעראַציעס. שווער טראָפּנס רעגן האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין דער דיקער לייוונט ווי שדים־פינגער. דאָ איז עס אָבער קיינעם נישט אָנגעגאַנגען. קאַפּיטאַן פרידריך בערגער, אין די פופציקער, שוין היפשלעך גרוי, האָט אָבער ביי דעם מאָמענט פאַרגעסן זיך אָן זיין עלטער, בעת ער האָט אפערירט דעם געפאַנגענעם לוטענאַנט בריל, אַן אַמעריקאַנער פליער. אַלץ האָט געמוזט דערלאַנגט ווערן דעם קאַפּיטאַן לויט אַ פינטל מיט אַן אויג. ער האָט געמורמלט צו זיך: אַ פאַרשפּעטיקטע סעקונדע און אַ מענטשלעך לעבן איז קאַפּוט! אין מוח ביי אים האָט זיך אויפגעהאַלטן איין געדאַנק: דאָקטער און פּאַציענט . . .

ווען די אָפּעראַציע איז געווען פאַראיבער, לוטענאַנט בריל האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן סימנים פון לעבן, האָט קאַפּיטאַן בערגער צופרידן געשמייכלט בשעת ער האָט זיך מיט זיין אַרמיי־פּאַטשיילקע געווישט זיין ברייטן שטערן. ער האָט געהאַט אַ געפיל ווי ער האָט נאָר־וואָס אַ ביי לעבן אויף דער וועלט געבראַכט; ער איז זיכער אַז זיינע געהילפן פילן אויך אַזוי. זיי זיינען נאָך גאָר יונגע מעדיקער, אָבער דאָ האָבן זיי אַ גלייכן חלק אין דער רעטונג פון אַ מענטשנס לעבן. ביין, זיי קוקן אים עפּעס אויס בייז און אומצופרידן; וואָס זאָל עס באַדייטן?

— חברה, איר זעט אויס מיד!

זיין געהילף, ערשטער לוטענאַנט טראַמער, האָט זיך אַוועקגע־שטעלט פאַר אים אַן אויסגעצויגענער און געענטפערט דעם קאַפּיטאַן גלייך אין פנים אַריין:

— אונדזער יוגנט איז קיינמאָל נישט מיד! אָבער איך דאָ ווער יאָ צייטנווייז מיד, ווען איך זע צו אייערע סימפּאַטיעס צו אונדזער שונא . . .

— צום שונא? — האָט קאַפּיטאַן בערגער זיינע ווערטער אויסגע־שריען.

לוטענאַנט טראַמער האָט אויסגעשטרעקט זיין צייג־פינגער צום בעטל, פונוואַנען עס האָט זיך פון צייט־צו־צייט פאַרשפּרייט אַ קרעכץ, ווי צווישן היימישע מענטשן.

— איר האָט פריער אויך אַזוי געטראַכט? — האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט.

— ניין! — האָבן שוין ביידע לוטענאַנטן אויפאַמאָל געענטפערט.

— אייערע באַפעלן, קאַפּיטאַן בערגער, זיינען געווען אַזוי שטרענג און געשווינד, אַז קיינער האָט נישט געטראַכט...

— מערקווירדיק! מערקווירדיק! אויף וואָס פאַרא הויכער שטו־פע אונדזער פּראָפעסיע שטייט... — האָט קאַפּיטאַן בערגער מיט גרויס התפעלות גערעדט. — אַ וואונדער, אויף מיין ערן־וואָרט! אַלע האָבן מיר זיך פאַרגעסן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ שונא... ווער הייסט עס אייך איצט טראַכטן אויף צוריק? אָט נעמט מיך, האָט איר געהערט וועגן מיין אַנגעזעען אָרט אַמאָל אין דייטשלאַנד?

לוטענאַנט טראַמער האָט אים איבערגעשלאָגן:

— דער קאַפּיטאַן שפּילט זיך צופיל אַרום מיט עמאָציעס, וועלכע האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין דעם אַלטן דייטשלאַנד... אַלעמאָל פאַר־געסט איר זיך אַז איך בין מער ווי אַ געהילף אייערער! מיין אויפגאַבע איז אַכטונג צו געבן אויפן אַלטן דור...

— אויף מעדיצינישער אחריות און עטיק... — האָט דער קאַפּי־טאַן צוגעזעצט. — איר האָט אויסגעלאָזט, לוטענאַנט! — ער האָט בעת מעשה אַריינגעקוקט זיינע ביידע געהילפן אין די פּנימער: „ווי פאַר־ביסן זיי זעען אויס! אין אַזאַ צושטאַנד קאָנען זיי אים באַלד דערלאַנ־גען מיט זייערע רעוואָלווערן אין קאָפּ אַריין"... ער איז צוגעלאָפן צום לוטענאַנט בריל, געהויבן אַ פויסט צו אים:

— דו פאַרפלוכטער! כ׳וואָלט דיר באַדאַרפט דערלאַנגען...

דער יונגער לוטענאַנט טראַמער האָט זיך געווענדט צום צווייטן:

— ער מאַכט אַן אָנשטעל! אים דאַכט זיך אויס, אַז קיינער פאַר־שטייט נישט זיין האַנדלונג? אים גייט נישט אָן די מלחמה... ער וועט שוין לאַנג נישט נאַרן...

דער קאַפּיטאַן האָט זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. ער האָט זיך אויס־געדרייט צו די געהילפן:

— אַ שאָד וואָס מיר האָבן זיך פאַרגעסן אַז אַ געפאַנגענעם דאַרפן מיר זיך נישט איילן צו ראַטעווען. אָבער וואָס דאַרפן מיר זיך ערגערן? נאָכאַלעמען איז ער ביי אונדז אין די הענט... וופ זאָגט איר לוטע־נאַנט טראַמער?

טראַמער האָט אויף דעם קאַפּיטאַן געקוקט זייטיק. ער האָט געפילט ווי צו זאָגן אים אַז פון היינט אָן וועט ער דינען אַלס זיין געהילף. ביז

אין גרויע טעג

די פּראָצעדורע וועט דורכגיין מוז ער אָבער האַלטן ס׳מויל!

דער קאַפּיטאַן האָט אַן זיין שווייגן אַלץ פאַרשטאַנען: דער השגחה געבער, לוטענאַנט טראַמער, וואָס האָסט די אַלטע עטיק, וועט זיך איצט מיט אים אָפּרעכענען און דערפאַר דערהויבן ווערן. ער האָט מיט אַ געמאַכטן שמייכל אויפן פּנים סתם גערעדט:

— מיר דאָקטוירים זייַנען אונטער מאָדנע אומשטענדן, — ער האָט בעת מעשה געצייגט אויפן געפאַנגענעם, — מיט אַ שונא אין איין ביידל! ביידע געהילפן זייַנע האָבן פאַרביסן געשוויגן . . .

# גרויס־שטאָטיש לעבן . . .

עס איז געווען שפּעט ביינאַכט. די שעה וואָס שלעפּערט מענטשן איין. אין גרויסן רעסטאָראַן זיינען בלויז געציילטע פּאָרלעך געזעסן ביי די ווינקל־טישן, געטרונקען קאַווע, געדרייכערט נאָכאַנאַנד, ווי געוואָלט דעם שלאָף פאַרטרייבן. דער מענעדזשער האָט דאָ און דאָרט אַ לאָמפּ אויסגעלאָשן און פריי געגענעצט, אַ סיגנאַל, אַז מען דאַרף באַצייטנס גיין אהיים.

די געשפּרעכן ביי די טישן זיינען געווען שטילע, כמעט סודותדיק. דאָס בראַזגעריי פון טעלער, לעפל, גאָפּל און מעסערס איז אויך געווען זעלטן. די מערסטע אָנגעשטעלטע האָבן שוין געהאַט פאַרלאָזט, בלויז צוויי פרויען אין ווייסן, האָבן זיך נאָך אַלץ אַרומגעשאַרט אויפן שטיי־נערנעם דיל און אויף אַן איינגעהאַלטענעם אופן אָפּגעראַמט די לעצטע טישן. זיי האָבן געטאָן זייער אַרבעט מיט אַ מין דרך־ארץ פאַר דער נאַכט, פאַר די געסט וועלכע האָבן ווי בגנבה געכאַפּט אַ דרעמל.

מיטאַמאָל איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן. פאָרצעלייענע טעלער האָבן אויפן האַרטן דיל געפּלאַצט און צעשאָטן געוואָרן אין אַ סך טיילן. גאָפּל, לעפל און מעסער האָבן זיך צעליאַרעמט. די מענטשן ביי די טישן האָבן אויסגעדרייט זייערע קעפּ אין איין אויגנבליק, ווי אַ מחנה סאָלדאַטן. מ׳האָט פאַרחידושט געבליקט אויף דעם ברוכוואַרג, אויף דער צעטומלטער פרוי עמאַ, ביי וועלכער די טאַץ האָט זיך פון אירע הענט אַרויסגעגליטשט. מען האָט צווישן זיך גערעדט מיט אָפּשיי: זי איז אוודאי שלעפּערדיק!

עמאַ איז געווען אַ נייע אָנגעשטעלטע דאָ אין רעסטאָראַן. דער מענעדזשער האָט איר בכיוון געהייסן קומען אין אָוונט, בכדי זי זאָל זיך צוגעוואוינען צו דער אַרבעט איידער דער פרימאָרגן קומט אָן, ווען עס פאָדערט זיך מער פלינקקייט. עמאַ האָט זיך געוואונטשן צו אַרבעטן אַלע מאָל ביינאַכט, ווייל די לעצטע נעכט האָט זיך דער שלאָף פון איר ווי אָפּגעטאָן: נישטאָ פאַר וועמען איר האַרץ צו דערציילן . . .

עמאַ, אַ ברונעטקע, אַן אויסגעבלייכטע ווי נאָך אַ שלאָפקייט, אירע אומרואיקע אויגן האָבן געהאַלטן אין איין אַריינקוקן אין פרעמדע צייטונגען, אין וועלכע טייל מענטשן זיינען געווען פאַרטיפט. פון איין

טישל איז זי פּלוצים אָפּגעשפּרונגען. זי האָט זיך מסוכן דערשראָקן פאַרן קעפּל איבער אַ שטיקל נייעס: „ערשט געבוירן קינד איבערגעלאָזט אין פּאַרק" — האָט זי געלייענט. עמאַן האָט זיך געדאַכט אַז דער מאַן, צו וועמען די צייטונג האָט געהערט, האָט זי דערקענט און ער האָט גע־וואָלט אַז זי זאָל לייענען די שלעכטע נייעס . . . זי האָט זיך גלייך אָפּ־געקערט, אַנגעלאָדן אַ פולע טאַץ מיט טעלער, געשליידערט גאָפּל און מעסער צו פאַרשרייען די שניידנדיקע ווערטער פון דער צייטונג, וועל־כע האָבן געטאַנצט פאַר אירע אויגן. זי האָט געטראַכט אַז זי וועט די כלים אַפילו אליין וואַשן, זי טאָר נישט שטיין ליידיק — רוען מיינט טראַכטן, און טראַכטן טאָר זי נישט! זי האָט זיך אַריינגעאיילט אין קיך מיט דעם געפעס און צו אירע אויערן האָבן זיך דערטראָגן פרעמדע קו־לות: אָט דאָס איז זי! מ׳דאַרף לאָזן וויסן דער פּאָליציי! די הענט האָבן ביי איר אָנגעהויבן צו ציטערן: זי וועט אפשר באַצייטנס אַנט־לויפן פון דאַנען . . .

דערנאָך האָט זיך עמאַן געדאַכט אַז זייער נאָענט, כמעט הינטער אירע פּלייצעס הערט זי פרויען־שטימען: אַזאַ מוטער באַדאַרף מען אויף אייביק אין פּריזאָן פאַרשיקן, — האָט איינע געזאָגט. און נאָך איינע: געוויס איז זי אַ הפקר־פרוי. באַלד האָט זיך עמאַן אויסגעוויזן, אַז עמיצער שלעפּט די טאַץ פון אירע הענט, און איידער וואָס ווען, איז שוין די טאַץ אויפן שטיינערנעם דיל געלעגן. שטיקלעך פאַרצעליי צעזייט און צעמאָלן. עמאַ איז געבליבן שטיין אַ פאַרקלעמטע, אַ הילפלאָזע: זאָל זי אַקעגן גיין דעם מענעדזשער וועלכער שטעלט לאַנגע שפּאַן אַהער? אפשר אים אַלץ דערציילן הויך אויפן קול, אַז אַלע נייגעריקע מענטשן וועלכע שטייען אויפגעשטעלט ביי די טישן זאָלן הערן? ניין, ניין, זי וועט עס נישט טאָן! וואָס וועלן די מענטשן זאָגן? עס האָט איר אָנ־געהויבן צו גרילצן אין די אויערן רייד, וועלכע קיינער האָט נישט אויף די ליפּן אַרויסגעבראַכט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט אימיצן זאָגן: גלויבט איר נישט! אַלע אַזעלכע ווי זי, גיבן אָן תירוצים . . .

עמאַ איז מיט שטורעם אַריין אין קיך. זי האָט זיך ווי אַ קלומעק אַרונטערגעלאָזט אויף אַ זאַק מיט קאַרטאָפל, אָנגעשפּאַרט אירע פּלייצעס אָן אַ קויטיק ווענטל, צוגעמאַכט אירע אויגן און שווער געאָטעמט. די קיך־אַרבעטער האָבן איר אַרומגערינגלט, איר פּרובירט אויסצורייד: זיי וועלן פּועלן ביים מענעדזשער ער זאָל איר פאַרגעבן . . . מ׳האָט איר געטרייסט אַז ביי יעדער נייער אָנגעשטעלטער פּאַסירט אַזאַ פאַל . . . דער קעכער האָט זיך געטראַכט אַז עמאַ איז אוודאי הונגעריק און עסן

מאַכט פריילעך. וואָס וואַרט ער? מיט ליידיקע הענט וועט מען זי ניט אויפלעבן...

די שווייגנדיקע עמאַ האָט געפילט ווי צו זאָגן די אַרבעטער, אַז זי איז נישט ווערט מ׳זאָל אויף איר רחמנות האָבן. ווען זיי וויסן וואָס זי האָט אָפּגעטאָן, וואָלטן זיי איר אפשר געממיתט. איר וואָלט נישט גע־אַרט... אַט־אָט פאַרטרויט זי פאַר זיי דעם סוד וואָס נאָגט איר שוין באַלד אַ מעת־לעת און יעדע שעה איז אַ יאָר. זי האָט באַלד געטראַכט אַז קיינער וואָלט פאַר איר קיין טרייסט־וואָרט נישט געהאַט... טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער אירע צעשראָקענע באַקן. פון איר אָפּענעם מויל האָט אַרויסגעקוקט סלונע, ווי זי וואָלט געשלונגען דיגע דראָט.

עמאַ האָט מיטאַמאָל געקראָגן רחמנות אויף זיך. אירע פאַרגאַנגע־נע טעג, וואָכן און חדשים פון איר יוגנט־לעבן האָבן ווי עדות אין אַ גע־ריכט איר פאַרטיידיקט: באַלד נאָך דער חתונה איז איר מאַן וואָלטער אהיים געקומען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט זיך באַקלאָגט אַז דאָס חתונה האָבן איז אים גאָר נישט מזלדיק! פונקט ווען ער האָט צע־פירט זיינע הענט, געהאַט אַזויפיל פלענער ווי אַזוי צו פאַרשענערן זייער אָרימע היים, האָט גאָר זיין שאַפּ זיך צוגעמאַכט. ער איז געבליבן אָר־בעטלאָז. וואָס וועט זיין מיט אַלע אָנגעבאַרגטע הויז־זאַכן? עמאַ האָט זיך ביי אים געבעטן: וואָלטער, שטאַרק זיך! מיר האָבן דאָך ערשט אָנגעהויבן צו לעבן... מען טאָר דעם מוט נישט פאַרלירן! און ער: פאַרוואָס פאַרט האָט מען אים צום נאַר געמאַכט, אַז פונקט נאָך זייער חתונה זאָל ער בלייבן אָן אַ דזשאָב, צי זעט זי דען אַליין נישט אַז עס איז עפּעס אַ שטראָף?

עמאַ האָט אים אויף איר שויס גענומען ווי אַ מוטער איר קינד. זי האָט אים געקושט, ביז זי האָט אים אויפגעלעבט. און דערנאָך ווי אַ באַשלוס אָנגעגנומען, אַז אַלעמאָל וועט זי אים אַזוי אויפנעמען, ביז ער וועט צוריק געווינען זיין פאַרלוירענעם קוראַזש. זי האָט דאַן געטראַכט, אַז אויף איר ליגט אַ חוב נישט צו לאָזן צעשטערן זייער נעסט. זי האָט מיט געזאַנג די נויט פון הויז פאַרטריבן...

וואָלטער האָט געקראָגן אַרבעט. ער האָט פאַרדינט ווינציקער ווי פריער, אָבער עמאַ האָט אים געטרייסט: מיר וועלן דורכקומען. ער האָט איר געדאַנקט: עמאַ, דו ביסט אַזאַ וואוילע פרוי, אַז איך דערזע דיך, ווערט מיין צאָרן אין פרייד פאַרוואַנדלט...

דערנאָך, וואָלטער איז ווידער טרויעריק. עמאַ איז שוין מער נישט געווען די בראַווע פרוי. זי האָט באַדאַרפט עמיצער זאָל איר אויפלעבן,

ווייל אַ נפשל האָט זיך אונטער איר האַרץ געצאַפּלט צו קומען אויף דער וועלט . . . און וואָלטער האָט געכליפּעט: מיר האָבן נישט קיין רעכט צו ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט!

עמאַ האָט זיך טיף באַליידיקט. זי האָט אים געשריען אין פּנים אַריין:

— פאַרוואָס האָבן מיר נישט קיין רעכט?

— ווייל מ׳טוט מיט אונדז וואָס מ׳וויל . . . אָט וועט זי זען, ווען דאָס קינד וועט געבוירן ווערן וועלן זיי אויפּסגיי בלייבן אָן פּרנסה . . .

עמאַ האָט זיך מער נישט געוואָלט צוהערן צו וואָלטערס רייד. זי האָט אים מיט איר גאַנצן כוח אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש. זי האָט געטער־פּעט מיט די פיס: זאָל ער גלייך פאַרלאָזן די שטוב!

וואָלטער איז מער נישט געקומען אַהיים. עמאַ איז אַוועק אַרבעטן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע אַרום סודען זיך וועגן איר: אין אַזאַ צושטאַנד גייט זי אַרבעטן! געוויס אַן אַלמנה . . . זי האָט שטאַרק געבענקט נאָך וואָלטערן. אויסגעטענהט זיך מיט אים אין אירע מחשבות: פאַרוואָס האָט ער איר נישט געוואָלט פאַרשטיין? ער האָט זי דאָן שיעור נישט צו משוגעת געטריבן . . . אַנשטאָט אַ צאַרט וואָרט, קומט ער צוגיין מיט אַזעלכע האַרטע רייד . . .

עמאַ האָט פּאַמעלעך געעפנט אירע אויגן. זיך אַרומגעקוקט. נים געגלויבט זיך, אַז זי געפינט זיך נאָך אַלץ אין קיך פון רעסטאָראַן. לעבן איר איז געשטאַנען אַ טעלער מיט עסן. אין אירע אויערן האָט זיך אויסגעזשומט די ווערטער פון קעכער: עסן מאַכט פריילעך! זי האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אירע בליקן און געטראַכט: אַזאַ וואוילער מענטש! פאַר אים וואָלט זי אַלץ באַדאַרפט צו דערציילן. זיין מיט־לייד אויף איר איז אַזוי פאַטערלעך . . . זי וועט אים איבערגעבן, אַלץ ווי עס איז געווען: ווען זי איז אַ מוטער געוואָרן האָט זי געפילט ווי קייטן אויף זיך. געדאַנקען האָבן איר געשראָקן, אַז זי מיט דעם קינד וועלן פון הונגער אויסגיין. זי האָט געפילט ווי צו נעמען נקמה אָן איר מאַן וואָלטער. פאַריקע נאַכט האָט זי געהערט אַ פרעמד קול: גיב אָפּ דאָס קינד דער גרויזאַמער וועלט! עס איז אַ מילדע נאַכט . . . וואַרט נישט! טראַכט נישט מער, דו וועסט פון זיגען אַראָפּ . . . זי האָט זיך געדונגען: זאָל זיין מאָרגן, איבערמאָרגן . . . אפשר וועט זי זיך גאָר ווענדן אין אַן אַנשטאַלט מען זאָל דאַרט דאָס קינד כאַווען, ביז זי וועט צו זיך קומען . . . און ווידער אַ פרעמד קול: מ׳וועט זי אַרומ־שליידערן פון דעסק צו דעסק! זאָל זי דערציילן פאַרוואָס וואָלטער האָט

איר פאַרלאָזט! זיי וועלן איר נישט גלויבן אַז זי האָט געהאַט אַ מאַן: צי האָט זי שוין פאַרגעסן אַן דער נויט ביי אירע עלטערן? דער טאַטע איז געגאַנגען נאָך הילף און אַהיים געקומען פול מיט פּיין; וואָס האָט ער דאַן געזאָגט? די מערסטע הילף־אינסטיטוציעס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן פון זינדיקע נשמות לפנים בלויז, נישט צוליב יושר...

אַט־די רייד האָבן אַ תיקון געקראָגן. גלייך ווי דער טאַטע וואָלט צו איר נאָר־וואָס גערעדט. זי האָט זיך אירע צעשראָקענע מחשבות אי־בערגעגעבן העט שפּעט ביינאַכט האָט זי דאָס קינד געלאָזט ציען אירע טרוקענע בריסטן, אפשר זיינען נאָך אַ פּאָר טראָפּנס מילך דאָרט פאַראַן? זי האָט דאָס בלאָנד יינגעלע גוט איינגעהילט, אָנגעשפּיליעט אַ קאַרטעלע מיטן אויפשריפט: „וואָלטער דזשוניאָר", אַוועקגעאיילט זיך אין פּאַרק אַריין און איבערגעלאָזט דאָס קינד אויף אַ באַנק, אונטער אַ געדיכטן בוים...

זי איז נישט געגאַנגען גלייך אַהיים, נאָר אַוועקגעשטעלט זיך פון ווייטנס. אירע ליפּן האָבן ווי אין אַ תפילה געשעפּטשעט. זי האָט זיך דערמאָנט וואָס איר באָבע האָט אַרויסגעלייענט פון דער ביבל, וועגן אַ שלעכטן קעניג וואָס האָט באַפוילן אין טייך אַריינצוואַרפן אַלע ערשט־געבוירענע יידישע יינגעלעך, איז געווען איין מאַמע, האָט זי אויפגע־בויט פאַר איר יינגל אַ קעסטעלע, דאָס מיט סמאָלע אויסגעקלעפּט פון דרויסן, און בעת זי האָט מיט ציטערדיקע הענט קוים אָפּגעלאָזט דאָס קעסטעלע שווימען, האָט זי שטילערהייט תפילה געטאָן, געבעטן ביי גאָט אַז דאָס יינגל זאָל אַריינפאַלן אין גוטע הענט. אָט יענער שלעכ־טער קעניג פון פאַרצייטן איז נאָך אַלץ פאַראַן. איר מאַן וואָלטער איז פון אים באַוווירקט געוואָרן, ער האָט זיך אים אונטערגעגעבן; זי — קיינמאָל נישט!...

עמאַ האָט באַטראַכט דעם קעכער, וועלכער האָט פון איר די אויגן זיינע נישט אַראָפּגענומען און עמאַן האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט אירע געדאַנקען אויפן קול פאַר אים אויסדערציילט: צו וואָס האָט זי דאָס געטאָן? זי האָט זיך פאַרשעמט. זי האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט אין אירע באַקן: אַ מבין ווי זי האָט זיך צעפלאַפּלט פאַר אַ פרעמדן מענטשן? ער וואַרט אַפנים זי זאָל נאָך דערציילן. ניין, מער וועט זי נישט ריידן... זי האָט בלויז הינטערווילעכס געקוקט אין זיין זייט, און ווען דער קע־כער האָט געלאָזט לויפן די וואַסער פוןביידע קראַנען און דאָס וואַסער האָט פאַרשריען עמאַס טריט, איז זי פאַרשוואונדן.

עמאַ איז אַוועק אַהיים. ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל וואו קיי־נער האָט איר נאָך נישט געקאָנט. זי האָט זיך פול מיט לאַנגווייל אַרומגעדרייט אין צימער הין און צוריק, ווי זי האָט פאַרבלאָנדזשעט. זי האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרשפאַרטע חיה אין אַ שטייג. עמאַ האָט אַ סך געדרויכערט. איין סיגאַרעט נאָכן צווייטן. זי האָט געטראַכט אַז איר לעבן איז געוואָרן נאָך שווערער. אין איר מוח געשרייען: לעבט נאָך איר קינד? וועט זי דאָס בלאָנד ייִנגעלע נאָך אַמאָל זען? אפשר זוכט זי וואַלטער אַרום? זי איז זיכער אַז וואַלטער האָט איר אַ בריוו געשריבן, אָבער זי האָט מורא צו ווייזן זיך פאַר די אַלטע שכנים . . . זי האָט זיך צוגעשפּאַרט אויפן אָנגעוואָרפענעם בעט און איינגעדרעמלט. איר האָט זיך געדאַכט אַ קינד וויינט, וויינט אָן אויפהער! זי האָט זיך מיט שרעק אויפגעכאַפּט און מיט אימפּעט געלאָזט זיך לויפן אינדרויסן אַרויס.

דער פאַרטאָג איז געווען אַ קילער, אַ בייסנדיקער. עמאַ האָט זיך באַזעצט אויף אַ שטיינערנער באַנק אין פּאַרק — אויף דער זעלביקער, אויף וועלכער זי האָט איר קינד פאַריקע נאַכט איבערגעלאָזט. זי האָט זיך אין האַרצן געסטראַשעט: זאָל אַ פּאָליציימאַן זיך נאָר באַווייזן, וועט זי אים גלייך דערציילן ווער זי איז. זאָל די גאַנצע וועלט וויסן!

דערנאָך האָט עמאַ געקוקט שטאַר אין דער נאַכט אַריין, ביז זי האָט ווידער איינגעדרעמלט: וואַלטער האָט זיך באַוויזן פאַר אירע אויגן. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיין באַק און זיך באַקלאָגט: „עמאַ, נישט מיר איז דער פּאַטש געקומען" . . . עמאַ האָט אים צוגעצויגן נאָענט צו זיך: קום, לאָמיר גיין צוזאַמען פאַרניכטן דעם שלעכטן קעניג וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע ערשט־געבוירענע קינדער (ייִנג־לעך) זאָל מען אין טייך אַריינוואַרפן. וואַלטער איז מיט איר געגאַנגען געאָרעמט. זי האָט פּלוצים דערזען צוויי רייען קינדער־ווענעלעך, איז זי געגאַנגען און אַריינגעבליקט אין יעדן איינעם פון זיי . . .

שווערע טריט האָבן עמאַן אויפגעוועקט. זי האָט אַ ציטער געטאָן, גלייך אויפגעשטעלט זיך און מיט שלעפּערדיקע טריט געגאַנגען ווי אַ נאַכט־וואַנדלערין. די זון איז שוין געהאַט אַרויסגעקומען. אירע וואַ־רימע שטראַלן האָבן געטרוקנט די גלאַנציקע טרערן ביי עמאַן. זי האָט זיך צוגעשאַרט צום שטענדיקן שפּריץ־פאָנטאַן, אונטערגעשטעלט איר צעשויבערטן קאָפּ האָר, אירע אויסגעבלייכטע באַקן.

אַ דערפרישטע האָט עמאַ אויסגעשפּרייט אירע הענט ווי אין אַ מאָרגן־תפילה, אַז איר לעבן זאָל האָבן אַ זינען. זי האָט געטראַכט: אט

קומט ווידער אַ טאָג און אַלץ וועט זיין אַזוי שווער פאַר איר, ווי אויף אַ הויכן באַרג צו קלעטערן.

אין אַ פּאָר סעקונדן אַרום האָט עמאַ אַ טופּע געטאָן מיט איר רעכטן פוס. אין איר מוח — אַן אויסגעשריי: גלייך איצט, די מינוט גייט זי איר סוד פאַר מענטשן דערציילן! זי וויל לעבן . . .

עמאַ האָט זיך אויסגעגלייכט אירע אברים, פאַרקאַמט אירע צע־פּאַטלטע פייכטע האָר און מיט יוגנטלעכן אימפּעט געלאָזט זיך דעם פרי־מאָרגן אַנטקעגן . . .

# אַ משפּט

דורכן אָפענעם פענצטער פון קעמפּ־אָפיס האָט אַ ווינטל געבלאָזן און ווי אַ פאַרשייט קינד אַראָפּגעטראָגן כמעט אַלע פּאַפּירן פון דעסק. קאַפּיטאַן ראָס איז געזעסן שטאַרק פאַרקלערט. ער האָט נאָר־וואָס געהאַט איבערגעלייענט אַ בריוו פון זיין פרוי אין דער נאָרט, וועלכע מאַכט פּלענער אַרויסצוקומען אַהער, צו אים. כדי דעם ענין גוט צו באַטראַכטן, האָט ער פון ס׳ניי אָנגעשטאָפּט זיין בייכיקע ליולקע מיט טאַבאַק. פאַררויכערט. כמעט געקושט דאָס פּיסקל מיט זיינע ברייטע ליפּן. צעבלאָזן מיט גרויס הנאה דאָס פייער און קנוילן רויך האָבן זיך געשלענגלט און געשלענגלט פאַר זיין פּנים.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָט זיך דעם קאַפּיטאַן פּשוט נישט געגלוסט צו רירן זיך פון אָרט אויפצוהויבן די פּאַפּירן פון דיל אָדער ס׳פענצטער צומאַכן: ער׳ט פאַרטיק ווערן טראַכטן וואָס צו ענטפערן צו זיין פרוי, וועט ער אַריינרופן דעם „אָרדערלי״, וועט יענער אויפראַמען.

פּלוצים האָט אימיצער גענומען גראַבלען די טיר פון דרויסן. דער קאַפּיטאַן האָט צו זיך צופרידן געשמייכלט: אָט דאָס איז די אַרמיי! דער סאָלדאַט כאַפּט אויף דעם באַפעל נאָך איידער ער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן . . .

אויפן שוועל איז געשטאַנען קאָרפּאָראַל מעק. זיין לענגלעך פּנים האָט אויסגעזען נעבעכדיק, ווי ביי אַ בעטלער. ער האָט ווי אָן זיין וויסן סאַלוטירט און נישט גערירט זיך פון אָרט. דער קאַפּיטאַן האָט אים געהייסן זיך מאַכן היימיש: ער קאָן זיך אַפילו אַנידערזעצן, אויב ער האָט נאָר וואו . . .

דער קאָרפּאָראַל האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף די קני ווי אין אַ קירכע, צונויפגעשאַרט די פּאַפּירן אויפן דיל, וואָס דאָס ווינטל האָט פריער אַרונטערגעשאַרט. דער קאַפּיטאַן האָט אים געטאָרעט:

— קאָרפּאָראַל, כ׳האָב אייך נישט געהייסן טאָן די אַרבעט! רופט מיר אַריין דעם „אָרדערלי״!

— סער, איך וועל אַלץ אַליין טאָן. קיינער טאָר אונדז נישט איבערשלאָגן! כ׳האָב מיט אייך עפּעס זייער וויכטיקעס צו ריידן . . .

זיינע אויגן האָבן געפינטלט און אויסגעזען ווי ביי אַ קינד, וואָס וויל עפּעס פועלן ביי זיין טאַטן.

דעם קאַפּיטאַנס פּנים איז געוואָרן ערנסט: וואָס'אַרא סודות איג־מיטן דערינען? ער האָט דאָך אַזוי ווינציק צייט.

— סער, איך בין געקומען ביי אייך בעטן אַ משפּט, — האָט דער קאַרפּאַראַל אַרויסגעפּלאַצט.

— פאַר וועמען? — האָט דער קאַפּיטאַן געפּאַרשט.

דער קאַרפּאַראַל האָט אָן רייד צוגעשטעלט זיין האַנט צום האַרצן. זיין פּנים האָט זיך בעת מעשה געררויטלט. דאָס איז געווען אָן אָנצוהער־רעניש, אַז ער אַליין איז דער שולדיקער. און נאָך איידער דער קאַפּיטאַן האָט דעם ענין ריכטיק „צעקייט", האָט דער קאַרפּאַראַל אין אַ טרויעריקן טאָן צוגעגעבן, אַז ער קאָן נישט שלאָפן רואיק ביינאַכט צוליב זיין לייכט־זיניקייט צו די רעגולאַציעס פון דער אַרמיי...

די לעצטע אָנצוהערעניש האָט דעם קאַפּיטאַן שטאַרק פאַראינטערי־גירט. ווי ער וואָלט זיך געפונען אין אַ מואַווי־הויז, פאַר זיינע אויגן אויפן לייוונט שפּילט זיך אָפּ עפּעס אַ לעבנס־בילד פול מיט פּלאָנטער און ער קאָן נישט פאַרלאָזן ביז ער וועט דערגיין אַ טאָלק. ער האָט אינ־גאַנצן פאַרגעסן, אַז ער דאַרף גלייך ענטפערן אַ בריוו צו זיין פרוי. ער האָט ווי אַ פאָטער צוגעבויגן זיין קאָפּ נאָענט צום קאַרפּאַראַל און אין אַ צאַרטן טאָן געפרעגט:

— וואָס האָט איר אַזעלכעס אָפּגעטאָן?

דער קאַרפּאַראַל האָט זיך גאָר נישט געקווייקלט און אָנגעהויבן צו דערציילן אין אַ שולדיקן טאָן:

אויפן באַן האָט עס פּאַסירט. ער האָט רעווידירט די סאָלדאַטן צי האָבן אַלע דערלויבענישן צו פאָרן אַהיים. איז זיך אין אַ ווינקל געזעסן איינער, געטוליעט זיך צום פענצטער, גענאָלטן פון דער באַנק, געהאַלטן פאַרדרייט זיין צעשראָקן פּנים צום פענצטער. פון דערפאַרונג, האָט ער דערקענט, אַז דער סאָלדאַט האָט נישט קיין „פּעס", אָבער אים איז יענע סעקונדע באַפאַלן אַזאַ רחמנות אויף יענעם... אַ יונג בחורל, האָט ער צו זיך געטראַכט, האָט זיך פאַרבענקט נאָך דער מאַמען אוודאי, זאָל זיינס אי־בערגיין. ער האָט אַפילו אָפּגערעדט די אַנדערע מיליטער־פּאָליס...

— אַן אייגענער אייערער? — האָט דער קאַפּיטאַן דעם קאַרפּאַ־ראַלס רייד איבערגעשלאָגן.

דער קאַרפּאַראַל האָט געצויגן מיט די אַקסלען: ער האָט אַפילו יענעמס נאָמען נישט געוואוסט. אויפן צווייטן טאָג האָט ער יענעם שוין געזען צוריק אין קעמפּ. קיינער האָט דאָ פון דעם אינצידענט נישט געוואוסט. ער אַליין האָט שוין געהאַט פאַרגעסן, נאָר נעכטן, ווען דער

מיידזשאַר האָט געהאַלטן זיין רעדע וועגן כלומרשטדיקע קליייניקייטן, וואָס יעדער סאָלדאַט טוט אָפּ קעגן דער אַרמיי און ווען מען ציט אונטער דעם חשבון, ווי גרויס דער פאַרלוסט ווערט — איז אים זיצנדיק דאָרט אויף דער באַנק באַפאַלן אַזאַ מאָדנער געפיל, כאָטש נעם און פּאַטש זיך אַליין אויס. אין זיינע אויערן האָט אימיצער געהאַלטן אין איין אַרייַנ־שושקען: „מעק, דיך מיינט דער מיידזשאַר — דיך! ווען יעדער איי־נער פון דער מיליטער־פּאָליס זאָל רחמנות האָבן אויף איין סאָלדאַט ווי ער, וואָלט די אַרמיי שיין אויסגעקוקט" . . .

דער קאַפּיטאַן האָט אים גלייכגילטיק געעצהט צו ברענגען דעם יונגן סאָלדאַט צו אַ משפּט. דאָ האָט זיך דער קאָרפּאָראַל געדרייט נערוועז אויפן בענקל. ער האָט זייער פיינט צו פאַרמסרן יענעם. ער וועט בע־סער נעמען די שטראָף אויף זיך . . . חוץ דעם זיינען ביי אים די מח־שבות צעטיילט. איינע זאָגט אים אונטער: „מעק, האָסט גוט גע־האַנדלט" . . . און באַלד אַ צווייטע — „זייער שלעכט! ס'אַ זינד קעגן דער אַרמיי". אָט דערפאַר איז ער אומרואיק — זייער אומרואיק!

אין ציווילעבן לעבן, ווען ער האָט עפּעס אָפּגעטאָן, וואָס האָט אים געמאַטערט, געריסן אַהין און אַהער, איז ער אַוועק אין קלויסטער אַריין, אויסדערציילט זיין האַרץ פאַרן גלח און זיין געמיט איז אַזוי לייכט גע־וואָרן. וואָס זאָל ער איצט טאָן?

דעם קאַפּיטאַן האָט אָנגעהויבן לאַנגווייליקן פון דעם קאָרפּאָראַלס רייד. ער האָט מסוכן געביסן דאָס פּיסקל פון זיין ליולקע. דאָס איז גע־ווען אַ באַווייז, אַז מער קיין געדולד צו אים האָט ער נישט, זיינע בליקן האָבן געוואַנדערט אויפן דעסק — אויפן בריוו פון זיין פרוי. ער האָט געטראַכט, אַז ער דאַרף איר גלייך ענטפערן. ער מוז איצט האָבן רו . . . „לויט זיין מיינונג איז דער קאָרפּאָראַל נישט קיין געזעצטער סאָלדאַט: אפשר דאַרף מען אים גאָר אַנאַליזירן?" ער וועט אים אָפּשיקן צום לוי־טענאַנט קרעס. אים איז אפילו נישט צום האַרצן, אַז אין מלחמה־צייט זאָל מען זיך גריבלען אין אַ סאָלדאַטס נשמה, אָבער דער קאָרפּאָראַל געהערט פאָרט אַהין . . .

ער האָט זיך ראַפּטאַם אויפגעשטעלט. נאָך אים איז דער קאָרפּאָ־ראַל אויפגעשפּרונגען ווי ער וואָלט געזעסן אויף אַ ספּרוזשינע. אַז ער האָט דערהערט דעם קאַפּיטאַנס באַפעל, האָבן ביי אים די אויגן אָנגע־הויבן צו טרערן. אָט־אָט וועט ער זיך צעוויינען:

— סער, איך בין נישט משוגע!

— קאַרפּאַראַל, אונדזער אוידיענץ איז פאַרענדיקט! גייט און ברענגט מיר נאָך היינט דעם רעפּאָרט!

קאַרפּאַראַל מעק האָט כלומרשט אַ שמייכל געטאָן, סאַלוטירט, אויסגעדרייט זיך אויף זיינע שפּיץ שיך מיטן פּנים צו דער טיר און פאַרלאָזט.

אינדרויסן האָט ער געהאַט טענות צו זיך אַליין: ער האָט נישט באַדאַרפט אויסצודערציילן זיין האַרץ פאַר אַ מענטשן, וואָס הייבט אים נישט אָן צו פאַרשטיין... אַ קאַפּיטאַן איז נישט קיין גלח... זיין גאַנג איז געוואָרן שלאַבערדיק. דער מיליטערישער ריטם האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים. ער האָט אויסגעזען ווי אַ שיכור, וואָס איז נאָר־וואָס אַרויס פון אַ סאַלון.

לוטענאַנט קרעס האָט שוין פון אַלץ געוואוסט. דער קאַפּיטאַן האָט מיט אים גערעדט אויפן טעלעפאָן און געוויצלט זיך, אַז ביסלעכווייז, ביסלעכווייז ווערט אים קלאָר דעם לוטענאַנטס דינסט אין דער אַרמיי. מאָדנע צייטן! אַ סאָלדאַט זאָל פריייוויליק קומען און פאָדערן אַ משפט איבער זיך! ווען ער אַליין זאָל זיך שטאַרק וועלן גריבלען אין זיינע זכרונות, האָט ער אויך נישט איינמאָל געטאָן אַ טובה אַ יחיד, אָבער ער האָט נישט באַדאַרפט אָנקומען צו קיינעם מען זאָל אים אויסהיילן פון דעם...

דער טעלעפאָן־געשפּרעך האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ געלעכטער פון ביידע. און ווען קאַרפּאַראַל מעק האָט זיך אין טיר באַוויזן, איז נאָך פאַרבליבן הענגען אַ שמייכל אויפן לוטענאַנטס לבנה־פּנים. דאָס האָט דעם קאַרפּאַראַל אַביסל באַרואיקט: אַ פריינטלעכער מענטש — האָט ער צו זיך געטראַכט. און ווען ער האָט נאָך דערהערט, אַז ער דאַרף זיך מער נישט איבערחזרן, איז ער גאָר געוואָרן צופרידן.

לוטענאַנט קרעס האָט באַלד אויסגעטאָן זיינע גלאַנציקע ברילן, אַוועקגעלייגט זיי אויף אַ טישל, אויסגעהוסט זיך, געכאַפּט אַ שפּאַציר איבערן ענגן אָפיס און גערעדט רואיק, גלייך ווי דער ענין גייט אים נישט אָן:

— דער קאַרפּאַראַל האָט אויפן באַן דורכגעלאָזט אַ יונגן פאַרבענקטן סאָלדאַט אַהיים אָן אַ „פּעס” און האָט חרטה, אמת?

דער לוטענאַנט איז צוגעקומען נאָענט צום קאַרפּאַראַל, אַוועקגעזעצט זיך לעבן אים, געקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין, אַז יענעם האָט זיך געוואָלט לאַכן. ביידע האָבן אַ ווײַלע געשוויגן. איינער האָט געוואַרט, אַז דער צווייטער זאָל איבעררייסן די שטילקייט.

לוטענאַנט קרעס האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט צוויי פינגער אויפן טישל. איינעם אַראָפּ, איינעם אַרויף. ער האָט געוואָלט, אַז דער קאַר־פּאַראַל זאָל זיך אנהייבן צו פילן היימישער און עפּעס זאָגן. אַז מעק האָט אַלץ געשוויגן, האָט ער אַליין אָנגעהויבן ריידן:

— הערט קאַרפּאַראַל, איך גלויב, אַז איר האָט נישט געהאַט קיין מיטלייד אויף יענעם סאָלדאַט, נאָר אויף זיך אַליין. לאָמיר זאָגן, אַז איר האָט דורך יענעם געוואָלט פאָרן צו זיך אַהיים און זען זיך מיט אייערע אייגענע . . .

מעק האָט לפּנים צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט זיך צעשמייכלט און געפילט צו זאָגן דעם אָפיצער, אַז דער קאַרפּאַראַל האָט זיינע מחשבות צעפּלאָנטערט. ער ווייסט שוין באַלד נישט צוליב וואָס ער איז אַהער געקומען. לוטענאַנט קרעס איז אָבער נאָך נישט פאַרטיק מיט אים:

— אפשר זענט איר גאָר באַווירקט געוואָרן פון שלעכטע עלעמענטן — שונאים, וועלכע ווילן, אַז אַלץ אין דער אַרמיי זאָל זיין הפקר? און איר קאַרפּאַראַל האָט זיך באַטראַכט, אַז מ׳וועט אייך אויסגעבן וועט זיין ערגער פאַר אייך?

דער קאַרפּאַראַל איז געוואָרן גאָר צעטומלט. ער האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן, וואָס צו ענטפערן. אין האַרצן האָט ער זיך מיטן לוטע־נאַנט געקריגט: „איר האָט ערשט אויסגעזען אַזאַ וואוילער מענטש... כ׳האָב געדענקט צו הערן אַ פּאָר גוטע ווערטער און גיין צו מיין ארבעט, צום סוף — פאַרדרייט איר מיר דעם קאָפּ״ . . .

לוטענאַנט קרעס האָט אים איבערגעשלאָגן:

— כ׳ווייס, קאַרפּאַראַל, אַז אייך קומט אָן שווער מיר צו ענטפערן, ווייל אָפטמאָל קלעפּט זיך עפּעס בייזעס אָן און מיר ווייסן נישט פון וואַנען און פון וועמען . . . מיר וועלן זיך באַלד בעסער פאַרשטיין. איר האָט דערציילט פאַרן קאַפּיטאַן, אַז אין אייער ציווילנעם לעבן פּלעגט איר אָפט גיין אין קירכע זיך מתוודה זיין, האָט איר פאַרן גלח קיינמאָל גאַרנישט פאַרלייקנט?

דער קאַרפּאַראַל האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען, די רייד — צע־פּיצלט. ער אַליין האָט אויך נישט בעוואוסט וואָס ער האָט געזאָגט. די ווערטער זיינע באַגלייט מיט געבעט: לאָזט מיך צורו!

לוטענאַנט קרעס האָט געקוקט אויף אים און געשמייכלט. ער האָט זיך דערפילט זיגרייך מיט זיין אַנאַליז. ער האָט געטראַכט, אַז נאַאיווי־קייט ביי אַ מענטשן האָט אַ זינען. אַמאָל ווערט עס געטאָן אויסגע־

רעכנט צו באַקומען דורך דעם אַ גוטן נאָמען. מתוודה זיין זיך אין קליינינקייטן, כדי קיינער זאָל זיך נישט גלויבן, אַז אַזעלכער וועט באַגיין אַ גרויסן חטא און פאַרשווייגן . . . ווי למשל דער קאַרפּאַראַל.

לוטענאַנט קרעס האָט מיט שטאָלץ אויפגעהויבן זיין קאָפּ, כלומרשט באַטראַכט די סטעליע. בגנבה אַרונטערגעקוקט צום קאַרפּאַראַל און אויף אַן אומגעריכטן אופן ביי אים אַ פרעג געטאָן וועגן וואָס טראַכט ער אין דעם מאָמענט ?

ביים קאַרפּאַראַל אויפן פּנים האָט זיך צעשפּרייט אַ ברייטער שמייכל: „אַזאַ נאַרישע פראַגע”! האָט ער געוואָלט זאָגן. ער טראַכט וועגן אַ סך זאַכן . . .

— מ׳דאַרף טראַכטן וועגן איין זאַך אויף אַמאָל, — האָט דער לוטענאַנט ווי אַ פאָטער געעצהט. און בעת דער קאַרפּאַראַל האָט זיך דערפילט היימיש, געפּאַרעט זיך מיט זיינע ברילן, מיטן בליישטיפט אויפן טישל, האָט דער לוטענאַנט פּלוצים געפרעגט:

— ווי וואָלט געווען אַשטייגער ווען דער קאַרפּאַראַל זאָל זיך פאַרפּלאָנטערן אין אַ נעץ פון שונאים דאָ אין קעמפּ, וועלכע זיינען אויבנאויף פּאַטריאָטיש. זיי וועלן נישט גיין אַהיים אָן אַ דערלויבעניש — אַפילו מיט אַ דערלויבעניש . . . צי וואָלט דער קאַרפּאַראַל געלאָזט וויסן דעם קאַפּיטאַן ?

דעם קאַרפּאַראַלס פּנים האָט אָנגעהויבן צו זינקען אַרונטער. ער האָט כלומרשט באַטראַכט זיינע אייגענע שיך. לוטענאַנט קרעס וועלכער האָט אים די גאַנצע צייט נאָכגעקוקט איז געוואָרן בייז. דאָס מאָל האָט ער זיך אויף אים צעשריען:

— קאַרפּאַראַל, קוקט מיר גלייך אין פּנים אַריין!

— סער, אָבער עס האַנדלט זיך דאָך נישט וועגן דעם ענין . . .

— ווער האָט עס אייך געזאָגט ? אַלץ וואָס מיר ריידן איז איין ענין . . האָט איר זיך געטראָפן מיט אַזעלכע סאָלדאָטן ? ענטפערט יאָ, אָדער ניין!

אין אַ געבראָכענעם טאָן האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז עס איז קיינמאָל נישט אין זיין נאַטור צו דערציילן וועגן דעם סאָלדאַט, אָדער יענעם: וואָס גייט עס אים אָן ? יענע האַנדלען ווי זיי פאַרשטייען, און ער . . .

לוטענאַנט קרעס האָט אים ווידער איבערגעשלאָגן:

— קאַרפּאַראַל, און אַז אַזעלכע מעלדן דעם שונא ווען אונדזערע טרופּן פאַרלאָזן און מען טונקט זיי אונטער ? ווי וואָלט איר געפילט

ווען איר געפינט זיך אויף אזא שיף?

דער קאָרפּאָראַל האָט יאושדיק געצויגן מיט די אַקסלען. ער האָט געטראַכט, אַז דער אָפיצער איז אַ פאַנאַטיקער: וואָס קאָן עס שלעכטס טאָן אַזאַ גרויסער אַרמיי, ווען עטלעכע סאָלדאַטן קומען זיך צונויף און האָבן פאַר זיך אין דער שטיל אַ מיטינג? מ׳האָט אים אַליין אויך גע־רופן. פריוועט זענעס האָט אים אונטערגערוקט אַן אַפּליקאַציע צו ווערן אַ מיטגליד און ער האָט אים אויסדריקלעך געזאָגט, אַז זיי אַרבעטן פאַר אַ קריסטלעכער וועלט, איז וואָס? ער אַליין איז דאָך אויך פאַר דעם... איז ער אַ שונא? ער וועט עס אַלץ דערציילן דעם לוטענאַנט. אים ווילט זיך טאַקע הערן זיין מיינונג.

בעת דער קאָרפּאָראַל האָט אַזוי גלייכגילטיק גערעדט, האָט לוטע־נאַנט קרעס געפילט ווי אָט־אָט הייבט ער אויף זיין האַנט און פּאַטשט אויס דעם קאָרפּאָראַל. גאָט מיינער, אַ דערוואַקסענער מענטש זאָל ניט באַנעמען וואָס אַרום אים טוט זיך? ער האָט אַ סך געטראַכט וועגן די אַלטמאָדישע פירעכצן אין דער אַרמיי. פאַר נישט געפּוצטע שיך אָדער ווען עס פעלט אַ קנעפּל, איז באַלד קיך־אַרבעט! ווי ווייניק אויפמערק־זאַמקייט מען שענקט צו די סאָלדאַטן, וואָס גראָבן אונטער די מאָראַל פון דער אַרמיי און שטעלן אין געפאַר לעבנס. טייל ווייסן אַפילו נישט מיט וועמען מען חברט זיך. אָט איז דער קאָרפּאָראַל אַן עדות . . .

דערנאָך האָט ער מיט אַ ציטער אויף זיינע ליפּן גערעדט, אַז די מלחמה ווערט נישט געפירט פאַר קיין קריסטלעכער וועלט, נאָר פאַר פרייהייט פון אַלע מענטשן. זאָל ער גיין דערציילן אַלץ פאַרן קאַפּיטאַן און זיין געוויסן וועט אים מער נישט מאַטערן.

ער האָט אים באַגלייט צו דער טיר און פאַרזיכערט, אַז דעם משפּט וואָס ער האָט געוואָלט האָבן איבער זיך, האָט ער שוין דאָ געהאָט. זאָל ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ סאָלדאַט פון אַ לאַנד און נישט פון וועלכער עס איז קירכע . . .

דער קאָרפּאָראַל האָט דעם לוטענאַנט באַדאַנקט. מיט גרויס פלינ־קייט סאַלוטירט — אַ באַוויַיז, אַז ער האָט פאַר אים גרויס אָפּשיי און אַרויסגעשפּאַנט.

אין אָוונט, ביי דער ספּעציעלער אונטערנעמונג פאַר אָפיצערן, אונ־טער די קלאַנגען פון מוזיק, האָט קאַפּיטאַן ראָס עטלעכע מאָל געדריקט די האַנט פון לוטענאַנט קרעס. ער האָט זיך מודה געווען פאַר אים, אַז ביז היינט האָט ער גאָר נישט געהאַלטן פון זיין „אוטפּיט״ (אָפּטיי־לונג), זאָל ער אים פאַרגעבן. דער לוטענאַנט האָט זיך גראַציעז פאַר־

נויגט. ער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז פון איצט אָן וועט מען אים געבן אַ מעגלעכקייט אַריינצוקוקן אין פאַרבאָרגענע ווינקלען. ער וועט דער אַרמיי קאָנען דינען, מיט זיין גאַנצן האַרצן. ער איז געוואָרן אויפגע־לייגט ביז גאָר. און געווענדט זיך צום קאַפּיטאַן אַ פּאָר מאָל: ס'איז פיינע מוזיק! אַ פיינער אָרקעסטער . . .

# אין גרויע טעג...

ביי דער פירמע פּירלעס גאַרמענט קאָמפּאַני האָבן כמעט אַלע אַרבעטער פון שאַפּ קיין איין טאָג נישט פאַרפעלט צו כאַפּן אַ שטיקל שמועס וועגן דער וועלט־לאַגע. דאָ און דאָרט האָט איינער אויסגעלאָזט זיין צאָרן צו זיין ביי־מאַשין. צו פאַרטומלען זיך אינעם געיעג. דאָ און דאָרט אַ קללה אויף די נאַציס. אָדער אַ כעסדיקן קלאַפּ מיט אַ פּרעס־אייזן.

אָבער באַלד איז מען איבערגעגאַנגען צו אַנדערע געשפּרעכן: וועגן יקרות, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן מיט זייערע שכירות, ווי אין אַ שדים־טאַנץ. וועגן דער יוגנט, וואָס האָט אַזאַ ביטער מזל צו טראָגן אויף זיך דעם גאַנצן יאָך. און דאַרום איז מען אַזוי אומרואיק. נישטאָ קיין געדולד איינגאַנצן צו דער אַרבעט . . . און אינמיטן האָבן זיך גאָר דערהערט געזאַנגען, ווי מען וואָלט אַזוי אַרום וועלן פאַרטרייבן די אומעטיקע מחשבות . . .

גאָר אַנדערש איז עס אָבער צוגעגאַנגען מיט דעם אַרבעטער רובין, דער צושניידער פון שאַפּ, ביי אים איז די לעצטע טעג דער מוח געוואָרן ווי אַ וויסט שטיבל. מאָדנע קולות האָבן אַהין אַריינגעשריען: די וועלט איז אַ וואַלד „ דו ביסט איינער אַליין . . .

ער הערט אָן אַ שיעור פּיס טרעמפּלען. איבער זיין קאָפּ רוישן עראָפּלאַנען. ער שטעלט אָפּ די שנייד־מאַשין און כאַפּט בגנבה אַ קוק ארויף צו דער אויסגעקאַלעכטער סטעליע. די געשפּרעכן אַרום זיינען געוואָרן יללות אין זיינע אויערן. זיין גומען איז געוואָרן טרוקן ביז גאָר, ווי אין אַ היציק־שלאַפּקייט. ער איז געלאָפן צום קראַן טרונקען וואַסער. נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל . . .

אויפן וועג צוריק האָט רובין באַטראַכט די אַרבעטער פון אַלע ווינקלען און זיי באַוואונדערט: מען לאַכט, מען שטיפט, זיי לאָזן נישט אָפּ דעם פאָדעם פון לעבן, נאָר ער איז אַזוי עלנט. קיינעם איז דאָ נישט אַזוי ביטער ווי אים . . . פאַרוואָס זאָל ער אויך נישט זיין ווי זיי ?

מיטיק־צייט האָט זיך רובין געשטאַרקט: ער וועט גיין מיט אייניקע אַרבעטער עסן צוזאַמען אין איין רעסטאָראַן, — האָט ער געטראַכט: אפשר וועט ער באַווירקט ווערן פון זייערע רייד ? ער וועט ביי זיי אויסגעפינען דעם סוד ווי אַזוי צו לעבן איצט אין די פינצטערע טעג.

אפשר וועט ער דורך זיי זען אַ ברעקל ליכט ? הערן אַ טרייסט־ וואָרט, וואָס זאָל אים דינען ווי אַ לאַמטערן . . .

אין רעסטאָראַן איז רובין געזעסן ווי אַ פרעמדער. ער האָט נישט קיין געדולד צו די רייד פון די אַרבעטער, וועלכע זיינען געזעסן מיט אים ביי איין טיש. ער האָט געפילט ווי אויסשרייען אַז זיי פּלאַפּלען. די שעה איז צו ערנסט ! וואָס קומט שוין אַרויס פון דערווייליקן פאַר־געניגן, ווען פאַר די אויגן גלאַצט אַזאַ ווּיסטער מאָרגן . . . ער קען זיך איצט צו בלינדע נישט טוליען. ניין, ניין !

דערנאָך האָט רובין געהערט אַ גרוילעכע שטימע, גלייך ווי אימי־צער שטייט הינטער זיינע פּלייצעס : יודע, שטעל זיך צום וואַנט !

אָט הערט ער דעם קלאַנג פון קייטן וואָס מען טוט אים אָן. פאַר זיינע אויגן שוועבן אָן אַ צאָל געלע מגן־דודס. און אָט איז אַ טייך. יידן מיט טליתים ווערן אַהין אַריינגעטריבן . . .

אַלע גרויזאַמקייטן וואָס רובין האָט אין די צייטונגען געלייענט פאַר וואָכן נאָכאַנאַנד, זיינען מיטאַמאָל סצענירט געוואָרן פאַר זיינע אויגן. דאָס בלוט פון זיין גאַנצן קערפער האָט זיך געיאָגט אַראָפּ און אַרויף. געשטאָכן אין זיין שטערן ווי מיט שפּילקעס. ער האָט מיט כעס אָפּגעשטעלט דעם שנייד־מאַשין, וועלכער האָט מסוכן געגרילצט, און מיט ביידע הענט האָט ער זיך גענומען קלאַפּן אין קאָפּ אַריין . . .

די אַרבעט איבערן גאַנצן שאַפּ האָט זיך באַלד אָפּגעשטעלט. אַר־בעטער האָבן רובינען פּרובירט באַרואיקן. גלעטן אים איבער די אַקס־לען, צוגעלייגט אים אַ קאַלטן האַנטוך צום קאָפּ. רובין האָט זיך אַרונ־טערגעלאָזט אויפן שטיינערנעם דיל, פאַרשטעלט זיין פּנים מיט אַלע צען פינגער און נישט אויפגעהערט צו כליפּען.

אויפן גאַס האָט זיך פלינק געטראָגן אַ שטאָטישער אַמבולאַנס מיט אַ געקלאָגעריי, ווי אָן אַ שיעור קליינע קינדער וואָלטן אויף די גאַסן גע־וויינט.

און ווען מ׳האָט רובינען פון שאַפּ שוין געהאַט אַרויסגעפירט. ער איז שוין אפשר אין אַ שפּיטאָל געווען, איז די שרעק נאָך אַלץ געהאַנגען אי־בער אַלעמענס קעפּ. מ׳האָט דאָ גערעדט שטיל, ווי געסודעט זיך :

— ס׳איז דען אַ וואונדער ? אַזאַ צייט !

— מען טאָר זיך אָבער נישט אָפּלאָזן . . .

— ווער וועט לאָזן וויסן דער פאַמיליע ? — האָבן זיך פנימער גע־קרימט.

— אַ וואַזשנע בשורה . . .

— ס׳טייטש, אַזאַ געלערנטער יונג, ער וואָלט באַדאַרפט צו פאַר־שטיין בעסער פאַר אונדז . . . נו, וואָס קומט אים שוין אַרויס ?

— ער וועט שוין די ליכטיקע וועלט נישט אָנזען מער . . .

אַ פאַרצווייפלטער געלעכטער:

— „די ליכטיקע וועלט", זאָגט איר ?

דערשראָקענע בליקן האָבן דעם אַרבעטער אַרומגערינגלט. עס האָט זיך זיי געדאַכט אַפּנים, אַז ער וועט אויך באַלד ווערן ווי רובין. „אפשר איך אַליין, — אפשר גאָר איך", האָט זיך דאָ דער און דאָ אַ צווייטער געטראַכט . . . „קיינער האָט זיך נישט אין די הענט" . . .

עס איז געווען אויסצאָל־טאָג. דער באַלעבאָס האָט אונטערגעאײַלט דער בוכהאַלטערין באַצייטנס פאַרטיק צו מאַכן די שכירות פאַר די אַר־בעטער. ער האָט אויך נישט געקאָנט דולדן די שטימונג אין שאַפּ.

די אַרבעטער האָבן נאַכלעסיק אַריינגעלייגט די קאָנווערטלעך אין די קעשענעס, אין די בײַטלען, אַפילו נישט נאָכגערעכנט ווי דער שטיי־גער זייערער איז געווען . . . מ׳האָט זיך דערנאָך לאַנג געדונגען, ווער עס זאָל גיין צו רובינען אַהיים, לאָזן וויסן וואָס עס האָט מיט אים פּאַ־סירט . . .

* * *

אין וואָרט־צימער פון שטאָטישן שפּיטאָל איז רובינס פאַמיליע קוים אײַנגעזעסן. די פרוי זײַנע, אין די מיטעלע יאָרן, צוויי זין און אַ טאָכטער. מ׳האָט שוין געהאַט פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל געדולד צו הערן וואָס דער הויפּט־פּסיכיאַטאָר האָט צו זאָגן. די פרוי, מיט טרערן אין די ווינקלען פון אירע אויגן, האָט געווישט אירע פאַרהוכקעטע ברילן און בעת מעשה נישט אויפגעהערט צו באַקלאָגן זיך:

— אַלע יאָרן איז דער טאַטע אייערער געווען אַ מאָדנער מענטש. אַז ער איז אַהיים געקומען, דערזען מיך צוגרייטן פיש צום קאָכן, האָט ער אויפגעציטערט, גלײַך אַנטלאָפן אין אַ צווייטן חדר. אַז מ׳האָט ביים עסן געלאָזט פאַלן אַ וואָרט אַז דאָס שטיקל פלייש איז באַטעמט, האָט ער גלייך אויפגעהערט צו עסן, און אַז ער האָט זיך מיט עמיצן גע־קריגט, איז ער געווען דער ערשטער יענעם לויפן איבערבעטן. אַלעמאָל איז נאָר זיין שולד געווען. האָבן זיך אַרבעטער אין שאַפּ אַמאָל גע־ווערטלט . . .

די מוזינקע אסתר האָט איר איבערגעשלאָגן:

— קעגן וואָס דערציילט אונדז די מאַמע די אַלע זאַכן ? — זי האָט

בעת מעשה געזאָרגט זיך אַז איר חתן זאָל זיך נישט דערוויסן וואו דער טאַטע אירער שפּאַרט אָן, — פאַרוואָס זאָל די מאַמע אַלץ וועלן אַזוי צעגלידערן ?

מאיר, דער עלטערער זון, האָט זיך בגנבה אַוועקגערוקט און לאַנג געסודעט זיך מיט אַ נוירס. זי האָט אים באַלד צוגעפירט צו אַ ווייסן צימער, געעפנט פאַמעלעך אַ „בלינדע" טיר. מאיר האָט דערזען דעם פאַטער זיצן אויף אַ בעטל. דאָס פּנים זיינס האָט ער געהאַלטן פאַר־דעקט מיט אַלע צען פינגער. ער האָט זיך געשאָקלט ווי ביי אַ תפילה און פון צייט צו צייט אַרויסגעשריען: די וועלט איז אַ וואַלד . . .

מאיר איז אַוועקגעלאָפן. און אַז די מוטער האָט אים דערזען, האָט זי ביי אים אָנגעהויבן צו פאָרשן צי האָט ער געזען דעם טאַטן ? ער איז געשטאַנען מיט פאַרביסענע ליפּן און געשוויגן. ער האָט זיך באַלד אָפּ־געקערט פון איר, טאָמער וועט זי ביי אים נאָכאַמאָל פרעגן און ער וועט זיך אפשר אונטערגעבן . . .

דער פּסיכיאַטאָר האָט בעת מעשה גערעדט צו יונגע דאָקטוירים וועגן רובינען: אָט האָבן זיי פאַר זיך אַ פּאַציענט וואָס ליידט פון וועלט־שמערצן. זיי האָבן אַ מעגלעכקייט אַ סך צו לערנען. לויט דעם באַריכט פון דער פרוי, איז דער פּאַציענט אַלע יאָרן זיינע אַ סענסיטי־ווער מענטש. אַזעלכן איז שווער אויסצוהאַלטן גרויזאַמע פּאַסירונגען און עס וועט זיין נישט אַזוי לייכט אים צו היילן . . . די מורא איז ביי אים צו עקסטרעם. אויב איינעם פון די יונגע דאָקטוירים וועט געלינגען, וועט יענער האָבן אַ סך אויפגעטאָן" . . .

דער יונגער דאָקטער בערנאַרד האָט דעם פאַרשלאַג אָנגענומען אָפּ־צוגעבן זיך מיטן פּאַציענט. ער האָט געטראַכט ביי זיך, אַז ער אַליין ליידט אויך פון דעם וועלט־שמערץ, וועט פאַר אים זיין לייכטער צו דע־ביוועגן זיך צו רובינס נשמה־ליידן. ער האָט געפּילט ווי צו זאָגן דעם פּראָפעסאָר, אַז ביי אים אין קאָפּ דרייען זיך שוין באַצייטנס געוויסע מיטלען. ער וועט אין דער זעלביקער צייט זיך אַליין היילן . . .

דר. בערנאַרד איז אַרויסגעקומען פון צימער מיט פאַרפלאַמטע באַקן. אַפילו די אויערן זיינען ביי אים רויט געוואָרן. ער האָט גוט אָנגעטרייסט דער פאַמיליע. געבעטן זיך ביי דער פרוי, ביי די זין, ביי דער טאָכטער, אַז אַלע זאָלן אים העלפן. זאָלן זיי מיט אים גלייך גיין צום פּאַציענט און זאָל קיינער צו אים נישט צוגיין. ער וויל, אַז זיי זאָלן זיך אָבער אויפפירן ווי ביי זיך אין דער היים. זאָלן זיי ריידן וועגן זייערע שטוב־אינטערעסן פּונקט ווי דאָן, ווען רובין איז מיט זיי געווען

צוזאַמען. זאָלן זיי ריידן הויך. ער, דער דאָקטער וועט זיצן אין אַ ווינ־קעלע, אויסגעטאָן פון די ווייסע קליידער, ווי אַ גאַסט. ער וויל זען צי וועט דעם פּאַציענט באַווירקן היימישע רייד.

רובין האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. דער דאָקטער האָט אויסגעזען פריילעך. ער האָט געטראַכט, אַז די קלאַנגען פון פּאַרוויסטונג, וועלכע באַהערשן זיין געהער, וועלן סוף־כל־סוף אויפהערן: וואָס וועט דאַן זיין? צי וועט דער פּאַציענט צו זיך קומען? באַשטימט ווייסט ער נישט, אָבער זיין ערשטער עקספּערימענט געפעלט אים. ער וועט אים אָנווענדן נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל . . .

רובין האָט אָנגעהויבן צו דערווייטערן די פינגער, מיט וועלכע ער האָט געהאַלטן זיין פּנים פאַרשטעלט. ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אין דער פרוי, אין די קינדער, אַפילו דר. בערנאַרדן, וועלכער האָט זיך גע־האַט פאַרשטעלט זיין פּנים מיט אַ צייטונג. זיינע בליקן האָט ער לאַנג אַרומגעטראָגן אויף זיי ווי ער וואָלט זיך געחידושט, ווי קומט ער אַהער אויף אַ בעטל? וואָס זיינען אַלע מיטאַמאָל אַזוי שטיל געבליבן?

דער דאָקטער האָט זיי גראָדע געהייסן ריידן צווישן זיך, אָבער אַלע האָבן נישט אויסגעפאָלגט, מ'האָט געוואָלט דעם פּאַציענט הערן ריידן. פון יענער זייט טיר האָט ער זיי געמוסרט: ער האָט זיי געבעטן, אַז אַ צווייטן מאָל זאָלן זיי אים פאָלגן, געגעבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס ער האָט זיי לענגער נישט געלאָזט זיין לעבן פּאַציענט. פאַרן ערשטן מאָל איז עס צופיל פאַר אים. עס זיינען פאַראַן אַ סך מאָרגנס. ער האָט יעדן געגלעט איבער אַן אַקסל און געשיקט אַהיים, מיט דער האָפענונג, אַז ווען עס איז וועט רובין זיי איבעררעדן. ער וועט אַן עפן טאָן די טיר און זיין מיט זיי צוזאַמען. די פאַמיליע איז אַהיים געגאַנגען. יעדער מיט־גליד האָט איבערגעלאָזט אַ באַזונדערן האַרציקן דאַנק צו דר. בערנאַרד. זייער געזעגענען זיך האָט אים אַזש גערירט ביז טרערן . . .

אויף מאָרגן האָבן זיך באַוויזן פיר אַרבעטער פון שאָפּ: זיי ווילן זען דעם פּאַציענט רובין. די נוירס, צו וועלכער איינער פון זיי האָט זיך געווענדט, האָט אָנגעוויזן אויף דר. בערנאַרדן. קיינער האָט זיך נישט אַריינגעמישט, אַפּנים אַ באַדינג אַזאַ געווען.

דר. בערנאַרד האָט זיך אַביסל פאַרקלערט, בעת די אַרבעטער האָבן אים אַרומגערינגלט: אפשר זאָלן זיי צום ערשטן ריידן וועגן שאָפּ־ענינים, איידער זיי גייען צו נאָענט צום בעטל? ער האָט דעם איינ־פאַל לאַנג אַרומגעטראַכט. די אַרבעטער האָבן זיך געסודעט:

— רובין איז שוין אין דעם אמתן צושטאַנד, — האָט איינער האַלב־זיפצנדיק גערעדט.

— יאָ, עס נעמט דעם דאָקטער לאַנג צו באַשליסן . . .

— אפשר קומען אַן אַנדערש מאָל ?

— סאַ משל, מיר זיינען שוין דאָ, זאָלן מיר כאָטש אַ קוק טאָן אויף אים . . .

דער ערשטער האָט ווידער אָנגעהויבן צו ריידן מיט באַדויערונג :

— הערט, חברה, אַז ווי צו דעם וואָס ווערט געבוירן פאַר דער צייט. רובין איז צו איידל פאַר דער איצטיקער וועלט,—טאַקע נישט פאַר אים...

— וואָס זיינען מיר, הולטאַיעס ? האָט ער געזאָלט פּרובירן מאַכן אַ בעסערע וועלט . . . — האָט זיך איינער ווי געפונען באַליידיקט.

דר. בערנאַרד האָט איינעם פון זיי אַ לייכטן טאָרע געטאָן און מיט אַ פינגער זיי אַלעמען גערופן צו רובינען אין צימער אַריין.

מען איז אַריין כמעט אויף די שפּיץ שיך. רובין האָט גלייך דער־הערט זיי אַריינקומען. ער האָט אויף זיי בלויז איין בליק געטאָן און גלייך פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים. ער האָט זיך אָנגעהויבן שאָקלען אין דער ברייט הין און צוריק, ווי אַ פרומער ייד ביים לערנען תורה. דר. בערנאַרד האָט זיי באַפוילן צו פאַרלאָזן. אין וואַרט־צימער האָט ער זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דער פּאַציענט האָט זיי דערקאָנט, אָבער ער שעמט זיך באַצייטנס צו באַגעגענען מיט זיי. אויף זיין באַוואוסטזיין ליגט די בושה וואָס ער האָט אין אַלעמענס קעגנוואַרט אָפּגעשפּילט אַזאַ סצענע. . . ער האָט ביי זיך געטראַכט, אַז ווען דער פּאַציענט וועט ווערן געזונט, וועט ער אים ראָטן צו גיין אַרבעטן אין אַן אַנדער שאַפּ . . .

אַרויסגייענדיק פון שפּיטאָל האָבן די אַרבעטער זיך ווידער צערעדט.

— נו, ט'האָסטו דיר אַ געלערנטן מענטשן ! איר האָט געזען דעם תכלית ?

— די צייט פּאָדערט פאַרשיידענע קרבנות . . .

— אַז נישט דערלעבן וועלן דאָס די נאַציס, אַז איך זאָל צוזאַמענ־ברעכן ! איך פיל ווי צו נעמען אַ ביקס אין האַנט, וועט כאָטש זיין בע־סער פאַר מיינע קינדער . . . איך וועל רובינען נישט באַדויערן. ווי זאָגט מיין לאַנדסמאַן : ווערסט ביי מיר קיין זיפץ נישט קריגן ווייל איך דאַרף אים האָבן פאַר זיך אַליין . . .

— מען טאָר זיך צופיל נישט אַריינקלערן . . .

— אַמאָל קלערט זיך און מען קאָן זיך נישט העלפן.

אַלע דריי האָבן אויף דעם לעצטן אַ קוק געטאָן מיט זייער ערנסטע

פנימער: מ׳האָט זיך, ווייזט אויס, געטראַכט, אַז ער האָט אוודאי געמיינט זיך אַליין.

דער לעצטער האָט אָפּגים נישט געוואָלט אַז דער חשד זאָל פאַלן אויף אים, האָט ער מיט געמאַכטער בראַווקייט אויסגערופן:

— חברה, לאָמיר אויפהערן טענות האָבן צו רובינען. מען דאַרף בעסער דער פרוי אַרויסהעלפן . . .

— נו, וועגן דעם איז דאָך אָפּגערעדט, — זיינען די אַנדערע מיט אים מסכים געווען.

* * *

כמעט יעדן טאָג, ווען די זון האָט נאָר געשיינט, האָט מען געזען דר. בערנאַרדן מיט רובינען שפּאַצירן ביים ברעג טייך, צווישן די ביימער, וועלכע ציען זיך ווייט אַוועק לענג־אויס דעם שפּיטאָל. מ׳האָט געפירט לאַנגע געשפּרעכן צווישן זיך. מ׳האָט זיך איינער דעם צווייטן דערציילט וועגן פאַרגאַנגענע טעג אויף וויפיל מ׳האָט נאָר געדענקט. דאָס איז געווען דר. בערנאַרדס אייגענער איינפאַל. אַזוי אַרום האָט ער זיך דערוואוסט, אַז רובין האָט אפילו אין חדר, אין דער אַלטער היים נאָך, געהאַט שווערע איבערלעבענישן ווען דער מלמד פלעגט שלאָגן די אַנדערע קינדער. אַז ער פלעגט זיך אָפּשטעלן לעבן די בעטלער אויפן מאַרק, זיך צוהערן צום שפּילן פון דער לירע און וויינען. און אַז די מאַמע האָט זיך געבייזערט אויפן טאַטן, אַז ער פאַרדינט נישט גענוג, און דער טאַטע איז געשטאַנען אַ באַזאָרגטער, גאָרנישט אָפּגעענטפערט, האָט ער אויף אים מסוכן רחמנות געהאַט. צומאָל האָט די מאַמע געוויינט. נאָכדעם ווי דער טאַטע איז אַוועק אין מאַרק אריין, איז ער גאָר געווירט געוואָרען, ער האָט געכאַפּט דאָס נייע תהילימל, וואָס זיין פעטער האָט אים געקויפט ווען ער איז צען יאָר אַלט געוואָרן, און מיטן גאַנצן האַרצן געזאָגט תהילים, געבעטן ביי גאָט, אַז די מאַמע מיטן טאַטן זאָלן זיך נישט דאַרפן קריגן צווישן זיך . . . אַז דער מלמד זאָל האָבן אַ גוט האַרץ אויף די תלמידים און זיי נישט שלאָגן מער, און אַז עס זאָלן אויפן מאַרק מער קיין בעטלערס נישט זיין . . .

רובין האָט אָנגעהויבן ליב באַקומען דעם דאָקטער. די ערשטע טעג האָט ער גערעדט זייער ווינציק, ווי צוגעציילט די ווערטער, געהאַלטן אין איין זיך אַרומקוקן. אַז ער האָט אינמיטן דערהערט דאָס גערויש פון אַן עראָפּלאַן, האָט ער אַרויפגעדרייט דעם קאָפּ, געצויגן די אָדערן פון האַלדז ביז ווייטיק, און גלייך אַנטשוויגן געוואָרן. דר. בערנאַרד האָט אים באַרואיקט, אַז דער עראָפּלאַן פירט בריוו. גוטע בשורות צו מענטשן. רובין

האָט שוין געגלויבט דעם דאָקטער און געשמייכלט. ער האָט דערנאָך נישט אַרויסגעוויזן קיין סימן פון מורא, אָבער אינגאַנצן רואיק איז ער נאָך אַלץ נישט געווען. ביי זיך האָט ער געטראַכט: פאַרוואָס דאַרפן די עראָפּלאַנען גראַדע דאָ אין דעם געגנט אַרומפליען?

אַז ער האָט זיך פאַרטיפט אין אַ שמועס מיטן דאָקטער, האָט ער זיך נישט איינגעהערט צו דעם אַרום. ער האָט צומאָל געפילט ווי צו זאָגן צו דעם דאָקטער, אַז היינט איז לויט זיין מיינונג קיין עראָפּלאַן נישט דורכגעפלויגן...

די שפּעטערדיקע געשפּרעכן זיינען געווען וועגן וועלטלעכע ענינים. רובין האָט דערציילט דעם דאָקטער וועגן דעם פּראַגער רב, וועלכער האָט באַשאַפן אַ גולם צו פאַרניכטן די יידישע שונאים און ער, דער גולם, האָט אַלץ פאַרניכטעט... דר. בערנאַרד האָט איינגעהאַלטן אַ זיפץ. ער האָט גאָר געשמייכלט: מען קאָן זיך אויף קיין גולם קיינמאָל נישט פאַרלאָזן. גרויסע שטאַטסלייט האָבן שוין דאָס אויסגעפונען... פּעל־קער לערנען היינט אין איין טאָג מער ווי ווען עס איז פריער אין אַ יאָר. ער האָט רובינען געגלעט איבער די פּלייצעס ווי אַ טאַטע אַ זון און ווי־דער גערעדט: אין אַלע צייטן זיינען אויפגעשטאַנען פינצטערלינגען, אָבער וועלט בלייבט וועלט...

רובין האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס זייניקע, אַז אַלץ ווערט דערוויייל חרוב, ער זעט נישט קיין ברעקל ליכט און אַז נישט אַלע מענטשן ווילן האָבן איין סאָרט פרייהייט; היינט ווי אַזוי קען זיין אַנדערש? צי מיינט דער דאָקטער, אַז אַלץ זאָל בלייבן ווי פריער, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן זיך קריגן וועגן פּרנסה? און אַז בעטלער זאָלן ווידער זיצן אויפן מאַרק?

— אָט פון דעם נעמען זיך אַלע צרות, — האָט רובין אין אַ בייזן טאָן געזאָגט.

דר. בערנאַרד האָט אויף אים געקוקט פאַרחידושט. געקלערט: אַ שאָד נאָר וואָס דער הויפּט־דאָקטער איז דאָ נישטאָ צו הערן אַזעלכע גע־זונטע רייד פון זיין פּאַציענט. ווען ער וועט זיך צוריקקערן אין אָפּיס, וועט ער אים אַלץ דערציילן. מערקווירדיק, ער וועט אויסדריקן מיינונ־גען אין רובינס נאָמען, וועלכע מאַטערן אים אַליין אויך.

דר. בערנאַרד האָט פאַרשאַרט אַן אַרבל, געקוקט אויף זיין האַנט־זייגערל און ביידע האָבן זיך צוריקגעקערט. אויפן וועג האָט זיך דער דאָקטער געשפּאַסט: עסן מאַכט פריילעך דעם מענטשנס געמיט. מען דאַרף זיך צואיילן...

* * *

דער הויפט־פסיכיאַטאָר האָט פאַרצייכנט אין רובינס פאַפּירן אַז באַפרייען אים קאָן מען נאָך נישט. דער פּאַציענט איז ביים קלאָרן פאַר־שטאַנד, נאָר ער איז נאָך אַלץ צעטומלט. ער ווייזט נישט אַרויס קיין סימן פון אינטערעס אין לעבן. צופיל ביטערקייט באַהערשט אים. ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט דעם, וואָס דר. בערנאַרד האָט אים דער־ציילט, אַז דער פּאַציענט רעדט מיט פייער: אַ מענטש דאַרף ליב האָבן עפּעס צו טאָן, אַ מענטש מוז האָבן פּלאַץ אין מוח פאַר גוטע מחשבות...

רובין איז שוין געווען מער ווי אַ יאָר דאָ אין שפּיטאָל. די פרוי, די קינדער האָבן זיך אַנגעהויבן ווי צוגעוואוינען. יאושדיקע אויגן האָבן באַטראַכט דר. בערנאַרדן בעת ער האָט זיי געטרייסט. די פרוי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און צו אים געזאָגט:

— דאָקטער, איר זענט זייער אַ וואוילער מענטש. מיר דאַנקען אייך פאַר אייערע טרייסט־ווערטער, אָבער די וועלט איבערמאַכן פאַר מיין מאַן קאָנט איר דאָך נישט . . .

די וויזיטן האָבן אַנגעהויבן צו ווערן זעלטענער. די קינדער פלעגן זיך צייטנווייז באַנוגענען מיטן רופן אויפן טעלעפאָן. די מוזינקע אסתר איז געווען צופרידן וואָס איר חתן האָט זיך נאָך אַלץ נישט דערוואוסט וועגן איר פאָטער און ער האָט איר פאַרגעשלאָגן צו גיין חתונה האָבן מיט אים. די פרוי, ווען זי איז געבליבן אַליין אין הויז, האָט זיך גאַנץ פריי אויסגעוויינט, ביז וואַנען די טרערן האָבן זיך ביי איר אויסגעלאָזט..

* * *

דר. בערנאַרד און רובין האָבן זיך געלאָזט שפּאַצירן. די זון האָט זיך געראַנגלט מיט די טונקעלע בלויע וואָלקנס.ביידע האָבן זיך באַ־זעצט אויף אַ באַנק. עס האָט באַלד אַנגעהויבן פּאַמעלעך צו רעגענען. קיילעכדיקע פינטעלעך האָבן זיך באַוויזן אויף דער ערשט־טרוקענער באַנק. ביידע האָבן זיך אויפגעהויבן, אויפגעשטעלט די קעלנער און גע־שפּאַנט צוריק. דר. בערנאַרד איז אַריינגעגאַנגען אין רובינס צימער און דאָרטן פאַרבליבן, ביז אַ קול פון ערגעץ האָט אים גערופן. ער האָט גע־טראַכט וועגן הויפט־דאָקטערס רייד, אַז אַ מענטש מוז האָבן פּלאַץ פאַר גוטע מחשבות. דער וואונק איז אים זייער געפעלן געוואָרן. ער האָט זיך געמוסרט: זיך צופיל אַריינגעלאָזט אין וועלט־פּאָליטיק מיטן פּאַ־ציענט. דער אָנהייב איז געווען גוט, אָבער דערנאָך האָט ער זיך אַביסל פאַרפּלאָנטערט . . . ער האָט זיך צוגערוקט נאָענט צו רובינען און ביי אים אויסגעגלייכט דעם נאָך אויפגעשטעלטן קאָלנער, וועלכן ער האָט פאַרגעסן אָפּצולייגן אין גלייך אָנגעהויבן צו ריידן, ווי ער וואָלט באַ־

שלאָסן גלייך צוריק געווינען פאַרלוירענע צייט :

— איר ווייסט וועגן וואָס איך האָב געטראַכט ? — האָט דר. בער־נאַרד ביי רובינען פּלוצים אַ פרעג געטאָן, אַפּנים אים וועלן ווייזן אַז ער האַלט פאַר זיין פּאַציענט גאָר נישט פאַרבאָרגן. — איך טראַכט, אַז אַ מענטש טאָר נישט האַלטן פאַרשלאָסן זיינע קריוודעס צו אַנדערע, דאָס איז אַבסאָלוט אומגעזונט. ער מיינט נישט צו זאָגן, אַז מען דאַרף זיך קריגן מיט מענטשן, נאָר ווען עס קומט עמיצן אַ גאָב, דאַרף מען קיין בעל־חוב נישט בלייבן, אַפילו ווען מען פירט מיט דעם גאָרנישט אויס...

דר. באַרנעט האָט זיך דערנאָך אַריינגעלאָזט אין אַ לאַנגער דער־קלערונג ווי אַזוי דער מענטשלעכער מעכאַניזם נעמט אויף פאַרדרוס, בענקעניש, ווען עס טוט באַנג פאַרוואָס מ׳האָט עמיצן נישט אָפּגעענט־פערט. דער שטילער מענטש וואָס לאָזט אַלעמאָל זיינס איבערגיין, באַ־קומט מיט דער צייט אומצוטרויען צו זיך. לויט זיין מיינונג פאַלן מענ־טשען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן מער פון בושה, פון גייסטיקע ליידן, ווי פון פיזישע קלעפּ . . . אַ קליינינקייט, ווען מען קאָן די משחיתים דאָרטן צוריק דערלאַנגען . . . ער האָט אַ קוק געטאָן אויף רובינען און באַשלאָסן, אַז די לעצטע ווערטער האָט ער נישט באַדאַרפט אַרויסזאָגן. אים אַליין איז ענג געוואָרן אין האַלדז. ער האָט גלייך פאַר זיך דערזען יענע געפּייניקטע מענטשן. ער האָט זיך געשראָקן, אַז דער פּאַציענט זאָל נישט צוריק ווערן מעלאַנכאָליש, ווי אין די ערשטע טעג ביים אָנקו־מען אַהער אין שפּיטאָל. ער האָט שוין מער נישט גערעדט, נאָר געבעטן רובינען צו דערציילן אים נאָך עפּעס וועגן זיך אַליין . . .

רובין האָט דערציילט, אַז פאָרנדיק אַהער, אויף דער שיף נאָך, איז ער געוואָרן פאַרוואַנדלט אין צוויי טיפּן, איינער ווייט פון צווייטן.

איינער האָט געעצהט : ער וועט זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט, ווערן אַ פאַרדינער און שיקן געלט אַהיים. זאָל דאָרטן, צווישן טאַטע־מאַמע, זיין שלום־בית . . . אַ צווייטער : נאָכצוגעבן זיין דורשט צום לערנען. נו, האָט ער ביי־טאָג געאַרבעט און ביינאַכט געלערנט און גאָר נישט דערגרייכט . . . דער קליינער בעל־החלומות איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער און מיט קיינעם נישט געהאַט קיין שייכות. ער האָט צומאָל נישט געהאַט פאַר וועמען אַראָפּצורעדן זיך פון הארצן. אַליין געטראָגן אויף זיך אייגענע און פרעמדע ליידן . . . ער האָט זיך פאַר אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און דערנאָך אין אַ טאָן פון חרטה פאַרענדיקט : אַך, ווען מען קאָן ס׳לעבן איבערלעבן אויפסניי . . .

* * *

דר. בערנאַרד איז געזעסן אין וואַרט־צימער מיט רובינס פרוי און מוזינקע. מ'האָט גערעדט זייער שטיל, קוים צו הערן. די פרוי האָט געוואָלט וויסן צי זאָל מען רובינען לאָזן וויסן אַז די מוזינקע זייערע גייט חתונה האָבן. בעת דער דאָקטער האָט זיך געריבן דעם שטערן, האָט די טאָכטער געזאָגט צו דער מוטער: אָט וועט זי הערן אַז דער דאָקטער וועט אויך זאָגן אַזוי ווי זי . . . די מוטער האָט געקאָרטשעט מיט דער נאָז, ווי זי וואָלט דערפילט אַ שלעכטן ריח. זי האָט איר איבערגעשלאָגן:

— מ'עט הערן וואָס דער דאָקטער האָט צו זאָגן.

דר. בערנאַרדס געדאַנקען האָבן זיך נישט געקאָנט אַזוי גיך אייניקן. עס האָט זיך ביי אים אין מוח צעזונגען אַ מין גמרא־ניגון: אפשר וואָלט אַזאַ גוטע בשורה דעם פּאַציענט דערוואַכט. ער וואָלט געהאַט אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן צו ווען קומען צו זיך. ס'לעבן וועט פאַר אים האָבן אַ באַדייטונג? דער יואש וועט אין דער פּלוצימדיקער פרייד ווערן דערטרונקען? און ווידער, קאָן דאָך זיין, אַז ער זאָל עס אויפנעמען מיט גרויס פּאַרדרוס: סטייטש, דער טאַטע קאָן נישט גיין צו זיין טאָכטערס חתונה, איז דאָך אַ סימן אַז ער איז זייער קראַנק . . .

די מיינונג זייבע איז דערנאָך געווען, אַז מען זאָל רובינען נישט דערציילן. די טאָכטער האָט נצחונדיק געזאָגט:

— נו, מאַמע, ווער איז געווען גערעכט?

דער דאָקטער האָט געקוקט אויף איר מיט גרויס פּאַראַיבל.

די מוטער מיט דער טאָכטער האָבן זיך געלאָזט גיין מיט גיכע טריט, אפנים, צו באַזאָרגן די חתונה. דר. בערנאַרד האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט זיי פּאַרגעסן אָנצוואווינטשעווען. ער האָט געמאַכט עטלעכע לאַנגע שפּאַן אַרויס פון שפּיטאָל און זיי מער נישט אָנגעזען. ער איז געבליבן שטיין אַ באַזאָרגטער . . .

* * *

יענעם אָוונט זיינען צייטונגס־פּאַרקויפער אויפן גאַס ווילד אַרומגעלאָפן און מוראדיק געשריען:

— עקסטראַ! עקסטראַ!

די נוירס, מיס פרענק, איז ערשט אַריינגעקומען מיט אַ צאַפּלדיקער צייטונג אין די הענט. אויגן פון באַזוכער אין וואַרט־צימער האָבן זיך נאָכגעיאָגט נאָך דער גרויסער שורה אויבנאָן. מיס פרענק איז פאַרשוואונדן. זי איז אַריין צו דר. בערנאַרדן אין צימער, וועלכער האָט זיך אַזוי לאַנג געקנייטשט זיין שטערן וועגן רובינען, ביז ער איז געוואָרן

אויסגעשעפּט און איינגעדרימלט. מיס פּרענק האָט לייכט אַריינגעשטעלט אירע דינע פיס, געהיט אַז אירע אָפּצאַסן זאָלן זיך נישט שטעלן אויפן טיילווייז־נאַקעטן דיל. זי האָט די צייטונג אויסגעשפּרייט אויפן דעסק. ער האָט איר ערשט היינט פרי געזאָגט, אַז ער וויל האָבן עפּעס אַ שטאַר־קע סענסאַציע פאַר זיין פּאַציענט. אָט האָט ער עס!

איידער זי האָט פאַרלאָזט האָט זי געכאַפּט אַ בליק אויף דר. בער־נאַרדן און ביי זיך געטראַכט: אַפילו ווען ער כאַפּט אַ דרעמל איז ער מלאך־חן... זי וואָלט וועלן אים אַ קוש טאָן; פאַרוואָס איז ער אַלע־מאָל אַזוי באַזאָרגט? אַנדערע יונגע דאָקטוירים נעמען זיך נישט אַזוי צום האַרצן פון אַ פּאַציענט ווי ער, דאַך איז זי שטאָלץ מיט אים...

דר. בערנאַרד האָט אָפּנים געהאַט אַ בייזן חלום. ער האָט זיך מיט אַ ציטערניש אויפגעכאַפּט, זיך אַרומגעקוקט און דערהערט דאָס שאַרכען פון מיס פּרענקס אַנגעקראָכמאַליעט קלייד. זי האָט נאָר־וואָס געהאַט פאַרלאָזט. דערנאָך זיינען די אויסגעוואַשטע רויטלעכע אויגן זיינע גע־פאַלן אויף דער אויסגעשפּרייטער צייטונג. אויף דער שרייענדיקער שורה: **נאַציס זיינען אַריבער די רוסישע גרענעצן.** ער האָט אָנגעהויבן נערוועז צו קלאַפּן מיט די פינגער אין זיין דעסק. זיינע ליפּן האָבן געציטערט. ער האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט: קרעציקע הינט! — אים האָט זיך געדאַכט ווי עמיצער אַנדערש וואָלט אים אין די אויערן ווערטער אַריינגעשריען: זאָלן אַלע קאָלעגן הערן זיין מיינונג. אויב איינער פון זיי האָט נאָך אַלץ אַ גוט וואָרט פאַר בערלין, וועט ער יענעם נישט דולדן מער...

ער איז אַוועק צו רובינען. דאָרטן איז געווען די פרוי. זי האָט רו־בינען געמוסרט: פאַרוואָס מוז ער טראָגן אויף זיך אַלע מענטשנס צרות? ווען מען קומט עפּעס פון דעם אַרויס... זי האָט זיך ביי אים אַלעמאָל געבעטן ער זאָל זיך נישט אַריינטראַכטן צופיל, אַז נישט, וועט ער חלילה שלעכט אָפּשניידן; פאַרוואָס האָט ער איר נישט געוואָלט פאָלגן? דר. בערנארד האָט געקנייטשט מיט דער נאָז, ווי אַ מוזיק־מבין בעת ער הערט אַ פאַלשן טאָן. ער האָט זיך אַריינגעמישט:

— אייער מאַן קלייבט זיך גיין אַהיים, צו וואָס דערציילט איר אים פון אַמאָל?

די פרוי האָט אים אָנגעקוקט און געשוויגן. זי האָט זיך געטראַכט, אַז ער איז שוין ווידער דאָ מיט זיין טרייסטן...

אינדרויסן האָט דר. בערנאַרד איר געמוסרט: זי האָט נישט באַ־

דאַרפט אַזוי צו ריידן צום מאַן. די בעסטע זאַך איז לאָזן אים ריידן. ער דאַרף זיין גאַנץ ביטער לעבן אַרויסרעדן. די פריילעכע טעג פון אַמאָל, מיט וועלכע מענטשן קוויקן זיך אין אַ נויט, זיינען ביי אים פאַרלייגט געוואָרן. מען מוז אים העלפן זיך דעביוועון צו זיי. ער האָפט אַז זי האָט אים פאַרשטאַנען . . .

די פרוי האָט זיך פאַרענטפערט: אָט זעט ער דאָך אַליין, אַז זי האָט זיך געהאַלטן בראַוו. זי האָט אים נאָך נישט דערציילט, אַז די טאָכטער האָט חתונה געהאַט. זי האָט פאַרענדיקט מיט אַ זיפץ. זי האָט אַפּנים געוואָלט זיך באַקלאָגן, אַז אַ חתונה אָן אַ טאַטן איז נישט אינגאַנצן אנגענעם. דר. בערנאַרד האָט געדריקט איר האַנט און געשוויגן.

ווען די פרוי איז אַוועק, האָט דר. בערנאַרד געטראַכט, אַז ער וועט איצט אויך אפשר ווייזן בראַווקייט נישט צו דערציילן רובינען וואָס עס טוט זיך איצט אויף דער וועלט, אַז די מלחמה האָט אַנגענומען אַן אַנדער ווענדונג. זיין גאַרגל האָט זיך אָנגעהויבן אויסציען. דעם ברוסטקאַסטן אין פאַראויס. די פיס פעסטער אויפן דיל. ער האָט שיעור ניט אויסגעשריען, אַז ער איז אַ דאָקטער און רובין איז זיין פּאַציענט. אויב די שלעכטע בשורה וועט ביי אים איבערברענען דעם סם וואָס לאָזט אים ניט האָבן קיין פריילעכע מינוט, וועט ער דאָס טאָן! אַ דאָקטער מוז נישט געבן דעם חולה נאָר זיסע מעדיצינען . . .

* * *

רובין מיטן דאָקטער זיינען געגאַנגען אויף זייער טעגלעכן שפּאַציר. דערציילט וועגן אַ חלום וואָס ער האָט געהאַט פאַריקע נאַכט. אים האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער איז פאַרשפּאַרט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. אַנגעפּרעסענע גרילן האָבן מאָנאָטאָן געגרילצט: הייל היטלער! הייל היטלער! הייל . . . און דערנאָך האָבן זיך צוויי פון זיי אויפגעשטעלט אויף זייערע פאָדערשטע פיס און אַרויסגעיעכצט: יודע, שרייב אונטער אַז דו האָסט געסמט אונדזער פירער. מ'האָט אים געברענט מיט פייערדיקע קלעשטשעס און ער האָט אַזוי געשריען, אָבער קיינער איז צו אים נישט אַריינגעקומען.

דר. בערנאַרד האָט זיך געבייזערט אויף אים:

— מיין פריינט, עס איז נישט די צייט צו ריידן וועגן חלומות!

רובין האָט צום ערשטן מאָל געהערט פון דר. בערנאַרדן זיך בייזערן, און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך אַריינצוקלערן פאַרוואָס

דער דאָקטער איז אין אַזאַ סאָרט שטימונג, און צי זאָל ער פאַר אים נאָך עפּעס דערציילן, האָט דר. בערנאַרד מיט אַ מאָדנעם אימפּעט אַרויסגעשלעפּט די צייטונג פון קעשענע און אים דערלאַנגט.

רובין האָט זיך דערשראָקן. עפּעס האָט ער געהאַט אַ געפיל, ווי דער דאָקטער איז אַרויס פון געדולד מיט אים צו פאַרברענגען. ער האָט ווי לפּנים אַ קוק געטאָן אויף דער צייטונג, שוין געוואָלט זי אומקערן צוריק, אָבער דער דאָקטער האָט נאָך אַלץ געררעדט שטרענג:

— איך האָב אייך געגעבן די צייטונג צו לייענען.

רובין האָט צענומען די צייטונג, איבערגעלאָפן די גרויסע אותיות עטלעכע מאָל, דער גאַנצער גוף האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן צו וואַרפן. ער האָט נישט געקאָנט איינשטיין אויף אַן אָרט. ער האָט דעם דאָקטער צוגעוואָרפן די צייטונג און זיך געלאָזט לויפן. דער דאָקטער האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער רעכטער האַנט, אים אָפּגעשטעלט:

— וואוהין לויפט איר?

— וואָס רעדט איר, איך האָב דאָך דאָרטן מיין גאַנצע פאַמיליע. מיין יוגנט, מיינע קינדערישע באַהעלטערלעך, וואָס ניט?

— נו, וואָס־זשע קלייבט איר זיך צו טאָן? — האָט דער דאָקטער געפרעגט ביי אים.

— מיר מוזן גיין צוריק!

דער דאָקטער האָט אים באַפרייט די האַנט און ער האָט זיך געלאָזט צוריק אין שפּיטאָל אַריין. פאַר זיינע אויגן איז די צייטונג נאָך אַלץ געווען אויסגעשפּרייט. און באַלד מער ווי איינע, ווי לייזלעכער אָן אַ צאָל. די אותיות נאָך גרעסער ווי פריער. ער איז אָן אָן אָטעם אַריין אין צימער, געוואָרפן זיך אויפן בעט, ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, און אַלץ געזען די צייטונג. ער האָט מער נישט געוואָלט עסן יענעם טאָג.

* * *

דער דאָקטער האָט אָנגעהויבן צו צווייפלען אין זיין אַרבעט: דער פּאַציענט וועט ווערן ערגער און די שולד וועט פאַלן אויף אים. האָט ער זיך אַליין געסטראַשעט. אין אים אַליין איז טאַקע פאַרגעקומען אַן ענדערונג. עס טראָגט אים אונטער פון דער מינוט וואָס ער האָט די נייעס דערזען. ער איז נישט מער מעלאַנכאָליש. רובין אָבער האָט עס אויפגענומען אַנדערש . . . דער הויזט־דאָקטער וועט קוקן אויף אים זייטיק. מען קאָן אים קיין פּאַציענט נישט אָנפאַרטרויען . . .

אויף מאָרגן האָט רובין געבעטן מען זאָל אים ברענגען אַ צייטונג.

בעת ער האָט געלייענט האָט זיך אים אָנגעהויבן צו דאַכטן אַז זיינע קרובים רופן אים:

— ראובן, העלף אונדז! לאָז וויסן דער גאַנצער וועלט אַז די נאַציס, די משחיתים פון דער וועלט, זיינען באַפאַלן אונדזער לאַנד, וואו קיין בעטלערס זיינען מער נישטאָ און דער טאַטע קריגט זיך נישט מיט דער מאַמען צוליב פרנסה . . . איצט איז נישט די צייט צו גיין שפּאַצירן מיטן דאָקטער און ריידן וועגן אַמאָל!

די נייעסן פון שלאַכטפעלדער, אַז די נאַציס ווערן צוריקגעטריבן, און אַז יידן פון די געטאָס שטעלן זיך אַקעגן, האָבן ביי רובינען אָנגעהויבן פאַרנעמען דעם סאַמע אויבנאָן. זיין קרענקלעכער אויסזען האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז אָפּטאָן זיך פון אים. זיינע ציין האָבן אָנגעהויבן צו קריצן. ער איז געוואָרן באַלאָדן מיט עקשנות זיך נישט אונטערצוגעבן דער געפאַר, וואָס האָט ביז איצט איבער אים געלויערט. ער האָט זיך ממש אָנגעהויבן באַרימען פאַרן דאָקטער: „דאָ וועט דער משחית געפינען זיין קבר" . . . און וואָס זאָגט ער עפּעס צו די יידישע בר־כוכבהס? און וואָס טוען מיר? האָט רובין צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן צו טופען מיט זיינע פיס:

— דאָקטער, עס איז נישט די צייט צו ליגן אין בעט . . . איר הערט?

דר. בערנאַרד האָט זיין פּאַציענט געדריקט די האַנט: ער איז גערעכט! און מיט פרייליכע פינגער האָט ער אונטערגעשריבן רובינס פאַרלאַנג.

אויף מאָרגן איז געקומען דער הויפּט־דאָקטער צו רובינען. דאָרטן אין צימער האָט שוין געוואַרט אויף אים דר. בערנאַרד. דער געשפּרעך מיטן פּאַציענט איז געווען אַ לאַנגער און אַ פאַרדרייטער. מ'האָט רובינען פאַרוואָרפן מיט אָן אַ שיעור פראַגן. אַ מין עקזאַמען צי איז ער באמת גרייט צו שטעלן זיך אויף זיינע אייגענע פיס . . . צי איז ער בכוח צו פאַרנעמען זיין פריערדיקע פּאָזיציע אין לעבן?

און דר. בערנאַרד האָט זיך בעת מעשה געפילט געשמייכלט וואָס דער אַלטער פּסיכיאַטאָר מיט אַזוי פיל פּראַקטיק גיט אַלעמאָל אַ פריינטלעכן וואונק צו אים: די מי וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן האָט זיך אים געלוינט. ביי דער איצטיקער צייט מוז מען האָבן גאַנצע מענטשן . . .

דער הויפּט־דאָקטער איז געזעסן ביי זיין דעסק, אַ סך געטראַכט וועגן דעם וואָס ער האָט נישט געוואָלט צוגעבן דר. בערנאַרדן אַז רובין האָט זיינע פאַרלוירענע האָפענונגען געפונען אין דער אויסגעשפּרייטער

מלחמה קעגן די נאַציס, וועלכע ברענגען אום זיינע ברידער אַלץ מער און מער יעדן טאָג. ער האָט מיט דעם יונגן דאָקטער נישט געוואָלט איינשטימען, אַז דאָס איז די הויפּט סיבה ביי רובינען געווען וואָס ער האָט שיעור נישט פאַרלאָרן אינגאַנצן זיין גלייכגעוויכט. דער פּאַציענט האָט דאָך פּשוט געטאַנצט ווען ער האָט אַרויסגעלייענט פון אַ צייטונג, אַז די יידן פון דער געטאָ האָבן זיך מיט געווער אַקעגנגעשטעלט. רובין האָט נישט געקלערט וועגן באַלדיקע רעזולטאַטן, נאָר דערזען די בויטיקע שטראַל איידער אַ מענטש הייבט אָן ווידער צו גלויבן אַז דער טאָג קומט אָן, אַז די פינצטערע נאַכט איז מער נישט קיין אייביקייט . . .

דאָך האָט דער הויפּט־פּסיכיאַטאָר געהאַט באַשלאָסן ביי זיך צו האַלטן רובינען אין שפּיטאָל. וואָס איז די איילעניש ? ער וועט זיך באַראָטן מיט נאָך דאָקטוירים. נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל האָבן גע־שפּרעכן מיט דעם פּאַציענט. טמער קערן זיך צו אים אום די שלעכטע שטימונגען . . .

אָבער רובין האָט נישט גערוט מער. יעדן טאָג איז ער געקומען צו דעם הויפּט־דאָקטער מיט טענות : ער קאָן לענגער נישט אויסהאַלטן צו זיצן דאָ מיט פאַרלייגטע הענט . . . ער וועט אַהיים גיין אָן אַ דער־לויבעניש . . .

ווי באַלד אַזוי האָט מען זיך אין שפּיטאָל צוגעאיילט. אָן עק זאָל עס נעמען, זאָל ער גיין !

איז רובין געזעסן לעבן זיין צוגעמאַכטן רענצל. באַרימט זיך פאַר דר. בערנאַרד וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן : זיין אַרבעט וועט האָבן אַ דירעקטע שייכות מיט דער מלחמה. פּאַרטיק געוואָרן מיט זיינע רייד, האָט ער פּעסט אַ נעם געטאָן דאָס רענצל אין האַנט אריין, געלאָזט זיך גיין וואָס אַמאָל גיכער און גיכער, שוין כמעט געלאָפן . . .

דר. בערנאַרד איז געשטאַנען אויף דער שוועל פון דער צעפּראַלטער טיר און נאָכגעקוקט רובינען מיט אַ געפיל פון אַ טאַטן ווען מע זון עס טרעט אַריין צום ערשטן מאָל אין דער גרויסער וועלט. ער האָט אים נאָכגעשיקט זיינע ברכות . . .

# די יחסנטע

קיינער אין שאַפּ האָט באַשטימט נישט געוואוסט פאַרוואָס די „דרעיפּעריין" רייזל איז אַזוי קעגן דעם נייעם פּרעסער.

זי האָט מיט יעדן אַרבעטער באַזונדער איינגעטענהט, אַז דער נייער „פויגל" וועט אַריינברענגען אַ קריג צווישן זיי. איר'ט זען, האָט זי געזאָגט, אַז ביים פּרעס־טיש וועט מער קיין שלום נישט זיין. זי דערקענט אין זיין צופרידענעם פּנים, אַז ער האָט בלויז זיך אַליין ליב . . . מען האָט אַפילו געהערט, אַז זי האָט געלאָזט פאַלן אַ שלעכט וואָרט אויפן נייעם פּרעסער פאַרן פאָרמאַן, בעת יענער האָט זיך קוים־קוים דורכגעדרייט צווישן די אָנגעשטאָפּטע פיגורן וועלכע האָבן איר אַרומגערינגלט.

שאַפּ־מיידלעך האָבן זיך געסודעט וועגן דעם ענין: נישט אַנדערש, אַז דער נייער פּרעסער האָט רייזלען אָפּגעזאָגט אין ליבע . . . איינע אַ קורציינקע, מיט אַ לענגלעך פּנים, ווי ביי אַ יונג ציגעלע, וועלכער מ'האָט גערופן „פייגעלע דעטעקטיוו", האָט זיי אַלעמען פאַרזיכערט, אַז זי וועט שוין אַלץ אויספאָרשן און די מיידלעך האָבן געוואוסט, אַז אויף איר קאָנען זיי זיך פאַרלאָזן.

פייגעלע האָט געהאַלטן וואָרט. זי האָט פאַרקייטלט אַ געשפּרעך מיט דעם נייעם פּרעסער: מ'האָט איר געזאָגט, אַז ער און רייזל קומען פון איין שטעטל — איז עס אמת? זאָל ער נאָר אויף איר קיין פאַראיבל נישט האָבן, וואָס זי פרעגט זיך אַזוי נאָך! זי מיינט אַלץ פון זיין טובה וועגן . . . ער וויל דאָך דאָ בלייבן אַרבעטן? נו, זאָל ער וויסן זיין, אַז רייזל שטייט אים אין וועג . . . אויב ער וועט מיט איר זיין אָפּנהאַרציק, וועט זיך דער שאַפּ פאַר אים אָננעמען: ס'איז נאָך נישט געהערט געוואָרן דאָ אין שאַפּ, אַז איין אַרבעטער זאָל וועלן קאַליע מאַכן אַ צווייטן.

אַז דער נייער פּרעסער האָט איר פאַרזיכערט, אַז ער זעט פאַר זייבע אויגן רייזלען צום ערשטן מאָל, האָט פייגעלע געצויגן מיט די אַקסלען און געטראַכט זיך: אויב דאָס איז דער ריינער אמת, איז די רעטעניש נאָך גרעסער ווי פריער. וואָס־זשע פאַרט האָט רייזל צו אים?

אַ מבין ווי די אַרבעט פאַלט איר פון די הענט, אַז ער צעזינגט זיך? אַלע אָנגעשטאָפּטע פיגורן אַרום צעלייגט זי איינע נאָך איינע, ווי אויף

אַ שלאַכטפעלד: עפּעס לעבט דאָך רייזל איבער . . . פאַרוואָס זאָל זי, פייגעלע דעטעקטיוו, נישט קאָנען אויסגעפינען?

רייזל איז געווען אַ פליכטלינג. דער באַלעבאָס פון שאַפּ — איר קרוב. ווען זי איז אַהער אַרויפגעקומען אַרבעטן, דערזען פאַר זיך אַזוי פיל יונגע, שיינע אַרבעטער־מיידלעך, געהערט זיי זינגען, האָט זי זיך דערפילט היינטערשטעליק. זי איז ברייט צעוואַקסן, די לאַנד־שפּראַך קאָן זי נישט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו פון איר יידיש רעדן לאַכט מען. אַז קיינער פון די יידישע אַרבעטער דאָ רעדט נישט אַזוי צעצויגן ווי זי. איר גרויס קענטעניש אין דייטש האָט זי די לעצטע צייט אַליין פיינט באַקומען און זי האָט געוואוסט, אַז מיט דער שפּראַך קאָן זי דאָ אין שאַפּ נישט שטאָלצירן ביי דער היינטיקער צייט. האָט זי אָפּגעשוויגן גאַנצע טעג. געטראַכט וועגן איר נע־ונד לעבן וואָס זי האָט געפירט; ווי אַזוי מ׳האָט איר אין קאָנצענטראַציע־לאַגער געהאַדעוועט, ווי זי וואָלט געווען אַ בהמה. זי האָט געהאַט אַזאַ פיינע טאַליע, און איצט? זי וויל נישט, אַז מען זאָל איר דאַרפן באַדויערן! דאָ, אין פרייען לאַנד, וויל זי אויפהויבן דעם קאָפּ.

רייזל האָט זיך אַזוי לאַנג געגריבלט אין אירע מחשבות, ביז איינמאָל האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר היימישן יחוס. זי האָט אויפגעלעבט. די לעצטע צייט האָט דער היימישער יחוס אַ ווערט . . . גלייך אויף מאָרגן איז זי געקומען אין שאַפּ אַריין, דערציילט מיט אַ שטראַלנדיק פּנים, אַז זי איז דעם בעלזער רבס אָן אייניקל: אויף צעזעצעניש די נאַציס איז זי שטאָלץ, — האָט זי מיט גדלות אויסגערופן.

פייגעלע דעטעקטיוו האָט שוין פאַר איר די נייעס געטראָגן פון אויער צו אויער:

— געהערט וואָס פאַר אַ יחסנטע מיר פאַרמאָגן דאָ אין שאַפּ?

— אַזוי!

— טאַקע?

נישט נאָר האָבן יידישע אַרבעטער פאַר רייזלען געהאַט גרויס אָפּשיי, נאָר אַפילו ניט־יידישע. טייל אַרבעטער האָבן איר פּשוט באַדויערט: זאָל די אָרימע רייזל שפּיגלען זיך אין דעם אַמאָל, ביז ליכטיקע טעג וועלן אָנקומען . . .

רייזל האָט באמת אָנגעקוואָלן פון דעם כבוד וואָס מ׳האָט איר צוגעטיילט. זי איז געשטאַנען ביי דער אַרבעט אַזאַ שטאָלצע בעת זי האָט געזונגען אירע חסידישע לידלעך. אַפילו געמאַכט הוויות, געפּראַוועט שטיק ווי ביי איר זיידנס טיש. זי איז דאַן געווען אַזוי פאַרטיפט, אַז

זי האָט אַפילו נישט געהערט ווען דער באַלעבאָס האָט צו איר גערעדט: זי זאָל אויפהערן צו זינגען און אַרויסגעבן מער אַרבעט. צייטנווייז האָט זי אים אינסטינקטיוו אָפּגעשטופּט פון זיך. דער באַלעבאָס האָט זיך אין האַרצן געכעסט — פאַר אַ טובה צאָלט מען אָפּ מיט שטיינער! ער האָפט נאָך אַלץ, אַז זי וועט קומען צום שכל. איצט זיינען די רייד זיינע אַרויס־געוואָרפענע. ער'ט בעסער אַוועקגיין פון איר . . . זי מאַכט אים צום נאַר.

כמעט יעדן מיטיק־צייט האָט רייזל געהאַט עפּעס צו דערציילן פאַר די אַרבעטער פון איר שטעטל אַמאָל. איר איז נאָר אַ שאָד געווען וואָס זי האָט זיך נישט געקאָנט ווי געהעריק אויסטענהן מיט די ניט־יידישע מיידלעך. זי האָט זיי אַזוי געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, אַז איר זיידע איז נישט געווען סתם אַ ראַבאַי: בשום אופן נישט! זי האָט פאַר־גלאָצט מיט די אויגן ווי אַן אמתע צנועה און אויסגעזיפצט:

— נישטאָ היינט אַזעלכע יידן! ביי אים אין הויז איז געווען די העכסטע יידישע ראָמאַנטיק.

און ווען פון דעם פרעס־טיש האָט זיך צו איר דערטראָגן אַ לצנות־קול: „רביצין, נעמט אַרויס די שפּילקעס, מען צעשטעכט זיך די פינ־גער!" — האָט שוין רייזל געוואוסט, אַז מען מאַכט שפּאַס מיט איר. זי האָט צוגעטאַנצט מיט פריילעכע פיס צו זיי, אַרויסגעשלעפּט די פאַר־געסענע שפּילקעס און זיך צוריק געוויצלט:

— פרעסערס, אפשר האָט איר טאָקע פאַר מיר עפּעס אַ רעבעלע?

— זי האָט נישט געוואָרט פאַר אַן ענטפער, אפשר וועלן זיי נישט זיין איבערקלייבעריש מיט זייערע רייד, האָט זי געטראַכט. זי איז גלייך אַוועק צוריק אויף איר אָרט.

רייזל איז געווען צופרידן מיט זיך ביז דער נייער פרעסער איז אַרויפגעקומען אַהער אַרבעטן. אַז ער האָט נאָר דערהערט ווי זי שטאָל־צירט אַזוי מיט איר גרויסן יחוס, מיט איר זיידן דעם בעלזער רב, האָט ער גלייך אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ער איז דעם בעל־שמס אַן אייניקל און פייגעלע דעטעקטיוו האָט עס גלייך אויפגעכאַפּט און צעטראָגן איי־בערן גאַנצן שאַפּ:

— איר האָט כאָטש געהערט? וואָס שטאָלצירט רייזל אַזוי מיט איר זיידן, דער בעל־שם איז דאָך געווען אַ גרעסערער צדיק, אפשר ניט?

— זי האָט אפילו פאַר די ניט־יידישע אויך נישט פאַרפעלט צו דער־ציילן, און גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן זיך איבערגעקוקט און באַלד אַן אויסגעשריי:

— עי סעינט !

דערנאָך, אַז רייזל האָט אָנגעהויבן צו זינגען אירע שוין פּאָפּולערע חסידישע לידלעך, האָט זיך דער נייער פּרעסער מיט זיין הויכן האַלדז נאָך מער אויסגעצויגן. ער האָט זיך צעלאָזט אויף זיין לירישער שטימע מיט אַזעלכע אַלטע יידישע ניגונים וואָס רייזל האָט פון זי קיינמאָל ניט געהערט. אַלץ איז ביי אים געווען מיט אַ ברען אין די אויגן. ער האָט זיך בעת מעשה געדרייט די פּאות צוליב חסידישן קאָליר. אַז ער האָט אויפגעהערט צו זינגען האָט מען אים שטאַרק אַפּלאָדירט און פון אַלע זייטן האָט מען זיך ביי אים פּשוט געבעטן ער זאָל זינגען נאָך און נאָך.

פון דאַן אָן האָט זיך רייזל נישט געקאָנט בארואיקן. אַז ער, דער נייער פּרעסער, האָט זיך צעזונגען, האָט זי געפילט, אַז איר געזאַנג האָט גאָר קיין טעם נישט: אויב ער בלייבט דאָ אַרבעטן, וועט זי צוריק די „צעוואַקסענע מויד" אויף וועמען מען וועט זיך נישט וועלן אַפילו אומקוקן... זי האָט ווידער געהאַט אומעטיקע געדאַנקען: מ'האָט זי ווי אַ בוים אַרויסגעריסן פון שטאַם, וואו זי האָט געבליט, און איבערפלאַנצן איר קאָן מען נישט. עס זיינען איר געקומען אויפן זינען געוויסע באַרימטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך, פּונקט ווי זי, אַרויסגעראַטעוועט פון די נאַציס, זיך דאָ באַזעצט, אָבער זיי האָבן זיך נישט געקאָנט צופּאַסן, האָבן זיי זיך מיט זייערע אייגענע הענט אומגעבראַכט... זי האָט אַ ציטער געטאָן: גאָט מיינער, איך וויל לעבן! וואָס האָט דער נייער פּרעסער געהאַט צו איר? די מענטשן דאָ האָבן גאָר נישט מיטגעמאַכט. זי האָט זיי אַלעמען פיינט!

דאָך האָט זיך קיינער אין שאַפּ נישט געכאַפּט פאַרוואָס רייזל איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי צעטראָגן. ביי די אַרבעטער אין שאַפּ איז גאָר אויסגעקומען, אַז זי, רייזל, באַדאַרף צו זיין שטאָלץ מיט דעם נייעם פּרעסער, מיט זיין געזאַנג — ער העלפט דאָך איר אויפהאַלטן פאַרגעסענע עכאָס פון חסידישן לעבן... אַפילו זייער באַלעבאָס האָט פאַר אים אָפּשיי און שמייכלט אָפּטער ווי ביז אַהער. ער מישט זיך גאָר נישט אַריין ווי ער פלעגט עס טאָן צו איר. פאַרוואָס פאַרט איז רייזל אויפגעבראַכט אויף דעם נייעם פּרעסער?

ערשט ווען רייזל האָט געהאַט דעם שאַפּ פאַרלאָזט און געלאָזט פאַלן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם עניין, פאַרקלאָגט זיך פאַר פייגעלען, אַז דער שאַפּ איז פול מיט נאַראָנים, אַז דער נייער פּרעסער איז אַ שווינדלער, ער האָט זיי איינגערעדט, אַז ער איז דעם בעל־שמס אָן אייניקל און מען גלויבט אים, און אַז פייגעלע האָט עס איבערדערציילט פאַר

## אין גרויע טעג

אַלעמען, האָט מען שוין פֿאַרשטאַנען ריי־זלס בייז האָרץ אויף דעם נייעם פּרעסער. מ׳האָט אויף איר געקראָגן גרויס מיטלייד, אַפֿילו די וועלכע האָבן זיך געקאָכט, אַז זי האָט נישט קיין געפּיל פֿאַר אַרבעטער, ווייל זי איז דערצויגן געוואָרן ביי „כניאָקעס״, האָבן זיך געאיייניקט, אַז די וואָס רייסן זיך אַרויס פֿון די נאַציס זיינען צעבראָכענע מענטשן און מען דאַרף זיי פֿאַרשטיין. מ׳האָט זיך באַצייטנס אָנגעהויבן זאָרגן וועגן איר, אַז זי וועט הונגערן. זי וועט אין אַן אַנדער שאַפּ אוודאי נישט קאָנען אָנגיין. וואָס הייבט מען אָן צו טאָן פֿאַר איר?

דער נייער פּרעסער האָט באַרואיקט: נישט געזאָרגט זיך! ער וועט איר ברענגען צוריק. ווי אַזוי? ער וועט פֿאַר איר שווערן, אַז פֿון היינט אָן איז ער אויס דעם בעל־שמס אייניקל. זאָל זי פֿאַרבלייבן די איינציקע יחסנטע: ער וועט עס אַריבערטראָגן.

אויף מאָרגן איז רייזל צוריק געקומען אַרבעטן און דער נייער פּרע־סער האָט געהאַלטן וואָרט: אַז זי האָט געזונגען חסידישע לידלעך, האָט ער געשוויגן.

# דיסציפּלין...

דער ברוגז צווישן דעם יונגן פּאָר־פּאָלק האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אייבי, דער מאַן, האָט זיך ענדלעך אָנגענומען מיט מוט, צוגעקומען צו דער ווייכער שטול, וואו זיין פרוי עטל איז געזעסן און נערוועז געדרייט זיך. ער האָט אַן ווערטער אָנגעהויבן גלעטן איר אויסגעבלאָסטן הויכן האַלדז און אַז זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט געמאַכט וויסנדיק, האָט ער צעוואָרפן אירע האָר.

עטל, וועלכע איז גראָדע געווען צופרידן וואָס דער מאַן אירער האָט זיך דער ערשטער אונטערגעגעבן, האָט פאַרבאַהאַלטענערהייט געשמייכעלט, דאָך געבייזערט זיך:

— וואָס צעפּאַטלסטו מיר מיינע האָר? איך דאַרף באַלד גיין צו אַ קלאַס!

— וועסט דאָרט געפעלן ווערן אַזוי אויך, — האָט זיך אייבי צור־ריקגעבייזערט. ער האָט זיך אויסגעהוסט און געזוכט פּאַסיקע ווערטער זי זאָל אויף אים מער נישט האָבן קיין בייז האַרץ. ער האָט באַלד אָנגעהויבן מיט מילדע שטראָף־רייד:

— ווען מענטשן קומען אַן און דערזעען אונדז אַזוי זיצן, וואָס וואָלטן זיי זיך געטראַכט? נישט אַנדערש אַז איך באַהאַנדל דיך נישט ווי עס געהער צו זיין. פאַרוואָס קומט עס מיר? איך האָרעווע אַזוי שווער אַ טאָג אין שאָפּ, דאַרפסטו מיך אַזוי באַגעגענען?

עטל האָט זיך גלייך אויסגעדרייט צו אים און צעשריען זיך אויפן קול:

— ווער איז טאַקע שולדיק? אַז איך בעט פון דיר אַ טובה, גאָר נישט פון מיינעט וועגן, איך מוז פּאָרט פּראַקטיצירן, טאָמער, חלילה, אַ לופט־אַטאַקע, זאָל איך וויסן וואָס איך דאַרף צו טאָן, זאָגסטו איך זאָל דיר צום ערשטן גרייטן צום טיש. דו ווילסט עסן!

אייבי האָט זי אָנגענומען פאַר די הענט, אויפגעהויבן איר פון שטול און געזאָגט אין אַ טאָן פון וועלן שוין איבערקומען:

— אַן עק זאָל עס נעמען! איך זע דאָך, אַז דו האָסט נישט קיין אַנדער קרבן... נו, וואָס דאַרף איך טאָן?

עטל, אַ זיגרייכע איבער איר מאַן, האָט אָנגעהויבן צו באַפעלן:

— הער זיך צו, אייבי! דו ביסט נאָר־וואָס פאַרוואונדעט געוואָרן פון אַן עראָפּלאַן. דו ביסט נישט מיין מאַן, אַ מענטש, וועמען איך קאָן אַפילו נישט. דו ליגסט אויפן דיל איינמטין שטוב און איך קום צוגיין מיט מיין וואַליס צו געבן דיר „ערשטע הילף״.

אייבי האָט זיך גוט באַטראַכט און גערעדט ווי צו זיך:

— איך בין פאַרוואונדעט, אַ פרעמדער מאַן . . .

עטל האָט אים איבערגעשלאָגן:

— הער אויף צו פּלאַפּלען! פאַל אַנידער און ליג אַביסעלע באַוואוסטלאָז . . .

— איך זאָג נאָך אַליין, אַז ווען איך עס אָפּ פריער וועטשערע וואָלט איך געווען אַ בעסערער פּאַציענט . . .

עטל איז געוואָרן היסטעריש. זי האָט כמעט אויסגעוויינט אירע ווערטער:

— אים גיב נאָר עסן! ביי אים האָט זיך גאָר נישט געענדערט. עס איז מלחמה־צייט און ס׳פאַדערט זיך דיסציפּלין, דו הערסט? אויב דו ווילסט ווידער פראָווען דיינע פריערדיקע שטיק, גיי איך שוין אוועק פון הויז. אַז דו לאַכסט אויס מיין אַרבעט, האָב איך פאַר דיר נישט קיין רעספּעקט! ביסט אַן . . .

דאָס קיך־גלעקל האָט זיך פּלוצים צעקלונגען. עס האָט זיך באַלד אַריינגעשטעלט אַ הויכער יונגערמאַן פון אַ יאָר פינף־און־דרייסיק. מיט אַ פּאָר וואַרעמע אויגן און זינגענדיק קול. ער איז געווען אייביס אַ חבר. געקומען איז ער אים, אייבין, אַריינבציען אין ציווילער אַרבעט. ער האָט אין אַ לאַכנדיקן טאָן געווענדט זיך צו אים:

— נו, אייבי, האָסט שוין אויסגעפונען אַז עס איז מלחמה?

— ער האָט אינזינען די וועטשערע, — האָט אים די פרוי צוגעקלאָגט.

— ווי אַזוי גייט עפּעס ביי אייך די אַרבעט? — האָט ער זיך נאָכגעפרעגט ביי עטלען, — קענט איר שוין פאַרבאַנדאַזשירן אַ פאַרוואונדעטן?

עטלס אויגן האָבן אויפגעלויכטן. זי איז געווען זייער צופרידן, וואָס ער האָט איר די פראַגע געשטעלט. זי האָט זיך געטראַכט, אַז איצט וועט זי זיך אָפּרעכענען מיט איר מאַן. זי איז צוגעקומען גאַנץ נאָענט צום גאַסט און אים געבעטן ער זאָל ווערן איר פּאַציענט.

דער יונגערמאַן האָט מיט אַ מין פרייד אין זיין קול אויסגערופן:

— עטל, איר דאַרפט זיך ביי מיר נישט בעטן. עס איז מיין פאַט־

ריאַטישע פליכט. אַט ליג איך שוין אַ פאַרוואונדעטער . . .

עטל האָט מיט גרויס נצחון געקוקט אויף איר מאַן, וועלכער איז גע־בליבן שטיין אַ צעטומלטער. זי האָט צו אים גערעדט שטרענג:

— גיי אַריין אין קיך, אייבי, נעם דיר דאָרט דערוויילע עסן . . . דו דאַרפסט מיר נישט קוקן אין די הענט אַריין. דיין וועטשערע וועט קאַלט ווערן . . .

אייבי האָט זיך אָן חשק געלאָזט גיין אין קיך אַריין. ער האָט אָבער הינטערוויילעכס פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק אויף צוריק. ער האָט זיך געטראַכט: זע נאָר וואָס ער האָט אָנגעאַרבעט! דער פריינט האָט נישט באַדאַרפט זיך אַריינצומישן צווישן אים און עטלען. ער וועט עס אים זאָגן . . . און אפשר וועט עטל אים הייסן קומען יעדן פאַרנאַכט? אַ מבין ווי זיין עטל פאַרעט זיך אַרום אַ פרעמדן מאַן? איין באַנדאַזש איז איר ווייניק . . . זי רייצט זיך מיט אים. ער וואָלט גלייך איצט באַדאַרפט אַ פּראַל טאָן מיט דער טיר און נישט קומען מער צוריק . . . זאָל זי וויסן! ער האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַליין איבערצושפּאַרן: ניין, אַזאַ נאַר וועט ער נישט זיין! ער וועט נישט איבערלאָזן זיין חנעוודי־קע עטלען מיט אַ דעם „דזשענטלמאַן", פאַר קיין פאַל נישט! ער האָט אַ בעסערן איינפאַל . . .

אייבי, אַ טויט־ערנסטער, האָט אָנגעהויבן צו הינקען אויף אַ פוס. ער איז באַלד אַוועקגעפאַלן לעבן דעם גאַסט מיט דעם שוין פאַרשטייפטן קאָפּ און רעכטע האַנט. אייבי האָט געקרעכצט:

— העלפט! העלפט!

עטל האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון אייביס האַנדלונג. פונדעסט־וועגן איז איר איינגעפאַלן זיך מיט אים נאָך אַביסל אַ רייץ טאָן. זי האָט קאָקעטיש אויסגעזונגען: — אַט וועל איך רופן אַ צווייטע נוירס...

אויף מאָרגן האָט שוין אייבי געוואוסט, אַז ער איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, איז ער צום אַלעם ערשטן אַ פאַרוואונדעטער. נאָכדעם ווי ער באַקומט די נויטיקע באַהאַנדלונג פון זיין פרוי, דער נוירס, וועט ער גיין עסן — נישט פריער . . .

אייבין האָט זיך דאָך פאַרוואָלט אַ שפּאַס טאָן מיט זיין עטלען: זאָל זי עס מאַכן אַביסל גיכער, ער איז הונגעריק. האָט זי זיך צעבייי־זערט: אַ פאַרוואונדעטער וויל נישט עסן . . . און אַז אייבי האָט זי גאָר אינמיטן דערינען געוואָלט אַרומנעמען, האָט זי געטופּעט מיט די פיס, אַז זי איז איצט נישט זיין פרוי: אויב ער וועט זיך באַציען נישט ערנסט, וועט זי באַלד רופן זיין פריינט. איז שוין דערנאָך אייבי גע־לעגן שטיל ווי אַן אמתער פאַרוואונדעטער . . .

# מיטן פּנים צום שונא . . .

אין אויפֿנאַמס־צימער ביי די יאַפּעס, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען קרובים און שכנים צו הערן אַ גרוס פֿון בונין, דעם יידישן אָפֿיצער, וועלכער געפֿינט זיך שוין אויף יענער זייט ים, און די גאַנצע גאַס באַטראַכט אים ווי אַ גוטער שליח פֿון אַלעמען.

מרס. יאַפּע, בעת זי האָט די מענטשן געהאַט אַרומגענומען מיט איר ערשטן בליק, האָט צו זיך פֿילאָזאָפֿירט: די מלחמה האָט עס אַריינגעבראַכט אַזאַ ענדערונג ביי אַלעמען, אַז באַלד איז שוין נישטאָ קיין אייגענע אינטערעסן! אַז אַלץ וואָס איר איז נוגע, גייט עס איצט אַלעמען אָן . . . זי האָט נאָר אַ פּיפּס געטאָן אַז זי האָט דערהאַלטן אַ בריוו פֿון איר זון בוני, זיינען זיך מענטשן מיט אַזויפֿיל נייגער צוזאַמענגעקומען!

אין אירע אויערן האָבן נאָך ווי געהאַנגען די רייד פֿון איר מאַן בעת ער האָט פֿאַר איר דעם בריוו געלייענט און אַלץ פֿאַרטייטשט. גלייך ער וואָלט נאָרוואָס צו איר גערעדט: שרה, ווען יידישע העלדן ברענגען אום נאַציס מיט אייגענע הענט איז גלייך ווי מיר אַליין וואָלטן עס געטאָן. אָט דער נקמה־געפֿיל דאַרף פֿאַרנעמען דעם אָרט פֿון אומעטיקע געדאַנקען. מען זעט דאָך די ישועה פֿאַר געפּענטעטע ברידער אין די באַצוואונגענע לענדער, וועלכער קומען אום אָן אַ „שמע־ישראל" אַפֿילו . . . אַז יידישע הענט לייגן אַוועק אַ נאַצי דאַרף יעדן יידן הנאה טאָן . . . ווי באַלד אַזוי איז קלאָר פֿאַר מיר וואָס די מענטשן זיינען אַהער געקומען: זע נאָר ווי די שכנטעס האָבן אַוועקגעלייגט די קיילעכער וואָל און אויפֿגעהערט צו שטריקן! ווי שטיל אַלע זיינען געוואָרן!

אויבנאָן, ווי אויף אַ בינע, איז געשטאַנען אסתר בוניס כלה־מיידל שוין אַן אויסגעהוסטע און געלייענט דעם בריוו פֿון איר חתן מיט וועמען זי האָט זיך שטאַרק געגרויסט וואָס ער איז שוין אַן אָפֿיצער. אירע באַקן האָבן בשעת מעשה געפֿלאַמט. זי האָט צייטנווייז באַגעגנט זיך מיט די בליקן פֿון מרס. יאַפּע און פֿול מיט חן צו איר געוואונקען: די מאַמע מעג זיך אויך איבערנעמען מיט אַזאַ זון — וועמענס געשריבן וואָרט איז ביי אַלעמען אַזוי אָנגעלייגט . . .

מר. יאַפּע איז געשטאַנען ביי אסתרס רעכטע האַנט, אויך אַריינגעקוקט אין בייגעלע פּאַפּיר, ווי ער וואָלט געוועזן אויף דער וואַך אַז

אסתר זאָל קיין איינציקע שורה נישט איבערהיפּן. ער האָט ביי זיך גע־האַט באַשלאָסן אַז דער בריוו דאַרף אַריין אין דער געשיכטע . . .

בוני האָט צום ערשטן דערציילט וועגן די מענטשן דאָ אין דעם ווייטן לאַנד, ווי זיי טוליען זיך צו זיינע סאָלדאַטן ווי צו אמתע אָנגעלייגטע געסט, אויף וועלכע מ'האָט שוין לאַנג אַרויסגעקוקט. יונג און אַלט זיינען גרייט צו העלפן, ווי ליב עס איז זיי דאָס ביסל פרייהייט וואָס מען האָט זיי דערוויילֿ צוגעטיילט. בוני האָט זיך שוין באַגעגנט מיט יידן וועלכע זיינען געווען פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג. זיי האָבן צוזאָמען מיט אים געלאַכט מיטן גאַנצן האַרצן ווען ער האָט פאַר זיי דערציילט וועגן זיין פאָטער, וועלכער האָט אין דער פאַריקער מלחמה געדינט, געפירט דייטשע געפאַנגענע און ער האָט זיי צוגעשטעלט פון אַלעם גוטן, און ווען ער, בוני האָט באַדאַרפט גיין איצט מלחמה האַלטן, האָט דער טאַטע צו זיין אָפּשייד־אָוונט אַזוי געזאָגט: „ווען אים קומט איצט אויס צו פירן דייטשישע געפאַנגענע, וואָלט ער זיי איינגעגעבן סם". די באַפרייטע יידן דאָ אין דעם ווייטן לאַנד האָבן דערפון שטאַרק הנאה געהאַט. ער, בוני, האָט געקוקט אין די שוואַרצע ווינקלען פון זייערע מאַטע אויגן. דאָס איז פון טרערן, האָט ער צו זיך געטראַכט. איינער פון דער עדה יידן האָט אים טאַקע געזאָגט, אַז אויף אַ יידיש פּנים האָט זיך קיין שמייכל נישט באַוויזן שוין פאַר אַ לאַנגער צייט . . . און איצט, אַז די יידן האָבן זיך פאַרגונען צו לאַכן, האָט עס בונין אַזוי פיל אימפּעט געגעבן, אַז ער האָט דערפילט זיך ווי ער וואָלט געווען פון בר־כוכבאס חיל. ער וואָלט איצט אַ גאַנצע נאַצישע דיוויזיע אַליין פאַרניכטעט. אָט דער יידישער געלעכטער פון די באַפרייטע יידן הערט נישט אויף צו קלינגען אין זיינע אויערן ווי אַן אַלוועלטלעכער פרייהייט־גלאָק . . .

מר. יאָפע, וועלכער האָט שוין מער ווי איינמאָל געלייענט דעם טייל פון בריוו, איז געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער. ער האָט זיך איצט דאָ מער נישט געפונען, נאָר דאָרט, אין יענעם לאַנד, וואו בוני איז איצט — צווישן אַ צאָל יידן אין דער סינאַגאָגע. דער ארון־קודש איז צעפראַלט און אַלע בעטן ביי גאָט פאַרן געזונט פון אַלע העלדן — אויף אַלע שלאַכטפעלדער . . .

אסתר האָט שוין בעת מעשה געלייענט וועגן בוניס צוזאַמענשטויס מיט אַ נאַצי ערגעץ אויף אַ לופט־פעלד, ער האָט געשפּאַצירט מיט אַן ענגלישן לופט־פליער, און נישט ווייט פון זיי, צווישן דערנער, איז געלעגן איינגעוויקלט אין אַ פאַראַשוט, אַ נאַצי פּילאָט, אַ לוטענאַנט. ער האָט געקרעכצט. עס האָט אויסגעזען אַז ביי אים איז אַ מינוט פאַרן

טוים.ביידע זיינען זיי צוגעקומען גאַנץ נאָענט. געדאַכט האָט זיך, אַז ער האָט זייערע טריט נישט געהערט, אָבער מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט ער געמאָנט אַ סיגאַרעט. בוני האָט זיך אָפּגעזאָגט: ניין, ער וועט בשום אופן נישט צוטיילן קיין ברעקל פאַרגעניגן צו אַ נאַצי אַפילו ווען ער האַלט שוין ביי גסיסה . .

דער ענגלישער לופט־פליער האָט צעעפנט זיין פאַרט־טאַבאַק און אים צוגעוואָרפן אַ סיגאַרעט:

— קום אַוועק, וועט ער גיכער אויסגיין, — האָט דער לופט־פליער געגומען בונין אונטערן אָרעם. בוני האָט אים פּרובירט צוריקהאַלטן: פאַרוואָס זאָלן זיי נישט שטיין איבער אים און צוזען ווי ער גייט אויף אַן אמת אויס? יענער האָט אים איבערגעשפּאַרט:

— עס לוינט זיך נישט צו פטרן צייט אויף אַ נאַצי, וואָס איז מער נישט שעדלעך . . .

— אפשר יאָ? — האָט זיך בוני געדונגען. דער שונא איז כיטרע — ער איז אַ שלאַנג . . .

דער ענגלישער לופט־פליער האָט זיך זייער שטאַרק צעלאַכט, און באַלד האָט ער בונין געשטראָפט . . .

— מיר זיינען מיליטערישע מענטשן און מיר דאַרפן איצט דער־שטיקן אין זיך אַ יעדן נקמה־געפיל . . . טאָמער וועט ער אַפילו צו זיך קומען — איז וואָס?

בוני האָט געפילט אים ווי צו זאָגן, אַז מ'דאַרף אָפּנים זיין אַ ייד צו האַסן ווי געהעריק אַ נאַצי, נישט צו גלויבן אים ביז ער איז אויף אַן אמתן טויט . . .

ביידע זיינען געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ קורץ שטיקל וועג בלויז. דער ענגלישער לופט־פליער האָט גערעדט וועגן פערזענלעכן לעבן, וועגן אור־לויב, און אַז ער האָט געזען ווי פאַרטראַכט און באַזאָרגט בוני איז, האָט ער זיך נאָכאַמאָל שטאַרק צעלאַכט. פּונקט דאַן, האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ שיסעריי פון הינטער זיי און נאָך איידער בוני האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זען ווער עס שיסט, איז שוין דער ענגלישער פליער גע־לעגן אַ פאַרוואונדעטער. דער נאַצישער פּילאָט האָט זיך אויסגעטשוכעט און חשק געהאַט זיי ביידע אומצוברענגען. בוני האָט זיך מיט אים באַ־געגנט פנים אל פנים און דעם מאָל האָט ער זיכער געמאַכט אַז דער נאַ־צישער פּילאָט זאָל מער נישט אויפשטיין . . .

די צוהערער האָבן שטאַרק אַפּלאָדירט. אויף זייערע פּנימער האָט זיך געהאַט צעגאָסן אַ פרייד.

— בראַוואָ בוני! — דער געפּיל איז געווען, ווי אַלע וואָלטן זיך באַטייליקט...

— און וואָס איז געוואָרן מיט דעם ענגלישן לופט־פּליער, — האָט איין שכנה מיט זאָרג אין איר קול געפרעגט.

אסתר האָט פאַרענטפערט:

— ווען בוני איז געקומען אין שפּיטאָל אַריין באַזוכן דעם פאַרוואונדעטן ענגלישן קאַמעראַד, איז ער שוין געזעסן אויפן בעט און גערעדט צו אַנדערע פאַרוואונדעטע: אַז זיי וועלן זען אַ גוססדיקן נאַצי, זאָלן זיי שטיין מיט די פּיסטוילן איבער אים און וואַרטן ביז ער וועט אויסגיין, אָדער גאָר מיט אַ פּוס אין קאָפּ אַריין...

דערנאָך האָט בוני געהאַט באַשריבן וועגן אַ צאָל געפאַנגענע נאַציס, צו וועלכע ער איז באַשטימט געוואָרן צו ריידן. געפילט האָט ער ביי זיך אין האַרצן אַז בלויז זיין פּיסטויל האָט פאַר זיי די געהעריקע רייד, אָבער מען איז געבונדן מיט אַרמיי־רעגולאַציעס, מוז ער זיי נאָכקומען. ער האָט זיך געווענדט צו זייערן אָן אָפיצער, אים אינפאָרמירט אַז פון אַלע ביכער וועלכע זיינען ביי זיי אין דזשאָנגל־לאַנד פאַרברענט געוואָרן קאָן ער אים ווייזן קאָפּיעס וויפיל ער וויל אַליין.

און דערפאַר וואָס זיי שטאַמען פון דער „הויכער ראַסע" האָט דער קאַפּיטאָן פאַר אים מיט זיינע אייגענע באַשטימט „אַ צוגעפּאַסטע" אַר־בעט... מ׳האָט אַביסל געקאַרטשעט מיט די נעזער און עס איז גוט געוואָרן צו שטיין און צו זען ווי אַזוי מ׳האָט זיך איבערגעקוקט, און ווי גיך זיי האָבן מאַרשירט ווי אין זייער אָנהייב בליץ־קריג... ווען ער, אַ יידישער אָפיצער, האָט זיי באַפוילן צו שפּאַנען...

אסתר האָט שוין מער נישט געלייענט, נאָר גלאָט אַזוי געשפּיגלט זיך אין די בייגעלעך פּאַפּיר: איר חתנס האַנטשריפט! ווי שיין ער האָט אַלץ אויסגעשטעלט! זי זעט אים מאַרשירן... זי הערט זיין קול.

די פאַרזאַמלטע וועלכע זיינען די גאַנצע צייט געזעסן שטיל, מיט ערנסטע פּנימער און אָנגעשטרענגטע אויערן, האָבן זיך אָנגעהויבן דורכ־צושמועסן צווישן זיך:

— יידישע קעפּלעך...

— ווען בוני איז אַ גענעראַל.

די נאָענטע שכנה, אַ טיר לעבן אַ טיר, מרס. ראַסקין, האָט וואַרעם געדריקט אסתרס האַנט, ווי זי וואָלט אַלעמען פאַרטראָטן:

— איר האָט אונדז אַלע צוגעטיילט פאַרגעניגן...

מר. יאַפּע האָט דערזען ווי די פרוי זיינע האָט אַריינגעטאָן אירע

## אין גרויע טאג

בליקן אין זונס גרויסן פּאָרטרעט, האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן הויך אויפן קול:

— מענטשן, עס זעט אויס אַז דער שלום קומט באַלד און וועט ברענגען מיט זיך דעם חתן בוני צו זיין כלה . . .

— געוויס, — האָבן זיך דערהערט געפּלאַטשטענע שטימען פון מע־נער און פרויען, וועלכע האָבן די אָנצוהערעניש פאַרשטאַנען.

— פאַרגעסט אונדז נישט צו בעטן, — האָט אַ קרובה געזאָגט, און דער מאַן האָט אויף איר אַ בייזן קוק געטאָן און כמעט אויסגעשריען, — מיר וועלן קומען אומגעבעטן!

און ווען דער עולם האָט זיך געלאָזט גיין, יעדער האָט ביים טיר איבערגעלאָזט אַ גוטן וואונטש, איז מרס. יאַפּע געשטאַנען און ווי גע־זאַמלט די אַלע וואונטשן. זי האָט געטראַכט אַז איר בוני מיט אַלע זין אויפן שלאַכטפעלד דאַרפן האָבן אַ סך ברכות . . .

# אַרום אַן אַפּאַרטמענט הויז

די „טענענטס", וועלכע ריטשאַרד האָט אַרויפגעפירט מיטן עלעוועי־טאָר צו זייערע וואוינונגען, האָבן זיך איבערגעוואונקען וועגן אים. זיי האָבן זיך געחידושט, וואָס דער שמייכלענדיקער פּנים זיינער איז עפּעס אַזוי ברוגזדיק. ער עפנט די טירן, נישט מיט דער געוויינלעכער העפ־לעכקייט ווי אַלעמאָל, נאָר מיט אַ שטורעם . . . אַפילו זיין קול קלינגט אַנדערש. נישטאָ די ווייכקייט וואָס נעכטן און אייערנעכטן. ווי עמי־צער וואָלט אים פאַרביטן. דערצו האָבן גאָר אייניקע דערזען, ווי ער יאָגט זיך מיטן ליידיקן עלעוועיטאָר אַראָפּ און אַרויף אָן אַ זינען. איז עס גאָר געוואָרן אַ רעטעניש פאַר זיי.

קיינער האָט ביי ריטשאַרדן נישט געפרעגט פאַר וואָס און פאַר ווען. און ער איז געווען צופרידן. ווייל דעם אמת וואָלט ער סיי־ווי־סיי זיי נישט דערציילט . . . איז בעסער וואָס מ׳האָט אים געלאָזט צורו.

דער כעס האָט אָבער ביי אים לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. און אַז ער איז צוריק צו זיך געקומען, האָט ער פון זיך אַליין געחוזקט: נעבער וואָס דו ביזט, וואָס האָסטו געהאַט צו דעם יידישן קצב? וואָס׳אַראַ שלעכטס האָט ער דיר געטאָן? ביזט אַ מבין ווי ער האָט יענעם אַ כאָפּ געטאָן ביי די אַקסלען און איינס־צוויי אַרויסגעשטעלט אים אין דרויסן אונטער דעם רעגנדיקן הימל? . . .

ריטשאַרד האָט זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן פאַר זיך אַליין: גאָט איז זיין עדות, אַז ער איז נישט שולדיק! ער האָט גאָרנישט צו דעם היימין, וואָס ברענגט אַהער פליישׁ שוין פאַר די לעצטע צען יאָר, ווען דאָס הויז האָט נאָך געהערט צו מר. פאַרקערן, דעם פריערדיקן לענד־לאָרד, וואָס האָט דאָס הויז איבערגעלאָזט . . . פון דעם ערשטן טאָג אָן האָט ער, ריטשאַרד, דעם קצב ליב באַקומען ווי זיינעם אַן אייגענעם ברור־דער. היימי האָט אים כמעט אַלע טאָג דערציילט אַ געשמאַקן וויץ און ער, ריטשאַרד, האָט אַזוי האַרציק געלאַכט, אַז קוקנדיק אויף אים האָבן זייטיקע מענטשן מיטגעלאַכט. היימי האָט אים איינמאָל געזאָגט, אַז זיי ביידע האָבן איין ירושה. ער, זיין שטענדיק וויצלען זיך, און ריטשאַרד, זיין ברייטן געלעכטער. די שונאים קאָנען דאָס ביי זיי קיינמאָל נישט צונעמען . . .

ריטשאַרד האָט געטראַכט: דאָס איז ריכטיק געזאָגט, אַזוי ווי ס׳וואָלט געווען געשריבן אין דער ביבל . . . ווען אים איז אויפֿן האַרצן גאָר נישט געווען אויפֿגעלייגט, — ערשט געהאַט איבערגעלייענט אַ בריוו פֿון זיינע עלטערן אין דער סאַוט, וואָס זיי שטייען זיך דאָרט אויס, — איז היימי געקומען און ווי מיט דער האַנט אָפּגעווישט זיין שלעכטע שטימונג. און אויב ער האָט אים היינט אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער „לאָ־בי״, איז עס געווען צוליב היימיס אייגענע קאַפּריזן, וועלכע קאָנען אים, ריטשאַרדן, מאַכן צו פֿאַרלירן דעם דזשאָב: פֿאַרוואָס זאָל אָט דער קלו־גער היימי נישט וועלן פֿאַרשטיין, אַז דאָס הויז שטייט איין ביי אַ באַנק אין די „הענט״ ערגעץ ווייט, ווייט פֿון דאַנען! דער באַלעבאָס זיינער איז אַ ווייס־פּרעזידענט, וואָס וויל אפשר ווערן דער פּרעזידענט אַליין. געקומען צוגיין צו דער אַלטער הויז, וואָס מ׳האָט אַוועקגענומען ביי מר. פֿאַרקערן, צוגעפּוצט דאָ, צוגעפּוצט דאָרט, אַז מיט דער צייט זאָלן דאָ וואוינען בלויז פֿאַרמעגלעכע מענטשן. אים האָט מען אָנגעטאָן אַ נייע אוניפֿאָרם, אויסגעשריבן נייע רעגולאַציעס. און אָט דער וויסער דזשענטלמאַן האָט צו אים אַזוי געזאָגט:

— ריטשאַרד, דאָ האָסטו דיין „ביבל״. היט זי אָפּ אויב דו ווילסט אָנהאַלטן דיין דזשאָב . . . זיי העפֿלעך, אָבער נישט צו היימיש . . .

אים האָט גענוג געשראָקן צו האָבן אַ באַנק פֿאַר זיין באַלעבאָס. ער האָט נאָר געטראַכט, אַז יעדע וואָך וועט ער דאַרפֿן אָנקומען אַהין נאָך זיינע שכירות און מ׳וועט אים שיקן פֿון פֿענצטערל צו פֿענצטערל. צי מען וועט אים גאָר אָפּזאָגן פֿון זיין שטעלע. און אַז ס׳האָט זיך אויסגע־דרייט צום גוטן, האָט היימי אים נישט באַדאַרפֿט הייסן ברעכן די רע־גולאַציעס. ער האָט אים געבעטן גיין מיט די פּעקלעך פֿלייש דורכן קעלער איינמאָל און צוויי מאָל און היימי האָט זיך אַלץ נישט געמאַכט ווי סנדיק, ביז וואַנען דאָס געדולד האָט געפּלאַצט . . .

אין ריטשאַרדס אויערן האָבן נאָך אַלץ געקלונגען היימיס ווערטער: „אַלע יאָרן בין איך געגאַנגען גלייך מיט אַלע מענטשן, און איצט האָט מען דיר אָנגעטאָן אַ בלויע אוניפֿאָרם, דערקענסטו מיך שוין ניט! איך לויף זיך אַזוי אויך גוט אָן אויף מיינע פֿיס, זאָל איך נאָך דאַרפֿן קריכן דורכן קעלער? נישקשה, צוליב אַ פּריינט מעג מען פֿאַרקוקן . . . גאָט האָט די רעגולאַציעס נישט געמאַכט . . .״

האָבן זיך ביי ריטשאַרדן געשטעלט טרערן אין די אויגן פֿון היימיס רייד. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און אים אַרויפֿגעפֿירט מיטן עלעוועיטאָר.

אויף מאָרגן — ווידעראַמאָל די זעלביקע טענות. ריטשאַרד האָט אויף גיך פאַרהאַקט די טיר און בגנבה אַריינגעלאָזן היימין דורכן פּאַראַדנעם אַריינגאַנג.

פּלוצים רופט מען אים אין אָפיס אַריין:

— ריטשאַרד, אויב דו וועסט פאַרלירן דעם רעספּעקט צום הויז, וועסטו דאָ מער נישט קאָנען אַרבעטן. פּעקלעך מוזן געבראַכט ווערן דורכן קעלער! מ'האָט דיר אָנגעזאָגט זיך נישט צו חברן מיט קיינעם...

— יעס, סער! — האָט ריטשאַרד גערעדט מיט אַביסל פאַרלוירנקייט אין זיין טאָן. ער האָט געוואוסט, אַז מער טאָר ער נישט לאָזן זיין האַרץ „ווייך" ווערן.

און אָט שטייט פאַר זיינע אויגן היימי מיט זיין קויש פלייש. ריטשאַרד רירט זיך נישט פונעם אָרט. היימי מוסרט אים, פאַרוואָס ער פירט אים נישט אַרויף צו זיינע קונדן. און אַז ריטשאַרד שווייגט אַלץ, דערציילט אים היימי אַ גוטן וויץ. און באַלד נאָך איינעם. ריטשאַרד האָט געפילט, אַז זיינע געדערים וועלן ביי אים פּלאַצן אויב ער וועט ניט אַרויסשיסן אַ געלעכטער. אָבער ער האָט אַ טופע געטאָן מיטן פוס אויפן דיל און געזאָגט צו זיך: „נעגער, וועסט נישט לאַכן! באַפעל אים אַרויסגיין פונעם עלעוועיטאָר! אַ דזשאָב איז דער בעסטער פריינט"...

היימי האָט זיך געפונען באַליידיקט. אַז ער איז שוין דאָ, טאָ זאָל ריטשאַרד אים אַרויפפירן:

— קוק אים נאָר אָן, ווי גרויס ער האָלט זיך עס! ס'שטייט אים שוין נישט אָן צו מיר אַ וואָרט אַרויסצורעדן. נו, פיר מיך דאָס מאָל אַרויף, און דערנאָך האַלט זיך דיר מיט דיינע רעגולאַציעס! וועסט מיך נישט ווען זען, איז נישט!

ביי ריטשאַרדן האָבן די ליפּן אָנגעהויבן ציטערן. אין זיין מוח האָבן בייזע געדאַנקען געשריען: וואַרף אים אַרויס! מאָרגן וועט ער ווידער קומען דיך איבעררעדן! צי וועט ער דיר געבן אַן אַנדער דזשאָב? און אַז דיינע שוואַרצע ברידער אין דער סאַוט האָבן אַ באַזונדערן אַריינגאַנג אומעטום! זאָל אַ ווייסער אויך אַמאָל דערפילן דעם טעם . . .

היימי איז געווען זיכער ביי זיך, אַז מיט אים וועט קיין אויסערגעוויינלעכעס דאָ נישט פּאַסירן, האָט ער זיך נאָך אַלץ אַרומגעשפּאַסט. אָבער ריטשאַרד איז שוין געווען איבערגעפילט מיט צאָרן. ער האָט שוין מער נישט געקאָנט שווייגן. און פּלוצים האָט ער זיך צעשריען הויך אויפן קול:

— אויב דו גייסט נישט אַרויס מיט גוטן, וועל איך דיך אַרויס־

טראָגן פון דאַנען !

— דו ווייסט עס נישט טאָן. עס איז נישט אין דיין טבע . . . כעס איז אַ טייוול. טרייב אים אָפּ פון זיך . . .

ריטשאַרד האָט שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט שוין פאַר זיך דערזען אַ שונא זיינעם.

„ער וויל איך זאָל פאַרלירן מיין שטעלע”, איז ביי ריטשאַרדן דורכ־געלאָפן אין קאָפּ און אים נאָך בייזער געמאַכט. ער האָט אַ כאַפּ גע־טאָן היימין פאַר די אַקסלען און אים אַרויסגעשטעלט פונעם עלעוועיטאָר אַ צעטומלטן.

היימי איז געבליבן שטיין אין דרויסן, אונטערן כמורנעם הימל, אַ פאַרשעמטער. דאָס פּנים אויסגעבלייכט. ער האָט אויסגעשפּרייט די הענט זיינע, ווי ער וואָלט ביי ריטשאַרדן געפרעגט : פאַרוואָס קומט עס אים ? פאַר די גוטע עצות ? וואו איז יושר ?

ריטשאַרד האָט זיך גיך־גיך אויפגעהויבן מיטן עלעוועיטאָר, אָפּגע־שטעלט זיך ביים לעצטן שטאָק און געפילט ווי זיך אויסוויינען דאָס האַרץ זיינס, אַז קיינער זאָל נישט זען. ער האָט געטראַכט, אַז מאָרגן וועט דער וואוילער מענטש, היימי, אויף אים שוין מער נישט ווילן קוקן. יענער האָט אים אַזוי פיל פריילעכע מינוטן פאַרשאַפט, וועט ער דאַרפן קלעטערן טאָג איין, טאָג אויס דורכן קעלער . . . ער וואָלט געקאָנט שווערן, אַז בעת זיין וויסטער צאָרן איז אים באַפאַלן, ווען ער האָט היי־מין אַרויסגעשטעלט אויפן גאַס, איז ערגעץ ביי אַ פענצטערל געזעסן דער וויס־פּרעזידענט און געלאַכט. ער האָט הנאה געהאַט, וואָס ער, רי־טשאַרד, האָט אַזאַ גוטן פריינט פאַרלאָרן . . .

אָט דערפאַר האָט ריטשאַרד געהאַלטן זיין פּנים פאַרבאָרגן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע איינוואוינער דאָ אין הויז ווייסן וואָס ער האָט היינטיקן פרימאָרגן אָפּגעטאָן. „זאָל אים גאָט געבן מוט צו באַגעגענען זיך מיט היימין”, האָט ער געטראַכט, און דערפילט אַ דערלייכטערונג...

# שלום־וואָרט

עטלעכע שורות וועגן די מענטשן וועלכע האָבן מעגלעך געמאַכט אַז דער בוך זאָל דערשיינען:

פונקט אַזוי וואַרעם ווי זיי האָבן זיך אָפּגערופן אויף מיין ערשטן בוך „פשוטע מענטשן", געשאַפן הונדערטער אַבאָנענטן, אַזוי אויך איצט.

איך בין צופרידן וואָס אַרבעטער און פערזענלעכע פריינט זיינען די אַרויסגעבער פון מיינע שריפטן.

פאַר זייער ליבשאַפט פאַר אַן ערנסט יידיש געדרוקטן וואָרט האָבן זיי זיך פאַרדינט אַז זייערע נעמען זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן.

זיי זיינען:

פיליפּ קריסטאַל, אוירווינג ביזאנאווסקי, דוד ראָזין, בעני שערמאַן, איציק ראָזענבלאַט, אָסקאַר לאַנדיס, דזשעק האָלץ, לואי ווייס, נייטן שניידער, אב. ווייס, רובין גראַסמאַן, מאָטל געלער, משה דוואָרקין, היימי קאָרעץ, אַב. זאַלעווסקי, סעם שטראַם, פיליפּ גרינבערג, חיים סטעמפּער, חנא גליקסמאַן, סעם פישגאָלד, שמשון מאַלאַמוד, הערי שוואַרץ, טשאַרלי פּאַקס, ווילי ראָזענבלאַט, אהרן קופּער, דזשעק סאָבעלמאַן, ה. קאָרענבלאַט, פיליפּ מעסניק, ראָזי עפרון (קופּער), משה צווייבאַן, פּ. גודמאַן, מעקס גרין, וו. אַלטושער, הערשל ראָזין, יאָסל טשערנאָווער, מ. פרידמאַן, מ. קויפמאַן, מענדל סילווערמאַן, בעני שערמאַן, מאַקס נאַפּיאַרסטיק דזשעק ריינסטיין, טש. אַפּעלבוים, סאול רויטמאַן, נייטן גורלאַק, ב. קאַטלער, אב. שניידערמאַן, ד. אָרענשטיין, מ. ווינער, ג. לאַנדמאַן (שיקאַגע), דוד גאנדלמאן (פּיטסבורג), זלמן צווייבאן (העמאנד, אינדיאַנאַ), יאָסל און שרה לעדער ((לאָס־אַנדזשעלעס).